שלום עליכם

# טביה
# דער מילכיקער



ארויסגעגעבן דורכן חינוך דעפּאַרטמענט ביי דער אשכנזישער קהלה
„נדחי ישראל" אין מעקסיקע — 1958.

# אינהאַלט:

# קְטָנֹתִי

א בריוול פון טֵבִיֶה דעם מילכיקן צום מְחַבֵּר.

געשריבן אין יאָר 1895.

# קְטֹנְתִּי

## (אַ בריוול פון טֵבִיָה דעם מילכיקן צום מְחַבֵּר)

לְכָבוֹד צו מײַן געליבטן טײַערן פרײַנט רֶב שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, גאָט זאָל אײַך געבן געזונט און פַּרנָסָה מיט אײַער ווײַב און קינדער, איר זאָלט האָבן גרוים נַחַת ווו איר וועט זיך קערן און ווענדן, אָמֵן סֶלָה!

קְטֹנְתִּי! — באַדאַרף איך אײַך זאָגן מיטן לָשון, וואָס יַעֲקֹב אָבִינוּ האָט געזאָגט אין דער סֶדְרָה „וַיִּשְׁלַח", בְּשַׁעַת ער האָט זיך גע־לאָזט גיין קעגן עֵשָׂו, לְהַבְדִיל... נאָר טאָמער איז דאָס אֶפְשָׁר ניט אַזוי גלײַך, בעט איך אײַך, פּאַני שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, איר זאָלט אַף מיר קיין פאריבל נישט האָבן, איך בין אַ פּראָסטער חַי־וְקַיָם, איר ווייסט אַוַודַאי מער פון מיר — וואָס איז דאָ וואָס צו ריידן? אין אַ דאָרף, משטיינס געזאָגט, מע ווערט פארגרעבט, ווער האָט צײַט ארײַנקוקן אין אַ ספר, צי אָפּלער־נען אַ פַּרשָׁה חוּמָש מיט רַשִׁ"י, צי וואָס? אַ שטיקל גליק, עס קומט דער זומער, פאָרן זיך צונויף די יעהופּעצער נְגִידִים קיין בויבעריק אַף די דאַטשעס, קאָן מען זיך באַגעגענען אַמאָל מיט אַן אײדעלן מענטשן, הערכן אַ גוט וואָרט. איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך דערמאָן מיך אָן יענע טעג, ווען איר זײַט געזעסן לעבן מיר אין וואַלד, אויסגעהערט מײַנע נארישע מַעֲשִׂיוֹת, איז באַ מיר גלײַך, ווי איך זאָל פאַרדינען מִי יוֹדֵעַ וויפל! איך ווייס ניט מיט וואָס איך האָב באַ אײַך אַזוי נוֹשֵׂא חֵן געווען, איר זאָלט זיך אָפּגעבן מיט אַזאַ קליין מענטשל, ווי איך, מיר שרײַבן בריוולעך גאָר. און לאָ־פָּלְשֶׁבֵּן ארויסשטעלן מײַן נאָמען אין אַ בוך, מאַכן פון מיר אַ גאַנצן שָׁלשׁ־סְעוּדוֹת, גלײַך ווי איך וואָלט דאָ געווען מִי יוֹדֵעַ ווער, — מעג איך דאָך אוודאי זאָגן: קְטֹנְתִּי!...

אֶמֶת, איך בין אײַך טאַקע אַ גוטער פרײַנט, לאָז מיר גאָט העלפן אַ הונ־דערט־חֵלֶק, וואָס איך ווינטש אײַך! איר האָט, דאַכט זיך, גוט געזען, וויאַזוי איך האָב אײַך געדינט נאָך אין די גוטע יאָרן, בשעת איר זײַט נאָך געזעסן אַף דער גרויסער דאַטשע, — געדענקט איר? — האָב איך

אײַך געקויפט אַ בְּהֵמָה פאַר אַ פופציקער, איז זי געווען אַ מציאה פון אַ גַנָב פינף און פופציק. אײַ, זי איז אַפן דריטן טאָג געפּגרט? בין איך ניט שולדיק: למאַי די אַנדערע בְּהֵמָה, וואָס איך האָב אײַך געגעבן, איז אויך געפּגרט?... איר ווייסט אַליין גאַנץ גוט, ווי אַזוי דאָס האָט מיך געקרענקט; איך בין דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אַן אַ קאָפּ! איך ווייס? דאַכט זיך, פונעם שענסטן און פונעם בעסטן, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן און אײַך אויך, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, אַפן נײַעם יאָר, עס זאָל זײַן, ווי זאָגט איר, חַדֵּשׁ יָמֵינוּ כְּקֶדֶם... און מיר זאָל גאָט העלפן אין מײַן פַּרְנָסָה, איך זאָל זײַן געזונט מיט מײַן פערדל, לְהַבְדִיל, און מײַנע בְּהֵמוֹת זאָלן זיך מעלקן אַזויפיל, אַז איך זאָל אײַך קאָנען דינען אַף ווײַטער אויך מיט מײַן קעז און פוטער עַל צַד הַיּוֹתֵר טוֹב, אײַך און אַלע יעהופּעצער נגידים, גאָט זאָל געבן הַצְלָחָה און פַּרְנָסָה און אַלדאָס גוטס מיט גרויס נַחַת. און אײַך פאַר אײַער טִרְחָה, וואָס איר זײַט זיך מַטְרִיחַ פון מײַנעטוועגן, און פאַר דעם כָּבוֹד, וואָס איר טוט מיר אָן דורך אײַער ביכל, זאָג איך אײַך נאָכאַמאָל: קָטֹנְתִּי! פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שטרײַמל, אַז אַ וועלט מיט מענטשן זאָלן פּלוצים געוואָרע ווערן, אַז אַף יענער זײַט בויבעריק, ניט ווײַט פון אַנאַטעווקע, געפינט זיך אַ ייִד, וואָס הייסט טֶבְיֶה דער מילכיקער? נאָר מִסְתָּמא ווייסט איר דאָך וואָס איר טוט, קיין שֵׂכֶל באַדאַרף איך אײַך ניט לערנען, און ווי אַזוי צו שרײַבן ווייסט איר שוין אַליין, און ווײַטער מיטן איבעריקן דאַרטן פאַרלאָז איך מיך שוין אַף אײַער איידעלן כאַראַקטער, אַז איר וועט דאַרטן טאָן אין יעהופּעץ פון מײַנעטוועגן אַלצדינג, עס זאָל מיר פונעם ביכל עפּעס אַרויס אַ שטיקל טוֹבָה צו מײַן פַּרְנָסָה. איך באַדאַרף טאַקע, כ׳לעבן, איצטערט נייטיק האָבן: איך רעכן, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, אינגיכן אָנהייבן טראַכטן מְכוֹחַ חֲתוּנָה מאַכן אַ טאָכטער; און אַז גאָט וועט שענקען, ווי זאָגט איר, דאָס לעבן, איז אפשר טאַקע צוויי מיט אַמאָל... דערווײַל זײַט מיר געזונט און האָט אַ גליקלעכן תָּמִיד, ווי עס ווינטשט אײַך פונעם גאַנצן האַרצן פון מיר אײַער בעסטער פרײַנט

טֶבְיֶה.

יאָ, עִיקָר שָׁכַחְתִּי! אַז דאָס ביכל וועט פאַרטיק ווערן, און איר וועט האַלטן בײַ שיקן מיר עפּעס געלט, זאָלט איר מוֹחֵל זײַן שיקן קיין אַנאַטעווקע, אַפן שוֹחֵטס נאָמען. איך האָב דאַרטן צוויי מאָל אין ווינטער

יאָרצײַט: איין מאָל אָסיען־צײַט, פאַר „פּאָקראָווע", און דאָס אַנדערע מאָל אַרום „נאָווענגאָד", — בין איך הייסט עס, דעמאָלט אַ שטאָט־ייִד. און ווײַטער, גלאַט אַזוי ברייוולעך קאָנט איר שיקן צו מיר גלײַך קיין בויבעריק, אַף מײַן נאָמען, בזה הלשון: פּערעדאַט גאָספּאָדינו טעוועליו מאָלאָטשנאָהאָ יעוורייו.

# דאָס גרויסע געווינס

אַ ווונדערלעכע מעשה, וויאַזוי טֶביָה דער מילכיקער, אַ ייִד אַן אָרעמאַן, אַ מטופל מיט קינדער, איז פלוצים מיטאַמאָל באַגליקט געוואָרן דורך אַ משונה־ווילדן פאַל, וואָס איז כדאַי, מע זאָל דאָס באַשרײַבן אין אַ ביכל. — דערציילט פון טֶביֶהן אַליין און איבערגעגעבן וואָרט בײַ וואָרט.

געשריבן אין יאָר 1895.

# דאָס גרויסע געווינס

מְקִימִי מֵעָפָר דָּל,
מֵאַשְׁפּוֹת יָרִים אֶבְיוֹן:
ער שטעלט אויף פון דער ערד דעם אָרעמאַן,
פונעם מיסט הייבט ער אויף דעם אביון.

(תהילים קי״ג, ז).

— אַז ס׳איז באַשערט דאָס גרויסע געווינס, הערט איר, פּאַני שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, קומט דאָס גליַיך אין שטוב אַריַין, ווי זאָגט איר: לַ מְ נַ צֵּ חַ עַ ל הַ גִּ תִּ י ת — אַז סע גייט לויפט עס; ס׳איז גאָר נישטאָ דערביַי קיין שֵׂכל מיט קיין בְּרֶיָהשאַפטן. און טאָמער חָלִילָה פאַרקערט, מעגט איר צעזעצט ווערן ריידנדיק, וועט איַיך העלפן, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי, ווי זאָגט איר: אֵ י ן חָ כְ מָ ה וְ אֵ י ן עֵ צָ ה נֶ גֶ ד אַ ש ל ע כ ט פּ ע ר ד. אַ מענטש האָרעוועט, ווערט אויסגעריסן, כאָטש נעם לייג זיך, שׂוֹנְאֵי ציון, און שטאַרב! פּלוצים, מע ווייס ניט פון וואָס און פון וואַנען — עס פערדלט פון אַלע זיַיטן, ווי אין פָּסוּק שטייט געשריבן: רֶ וַ ח וְ הַ צָּ לָ ה יַ עֲ מ וֹ ד לַ יְ ה וּ דִ י ם; פאַרטיַיטשן באַדאַרף איך איַיך ניט, נאָר דער פְּשַׁט דערפון איז אַזוי, אַז אַ ייִד, כָּל זְמַן שֶׁהַנְּשָׁמָה בְּקִרְבִּי — עס שלאָגט זיך נאָך אַן אָדער, טאָר ער נישט פאַרלירן דעם בִּטָּחוֹן. איך האָב דאָס אַרויסגעזען פון זיך אַליין טאַקע, וויַיאַזוי דער אייבערשטער האָט מיט מיר געפירט, מיט מיַין איצטיקער פַּרְנָסָה: וואָרעם ווי קום איך גאָר פאַרקויפן קעז און פּוטער אין מיטן דרינען, אַז מיַין באָבעס באָבע האָט קיינמאָל נישט געהאַנדלט מיט קיין מילכיקס? ס׳איז בְּנֶאֱמָנוּת כדאַי, איר זאָלט אויסהאָרכן די גאַנצע מַעֲשֶׂה פון אָנהייב ביזן סוֹף. איך וועל מיך צוזעצן אויף אַ וויַילע אָט דאָ לעבן איַיך אויפן גראָז, לאָז זיך דאָס פערדל דערוויַיל עפּעס קיַיען, ווי זאָגט איר: נִ שְׁ מַ ת כָּ ל חַ י — אויך אַ באַשעפעניש בּאַ גאָט.

בְּקִיצּוּר, דאָס איז געווען אַרום שָׁבוּעוֹת־ציַיט, דאָס הייסט, איך זאָל איַיך ניט זאָגן קיין ליגן, אַ וואָך אָדער צוויי פאַר שָׁבוּעוֹת: און אֶפְשֶׁר,

האָ? אַ פּאָר וואָכן נאָך שָׁבוּעוֹת. פֿאַרגעסט נישט, ס'איז שוין, פּאַוואַ־לינקע, איך זאָל אײַך זאָגן אַקוראַט, אַזוי גרויס ווי אַ יאָר מיט אַ מיט־וואָך, דאָס הייסט, פּונקט נײַן יאָר אָדער צען, און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק. איך בין דעמאָלט געווען, ווי איר זעט מיך אַטאָ, גאָר נישט דער, וואָס איצטער, דאָס הייסט, טאַקע דער אייגענער טֶבְיֶה, נאָר פֿאָרט נישט דער, ווי זאָגט איר: די אייגענע יענטע, נאָר אַנדערש גע־שלייערט. דְהַיְינוּ וואָס? איך בין געווען, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, אַ קַבְּצָן אין זיבן פּאָלעס, כאָטש אפילו, אַז מע וויל שמועסן דאָס אייגענע ווידער צוריק, בין איך נאָך איצט אויך גאַנץ ווײַט פֿון אַ נָגִיד. וואָס מיר פֿעלט צו בראָצקין — מעגן מיר זיך דאָס ביידע ווינטשן פֿאַרדינען דעם הײַנ־טיקן זומער ביז נאָך סוּכּוֹת; נאָר ווערדליק אַמאָל, בין איך הײַנט, הייסט דאָס, אַ ייִד אַ נָגִיד, מיט אַ פֿערד־און־וועגעלע אַן אייגנס, מיט, קיין עַיִן־הָרָע, בְּהֵמֶהלעך אַ פּאָר, וואָס מעלקן זיך, מיט נאָך איינע, וואָס האַלט אָט־אָט בײַ אָפּקעלבן זיך. ס'איז דאָ, ניט צו פֿאַרזינדיקן, קעז און פּוטער און סמעטענע פֿרישע אַלע טאָג, אייגענע האַרעוואַניע, וואָרעם מיר אַלע אַרבעטן, קיינער זיצט ניט ליידיק. מײַן ווײַב זאָל לעבן מעלקט די בְּהֵמוֹת, די קינדער טראָגן קריגלעך, שלאָגן פּוטער, און איך אַליין, ווי איר זעט אַטאָ, פֿאָר מיר אַרויס אַלע פֿרימאָרגן אָפֿן מאַרק, גיי דורך אַלע דאַ־טשעס אין בויבעריק, מע זעט זיך מיט דעם, מיט יענעם, אַלע גרעסטע בַעֲלֵי־בָּתִּים פֿון יעהופּעץ, מע רעדט זיך דורך אַביסל מיט אַ מענטשן, פֿילט מען, אַז מען איז אויך עפּעס אַ שטיקל מענטש אויף דער וועלט, ווי זאָגט איר, נישט קיין הינקעדיקער שנײַדער; און ווער שמועסט שַׁבָּת — בין איך דאָך גאָר אַ מֶלֶךְ, קוק אַרײַן אין אַ ייִדישן סֵפֶר, אַ פָּרָשָׁה חוּמָש, אַביסל תַּרְגוּם, תְּהִילִים, פֶּרֶק, דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם — איר קוקט מיך אָן, פּאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, און טראַכט זיך אוודאי בְּשַׁעַת־מַעֲשֶׂה אין האַרצן: „ע, אָט דער טֶביה איז דאָך עפּעס טאַקע גאָר אַ ייִד וואָס קאַטאָרי!"...

בְּקִיצוּר, וואָס־זשע האָב איך אײַך אָנגעהויבן צו דערציילן? יאָ, בין איך, הייסט דאָס, דעמאָלט געווען, מיט גאָטס הילף, אַ ביטערער אָרעמאַן, געשטאָרבן, ניט פֿאַר קיין ייִדן געדאַכט, מיט ווײַב און קינדער דרײַ מאָל אַ טאָג פֿון הונגער, אַ הוץ וועטשערע. געהאָרעוועט האָב איך ווי אַן אייזל, געשלעפּט קלעצער פֿונעם וואַלד צום וואָגזאַל אַ פֿולן וואָגן, עס זאָל אײַך צו קיין חֶרְפָּה ניט זײַן, פֿאַר צוויי גילדן אַ טאָג, און דאָס

— ניט אַלע טאָג, און דערמיט גיי האַלט אויס, קיין עַיִן־הָרָע, אַזאַ שטוב מיט פּיקערס, זאָלן געזונט זײַן, מיט, לְהַבדיל, אַ פערד אויף קעסט, וואָס וויל נישט וויסן וואָס רַשִ״י מאַכט, באַדאַרף קײַען אַלע טאָג, גאָר אָן אַ שום תֵּירוּץ. וואָס טוט גאָט? ער איז דאָך, ווי זאָגט איר, אַ זָן וּמְפַרְנֵס לַכֹּל — פירט דאָס וועלטל קלוג, מיט שֵׂכֶל; זעט ער, ווי איך מוטשע מיך דאָ אַזוי פאַרן שטיקל ברויט, מאַכט ער צו מיר: „דו מיינסט דאָך, טֵבְיָה, אַז ס׳איז שוין אַחֲרֵי כִּכְלוֹת הַכֹּל — עק וועלט, דער הימל איז אויף דיר געפאַלן? פע, ביסט אַ גרויסער נאַר! אָט וועסטו זען, וויאַזוי אַז גאָט וויל נאַר, טוט זיך דאָס מַזָל אויף אַ מינוט אַ דריי נאָ ליעוואָ קרוגאָם און עס ווערט ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך; עס קומט אויס, ווי מיר זאָגן אינעם „וּנְתַנֶּה תּוֹקֶף״: מִי יָרוּם וּמִי יִשָׁפֵל — ווער סע פאָרט און ווער סע גייט צו פוס. דער עיקר איז — בִּטָחוֹן, אַ ייִד באַדאַרף האָפן, נאָר האָפן. אײַ וואָס? טאָמער ווערט מען דערווײַל פאַר־שוואַרצט? דערויף זײַנען מיר דאָך עפּעס שטיקלעך ייִדן אויף דער וועלט, ווי זאָגט איר, אַתָּה בְּחַרְתָּנוּ — ניט אומזיסט איז אונדז די וועלט מְקַנֵּא... אַקעגן וואָס שמועס איך דאָס? איך שמועס עס אַקעגן דעם, וויאַזוי גאָט האָט מיט מיר געפירט, טאַקע נאָר נִסִּים וְנִפְלָאוֹת, איר מעגט דאָס האָרכן.

וַיְהִי הַיּוֹם, איין מאָל פאַרנאַכט פאָר איך מיר אַזוי זומער־לעבן אין וואַלד, שוין צוריק אַהיים, אָן די קלעצער; דער קאָפּ אין דער ערד, אָפּן האַרצן וויסט און פינצטער; דאָס פערדל, נעבעך, קוים וואָס עס פּלאָנ־טעט מיט די פיס, כאַטש האַק, כאַטש בראָק. „קריך, זאָג איך, שְׁלִים־מַזָל, אין דער ערד אַרײַן גלײַך מיט מיר, ווײַס אויך וואָס באַטײַט אַ תָּעֲנִית אין אַ לאַנגן זומער־טאָג, אַז דו שטייסט אײַן בײַ אַ טֵבְיֶהן פאַר אַ פערד!״ שטיל אַרום און אַרום, יעדער קנאַק פון דער בײַטש רופט זיך אָפּ אין וואַלד; די זון זעצט זיך, דער טאָג — ער גוסעט; די שאָטנס פון דיביימער ציִען זיך אויס לאַנג, ווי דער ייִדישער גָּלוּת; עס הייבט אָן ווערן פינצטערלעך און שטאַרק סומנע אָפּן האַרצן. פאַרשיידענע געדאַנקען, מַחְשָׁבוֹתן קריכן אין קאָפּ אַרײַן, אַלערליי געשטאַלטן פון מענטשן, שוין לאַנג געשטאָרבענע, קומען מיר אַקעגן; און דאָ דערמאָן איך מיך די היים — אַז אָך און ווי איז מיר! אין שטוב איז פינצטער, חוֹשֶׁך; די קינדערלעך, זאָלן געזונט זײַן, נאַקעט און באָרוועס, קוקן אַרויס נעבעך אָפּן טאַטן, דעם שלים־מזל, טאָמער וועט ער ברענגען אַ ברייטל אַ פרישׁ, און אפשר אַ בולקע אַהיים; און זי, די אַלטע מײַנע, געוויינלעך אַ ייִדענע,

ווארטשעט: „קינדער באדארף איך אים האבן, און נאך זיבן דערצו, כאטש נעם, גאט זאל ניט שטראפן פאר די רייד, ווארף זיי ארײַן לעבעדיקערהייט אין טײַך ארײַן!" גוט צו הארכן אזעלכע דיבורים? מען איז דאך נישט מער ווי א מענטש, ווי זאגט איר, א „בָּשָׂר וְדָגִים", דעם מאגן קאן מען מיט קיין ווערטער ניט פארשטופן; מע כאפט א שטיקל הערינג, גלוסט זיך טיי, און צו טיי באדארף מען צוקער, און צוקער, זאגט איר, איז בא בראצקין. „פארן שטיקל ברויט, זאגט מײַן ווײַב זאל לעבן, וועט די קישקע, נישקָשֶׁה, מוחל זײַן, נאר אן דעם גלעזל טיי, זאגט זי, בין איך אינדערפרי גאר א טויטע; דאס קינד, זאגט זי, א גאנצע נאכט ציט פון מיר די קליי!" און דערווײַל איז מען דאך עפּעס א ייִד אף דער וועלט, מִנְחָה איז טאקע, ווי זאגט איר, ניט קיין ציג, זי וועט ניט אנט־לויפן, נאר דאווענען דארף מען. מאלט אײַך, דאס שיינע דאווענען, וואס קאן שוין זײַן, אז פונקט בשעת שטעלן זיך שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה, צעלאזט זיך, מַעֲשֶׂה־שָׂטָן, דאס פערדל משוגענערווײַז; באדארף מען לויפן נאכן וואגן, אײַנהאלטן די לייצעס און זינגען „אֱלֹהֵי אַבְרָהָם אֱלֹהֵי יִצְחָק וֵאלֹהֵי יַעֲקֹב" — שיין געשטאנען שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה! און דא, ווי אף־צו־לְהַכְעִיס, גלוסט זיך דווקא דאווענען געשמאק, מיט הארץ, טאמער וועט ווערן גרינגער אף דער נְשָׁמָה...

בְּקִיצוּר, איך לויף מיר אזוי נאכן וואגן און זאג די שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה הויך, מיט א ניגון, ווי, להבדיל, באם עָמוּד: מְכַלְכֵּל חַיִּים בְּחֶסֶד — דער דא טוט טאן שפּײַזן אלע זײַנע באשעפענישן, וּמְקַיֵּים אֱמוּנָתוֹ לִישֵׁנֵי עָפָר — אפילו די וואס ליגן אין דער ערד און באקן בייגל. אוי, טראכט איך מיר, ליגט מען אין דער ערד! אוי ווערט מען אויסגעריסן! ניט אזוי, ווי יענע, למשל, די יעהופּעצער נְגִידִים מײַן איך, וואס זיצן א גאנץ זומער אין בויבעריק אף די דאטשעס, עסן און טרינקען און באדן זיך אין אלדאס גוטס. אוי, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, פארוואס קומט דאס מיר? איך בין, דאכט זיך, א ייִד גלײַך מיט אלע ייִדן. גוואלד, גאטעניו, רְאֵה נָא בְּעָנְיֵנוּ — זע, זאג איך, באטראכט, ווי מיר הארעווען, און נעם זיך אן די קריוודע פון די ארעמע לײַט נעבעך, ווארעם ווער דען וועט זיך אף זיי ארומקוקן, ווען ניט דו? רְפָאֵנוּ וְנֵרָפֵא — שיק אונדז צו די רְפוּאָה, די מַכָּה האבן מיר שוין אליין... בָּרֵךְ עָלֵינוּ — בענטש אונדז מיט א גוט יאר, עס זאל זײַן א גערעט אף אלע מינים תְּבוּאוֹת, פון קארן און פון ווייץ און פון גערשטן; כאטש

אפילו, צוריק שמועסנדיק, וואָס וועט מיר, שלים־מַזל, אַרויסקומען דער־
פון? אַ שטייגער, לְמָשָׁל, וואָס קומט אַרויס מײַן פערדל, לְהַבְדִיל, צי
האָבער איז טײַער, צי וואָלוול?... נאָר, פע, גאָט פרעגט מען קיין קַשְׁיוֹת
ניט, וּבִפְרָט אַ ייִד באַדאַרף דאָך אַוַדאַי אָננעמען אַלצדינג פאַר גוטן און
זאָגן „גַם זוּ לְטוֹבָה", מִסְתָּמָא הייסט גאָט אַזוי. וְלַמַּלְשִׁינִים —
זינג איך מיר ווײַטער — וְלַמַּלְשִׁינִים, און די „סטיקראַטן", וואָס זאָגן,
אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, וועלן האָבן אַ שיין פָּנִים, אַז
זיי וועלן קומען אַהין; זיי וועלן דאָס אויסקרענקען מיט פּראָצענט,
וואָרעם ער איז אַ שׁוֹבֵר אוֹיְבִים — אַ גוטער צאָלער, מיט אים
שפּילט מען זיך ניט, מיט אים באַדאַרף מען גיין מיט גוטן, בעטן אים,
שרײַען צו אים: אַב הָרַחֲמָן — דערבאַרעמדיקער, האַרציקער פאָ־
טער! שְׁמַע קוֹלֵנוּ — הער צו אונדזערע קוֹלוֹת, חוּס וְרַחֵם
עָלֵינוּ — האָב רַחֲמָנוּת אויף מײַן ווײַב און קינדער, זיי זײַנען נעבעך
הונגעריק! רְצֵה — זאָלסט באַוויליקן, זאָג איך, דײַן ליב פאָלק יִשְׂרָאֵל,
ווי אַמאָל, אין בֵּית־הַמִקְדָשׁ, נאָך בְּשַׁעַת די כֹּהֲנִים מיט די לְוִיִים...
פלוצים — סטוי! דאָס פערדל האָט זיך אָנידערגעשטעלט. איך כאַפּ אָפּ
אויף דער גיך דאָס שטיקל שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה, איך הייב אויף די אויגן און טו
אַ קוק — עס קומען מיר אַקעגן גלײַך פון וואַלד אַרויס צוויי מְשׁוּנֶה־
מאָדנע נְפָשׁוֹת, פאַרשטעלט און אָנגעטאָן נישט ווי געוויינלעך. „גַזְלָנִים!"
— איז מיר דורכגעפלויגן אַ געדאַנק אין קאָפּ, און האָב מיך אָבער באַלד
פאַרכאַפּט צוריק: „פע, טביה, ביזט אַ שׁוֹטֶה! סטײַטש, דו פאָרסט אין
וואַלד שוין אַזויפיל יאָרן, באַטאָג און באַנאַכט, וואָס איז דיר עפּעס פּלו־
צים היינט אײַנגעפאַלן גַזְלָנִים?" — וויאָ! מאַך איך צום פערדל און
נעם זיך אָן מיט האַרץ און גיב דעם אַ פּאָר שמיצלעך פון הינטן, גלײַך
ווי ניט מיך מיינט מען.

— רֶב ייִד! הערט נאָר, רֶב קָרוֹב! — מאַכט צו מיר איינע פון
די צוויי נְפָשׁוֹת מיט אַ קול פון אַ נְקֵבָה און ווינקט צו מיר מיט אַ פאַ־
טשיילע. — אַנו, שטעלט זיך נאָר אָפּ אויף אַ רֶגעלע, וואַרט צו אַ ווײַ־
לעטשקע, אַנטלויפט נישט, מע וועט אײַך, חָלִילָה, גאָרנישט טאָן!

„אהאַ, אַ ניטגוטער!" — קלער איך מיר, און טאַקע באַלד זאָג
איך צו זיך אַליין: „בְּהֵמָה בְּצוּרַת פערד! וואָס עפּעס פּלוצים אין מיטן
דרינען רוּחוֹת מיט שֵׁדִים?" און שטעל אָפּ דאָס פערדל. איך הייב אָן
גוט אײַנצוקוקן זיך אין די צוויי נְפָשׁוֹת: נְקֵבוֹת; איינע אַן עלטערע

מיט א זײַדן טיכל אױפֿן קאָפּ, די אַנדערע א יונגערע מיט א פּאַריק; בײדע רױט װי פֿײַער און שטאַרק פֿאַרשװיצט.

— א גוטן אָװנט, סקאַצל קומט! — מאַך איך צו זײ שטאַרק אױף א קול, כּלומרשט אין גוטן מוט. — װאָס איז אײַער באַגער? אױב איר מײנט עפּעס קױפֿן, װעט איר בײַ מיר נישט געפֿינען גאָר ניט, סײַדן בױבױלייטיק אױף מײַנע שׂונאים קעפּ, אָדער האַרצקלעמעניש א פֿולע װאָך, אָדער אַביסל קאָפּדרײעניש, טרוקענע שמערצן, נאַסע יסורים, סיפּקע צרות?...

— שאַ, שאַ! — מאַכן זײ. — זע נאָר, װי ער האָט זיך דאָס אַביסל צעלאָזט! א ייִדן, אַז מע זאָטשעפּעט מיט א װאָרט, איז מען ניט זיכער מיטן לעבן! מיר דאַרפֿן, זאָגן זײ, נישט קױפֿן גאָר ניט, מיר האָבן נאָר געװאָלט א פֿרעג טאָן בײַ אײַך, אפשר װײסט איר, װוּ איז דאָ ערגעץ דער װעג קײן בױבעריק?

— קײן בױבעריק? — מאַך איך און צעלאַך מיך כּלומרשט. — עס האָט בײַ מיר, זאָג איך, אַזאַ פּנים, פּונקט װי איר זאָלט מיך, א שטײגער, פֿרעגן, צי װײס איך, אַז מע רופֿט מיך טבֿיה.

— אַזױ? מע רופֿט אײַך טבֿיה? א גוטן אָװנט אײַך, רב טבֿיה! מיר פֿאַרשטײען ניט, װאָס איז דאָ — מאַכן זײ — דער געלעכטער? מיר זײַנען פֿרעמדע, פֿון יעהופּעץ זײַנען מיר, און װױנען דאָ אין בױ־בעריק אױף א דאַטשע, זײַנען מיר, זאָגן זײ, אַרױסגעגאַנגען אױף א מינוט־קעלע שפּאַצירן, און דרײען זיך אַרום אַזױ אין דעם דאָזיקן װאַלד פֿאַ־װאַלינקע פֿון גאַנץ פֿרי אָן, בלאָנזען און בלאָנזען און קאָנען ניט בשום־אופֿן זיך אַרױפֿשלאָגן אױפֿן רעכטן װעג; דערװײַלע, זאָגן זײ, האָבן מיר דערהערט עמעצער זינגט אין װאַלד, האָבן מיר לכתּחילה געמײנט, א קשיא, אפֿשר איז דאָס, חלילה, א גזלן? נאָר נאָכדעם, זאָגן זײ, אַז מיר האָבן דערזען פֿון דער נאָענט, אַז איר זײַט, דאַנקען גאָט, א ייִד, איז אונדז געװאָרן אַביסל גרינגער אױף דער נשמה. הײַנט פֿאַרשטײט איר שױן?

— כאַ־כאַ־כאַ, א שײנער גזלן! — זאָג איך. — איר האָט געהאָרכט אַמאָל, זאָג איך, א מעשׂה מיט א ייִדישן גזלן, װאָס איז אָנגעפֿאַלן אױף א דורכגײער און געבעטן בײַ אים א שמעק טאַבעקע? אױב איר װילט, זאָג איך, קאָן איך אײַך דערצײלן די מעשׂה.

— די מעשׂה — זאָגן זײ — לאָזט איבער אױף אַן אַנדערש מאָל; איר װײַזט אונדז בעסער אָן דעם װעג קײן בױבעריק.

— קיין בויבעריק? — זאָג איך. — סטײַטש, אַט דאָס איז דאָך דער אָמתער וועג קיין בויבעריק! איר זאָלט אפילו, זאָג איך, נישט וועלן, מוזט איר מיט דעם שליאַך אָנקומען גלײַך קיין בויבעריק.

— וואָס־זשע שווײַגט איר? — מאַכן זיי צו מיר.

— וואָס־זשע זאָל איך, זאָג איך, שרײַען?

— ווי באַלד אַזוי, מאַכן זיי צו מיר, קערט איר שוין ווּיסן, איז עס נאָך עפּעס ווײַט קיין בויבעריק?

— קיין בויבעריק, זאָג איך, איז נישט ווײַט, עטלעכע ווערסט; דאָס הייסט, זאָג איך, אַ ווערסט פינף־זעקס אָדער זיבן, און אפשר טאַקע אַלע אַכט.

— אַכט ווערסט?! — האָבן אויסגעשריגן ביידע ווײַבער מיטאַמאָל, געבראָכן די הענט און שיער נישט צעוויינט זיך אַזש. — סטײַטש, וואָס רעדט איר? איר ווייסט וואָס איר רעדט? אַ ווערטעלע אויסצורײדן — אַכט ווערסט?!

— נו, וואָס־זשע, זאָג איך, זאָל איך טאָן? עס זאָל זײַן אין מיר געוועגדט, וואָלט איך דאָס געמאַכט אַביסל קירצער; אַ מענטש באַדאַרף, זאָג איך, אַלצדינג אויספּרווון אויף דער וועלט. אונטערוועגנס טרעפט זיך, אַז מע באַדאַרף, זאָג איך, שלעפּן זיך אין אַ בלאָטע אַרויף אַ באַרג, און נאָך ערבֿ־שבת דערצו, דער רעגן שמײַסט אין פּנים, די הענט קליאַנקען, דאָס האַרץ חלשט, און דאָ — טראַך! עס לאָפּנעט אַן אַקס...

— איר רעדט עפּעס גאָר ווי אַ דולער, — זאָגן זיי צו מיר, — איר זײַט גאָר נישט בײַ די געדאַנקען, כ׳לעבן. וואָס דערציילט איר פּזמו־נות, בּבֿא־מעשׂיות פון טויזנט־איין־נאַכט? מיר האָבן שוין קיין פּוח נישט צו פּלאָנטען מיט די פיס; אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר, אַ חוץ אַ גלעזל קאַווע מיט אַ פּוטער־בולקע, נאָך אין מויל נישט געהאַט, קומט איר צו גיין מיט אײַערע מעשׂיות!

— אויב אַזוי, — זאָג איך — איז עפּעס אַנדערש; ווי זאָגט מען, קיין טאַנץ גייט נישט פאַרן עסן. דעם טעם פון הונגער פאַרשטיי איך גאַנץ גוט, איר באַדאַרפט מיר נישט דערציילן. עס קאָן זייער שיין זײַן, זאָג איך, אַז איך האָב קיין קאַווע מיט קיין פּוטער־בולקע נישט אָנגעקוקט שוין פון אַ יאָר... און אַזוי ווי איך רייד, שטעלט זיך מיר פאַר אַ גלעזל הייסע קאַווע מיט מילך און מיט אַ פּוטער־בולקע אַ פרישע, מיט נאָך גוטע זאַכן... „שלים־מזל איינער, טראַכט איך מיר, ביסט טאַקע אַנדערש

נישט געצווינגן געוואָרן, נאָר אַף קאַווע מיט פּוטער־בולקעלעך? און אַ שטיקל ברויט מיט הערינג ביסטו קראַנק?״ און ער, דער יֵצֶר־הָרָע, ניט געדאַכט זאָל ער ווערן, אַף־צו־לְהַכעִיס קאַווע, אַף־צו־לְהַכעִיס פּוטער־בולקע! איך הער דעם רֵיחַ פון קאַווע, איך פיל דעם טעם פון פּוטער־בולקע — פרישע, געשמאַקע, מְחַיֶה־נְפָשוֹת!

— ווייסט איר גאָר וואָס, רֶב טֶבְיֶה? — מאַכן צו מיר ביידע ווײַבער. — טאָמער וואָלט געווען אַ סְבָרָה, אַזוי ווי מיר שטייען אָט־אָ־דאָ, זאָלן מיר זיך אַרויפכאַפּן צו אײַך אַפן וואָגן, און איר טאָקע אַליין זאָלט זיך מַטרִיחַ זײַן אונדז אָפּפירן מְחִילָה אַהיים, קיין בויבעריק? וואָס וועט איר זאָגן דערויף?

— סאַ מָשָל, זאָג איך, כְּחֶרֶס הַנִשבָּר; איך פאָר פ ו ן בויבעריק, און איר דאַרפט ק י י ן בויבעריק! ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

— נו, איז וואָס? — מאַכן זיי. — ווייסט איר ניט וואָס מע טוט? אַ ייִד אַ לַמדן גיט זיך אַן עֵצָה: ער פאַרקערעוועט דאָס וועגעלע און פאָרט צוריק. האָט קיין מוֹרָא נישט, רֶב טֶבְיֶה, זאָגן זיי, זײַט זיכער, אָם־יִרְצֶה־הַשֵם, אַז גאָט וועט אונדז ברענגען אַהיים בְּשָלוֹם, ווינטשן מיר זיך דאָס אויסקרענקען, וואָס איר וועט צו אונדז דערלייגן.

„עפּעס ריידן זיי מיט מיר תַּרגוּם־לָשוֹן! — טראַכט איך מיר. — פאַרשטעלט, גאַרנישט ווי געוויינלעך!״ — און עס קומען מיר אַרויף אַפן זינען: מֵתִים, מְכַשְפוֹת, לֵצִים, פאַרשלעפּטע קרענק. — „שוֹטֶה בֶּן פּיקהאָלץ! — טראַכט איך מיר. — וואָס שטייסטו, ווי אַ פּלאָקן? כאַפּ זיך אַרויף אַפן וואָגן, ווײַז דעם פערדל אַ בײַטש און מאַך אַ וַיִּבְרַח!״ נאָר מַעֲשֶׂה־שָׂטָן כאַפּט זיך אַרויס בײַ מיר נישט ווילנדיק פונעם מויל:

— קריכט אין וואָגן!

מײַנע האָבן דערהערט, זיך דַווקא נישט געלאָזט לאַנג בעטן און מאַרש אין וואָגן אַרײַן; איך נאָך זיי אַף דער קעלניע, פאַרקערעוועט דעם דישל, שמײַס דאָס פערדל: איינס, צוויי, דרײַ, פּאַשאָל! — ווער, וואָס, ווען? אַ נעבעכטיקער טאָג! פונעם אָרט וויל דאָס ניט רירן, כאָטש נעם צעשנײַד דאָס אַף צווייען. „נו, טראַכט איך מיר, היינט פאַרשטיי איך שוין, וואָס דאָס איז פאַר אַ ווײַבער... דער גוטער יאָר האָט מיך גע־טראָגן זיך אָפּשטעלן אין מיטן דרינען, מאַכן אַ שמועס מיט ווײַבער!״... איר פאַרשטייט — פון איין זײַט דער וואַלד, דאָס שטילקייט מיטן סומ־נעקייט, אָקעגן נאַכט, און דאָ — די צוויי נְפָשוֹת, כּלוֹמֶרשט נְקֵבוֹת...

דער כּוח־הדמיון ארבעט גאַנץ געשמאַק אויף אַלע סטרונעס. איך דערמאָן מיך אַ מעשׂה פֿון אַ בעל־עגלה, וואָס איז אַמאָל געפֿאָרן אין וואַלד איינער אַליין און דערזען אויפֿן שליאַך ליגט אַ זעקל האָבער. מײַן בעל־עגלה האָט דערזען אַ זעקל האָבער, האָט ער זיך ניט געפֿוילט, אַראָפּ פֿונעם וואָגן, געכאַפּט דאָס זעקל האָבער אויף די פּלייצעס, זיך אײַנגעריסן דאָס געזונט, קוים אַרויפֿגעלייגט דאָס זעקל האָבער אויפֿן וואָגן און — הלך לעולמו, פֿאָשאָל ווײַטער. ער פֿאָרט אָפּ אַקעגן אַ ווערסט, ער טוט זיך אַ כאַפּ צום זעקל האָבער — נישט קיין זעקל, נישט קיין האָבער; ס'איז גאָר אַ ציג ליגט בײַ אים אין וואָגן, אַ ציג מיט אַ בערדל; ער וויל זי אָנרירן מיט דער האַנט, שטעלט זי אים אַרויס אַ צונג אויף אַן אַרשין, לאָזט אַרויס אַ משוגענע־ווילדן געלעכטער און ווערט פֿאַרשווונדן...

— פֿאַרוואָס פֿאָרט איר שוין נישט? — מאַכן צו מיר די ווײַבער.

— פֿאַרוואָס איך פֿאָר שוין נישט? איר זעט דאָך, זאָג איך, פֿאַר־וואָס: דאָס פֿערדל וויל ניט דאַווענען, ס'איז ניט אויפֿגעלייגט.

— גיט דעם מיט דער בײַטש, מאַכן זיי, איר האָט דאָך אַ בײַטש.

— אַ דאַנק אײַך, זאָג איך, פֿאַר דער עצה, גוט וואָס איר האָט מיר דערמאָנט. דער חסרון, זאָג איך, וואָס מײַן בחור שרעקט זיך ניט איבער פֿאַר אַזעלכע זאַכן; ער איז שוין אַזוי געוווינט מיט דער בײַטש, ווי איך מיטן דלות, — זאָג איך צו זיי כּלומרשט מיט אַ ווערטל, און עס וואָרפֿט מיט מיר דאָס נײַניאַריקע קדחת.

בקיצור, וואָס זאָל איך אײַך מאריך זײַן — איך האָב אויסגעלאָזט מײַן גאַנץ ביטער האַרץ צום פֿערדל נעבעך; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז גאָט האָט געהאָלפֿן, עס האָט גערירט פֿונעם אָרט, ויסעו מרפידים — און מיר זײַנען אַוועק מיטן וואַלד גלײַך אונדזער וועג. פֿאָרנדיק אַזוי, פֿליט מיר דורך אין קאָפּ גאָר אַ נײַע מחשבה: „אוי, טביה, ביזטו אַ פֿערדאַטש! התחילות לנפול — ביסט געוואָרן אַ קבצן, און וועסט בלײַבן אַ קבצן. סטײַטש, גאָט האָט דיר צוגעשיקט אַזאַ באַגעגעניש, וואָס טרעפֿט איין מאָל אין הונדערט יאָר, וויאַזוי באַדינגסטו זיך ניט לכתחילה, דו זאָלסט וויסן מה־יקר — וואָס וועסטו האָבן דערפֿאַר? ווען מיר זאָלן שמועסן הן על־פּי יושר והן על־פּי סאָוועסט, הן על־פּי מענטש־לעכקייט והן על־פּי דין און זאַקאָן, און אַפֿילו על־פּי ווייס איך וואָס, איז קיין עוולה ניט, מע זאָל דערבײַ עפּעס פֿאַרדינען, און פֿאַרוואָס טאַקע ניט אָפּלעקן אַ ביינדל, אַז עס האָט זיך שוין יאָ אַזוי געמאַכט?

שטעל אַף דאָס פערדל, דו בְּהֵמָה, זאָג זיי אַזוי און אַזוי, בְּרָחֵל בִּתְּךָ הַנאָקעטע: „האָב איך באַ אײַך אַזויפיל און אַזויפיל, איז גוט, אָלָא ניט, בעטן מיר אײַך, מְחִילָה, אַראָפּ פונעם וואָגן!" נאָר צוריק קלער איך מיר: „ביסט טאַקע אַ בְּהֵמָה, טֶבִיָה! דו ווייסט ניט, אַז די פעל פונעם בער טאָר מען אין וואַלד ניט פאַרקויפן, ווי זאָגט דער גוֹי: שטשעשנע פּאַימאַוו אַ ווזשע סקובע"...

— לְמַאי פאָרט איר נישט אַביסל גיכער? — זאָגן די ווײַבער און טאָרען מיך פון הינטן.

— וואָס האָט איר, זאָג איך, אַזוי קיין צײַט ניט? פון אײַלעניש, זאָג איך, קומט קיין גוטס ניט אַרויס, — זאָג איך און כאַפּ אַ קוק מִן־הַצַד אַף מײַנע פאַרשווינדלעך; דאַכט זיך, ווײַבער, ווי געוויינלעך, ווײַבער: איינע מיט אַ זײַדן טיכל, די אַנדערע מיט אַ פאַריק; זיי זיצן און קוקן איינס אַפּס אַנדערע און שושקען זיך.

— נאָך עפּעס ווײַט? — פרעגן זיי מיך.

— נענטער, זאָג איך, ווי פון דאַנען אַוודאי ניט; אָט באַלד, זאָג איך, האָבן מיר אַ באַרג־אַרויף מיט אַ באַרג־אַראָפּ; נאָכדעם, זאָג איך, גייט ווידער אַ באַרג־אַראָפּ מיט אַ באַרג־אַרויף, און ערשט נאָכדעם, זאָג איך, האָבן מיר דעם גרויסן באַרג־אַרויף, און פון דאָרטן גייט שוין דער וועג גלײַך, גלײַך ביז בויבעריק...

— עפּעס אַ שלים־מַזל! — רופט זיך אָן איינע צו דער אַנדערער.

— אַ פאַרשלעפּטע קרענק! — זאָגט די אַנדערע.

— אַ רעשטל צו די צָרוֹת! — זאָגט ווידער יענע.

— מיר שײַנט, אַ משוגענער! — זאָגט די אַנדערע.

„אַוודאי — טראַכט איך מיר — בין איך אַ משוגענער, אַז איך לאָז מיך פירן באַ דער נאָז!"...

— וווּ ווילט איר זיך, אַ שטייגער, פְּדוֹמֶה לְמשל, מײַנע ליבע ווײַבער, הייסן אָפּוואַרפן? — רוף איך מיך אָן צו זיי.

— וואָס הייסט, זאָגן זיי, אָפּוואַרפן? וואָס איז פאַר אַן אָפּוואַרפעכטס?

— עס רעדט זיך אַזוי, זאָג איך, בַּעַל־עֲגָלָה־שפּראַך; אַף אונדזער לָשון הייסט דאָס: וווּהין וועט איר זיך הייסן פאַרפירן, אַז מיר וועלן קומען, זאָג איך, קיין בויבעריק, אִם־יִרְצֶה־הַשֵׁם, מיטן אייבערשטנס הילף,

געזונט און שטאַרק, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן? ווי זאָגט מען: בעסער צוויי מאָל פרעגן איידער איין מאָל בלאָנזען.

— אַ? אָט דאָס מיינט איר? איר וועט אונדז, זאָגן זיי, מוחל זײַן צופירן צו דער גרינער דאַטשע, וואָס באַם טײַך, פון יענער זײַט וואַלד. ווייסט איר ווו דאָס איז?

— פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן? — זאָג איך. — איך בין אין בויבעריק ווי באַ זיך אינדערהיים. לאָס איך פאַרמאָגן די אַלפים, זאָג איך, וויפל קלעצער איך האָב אהינצו אַרײַנגעפירט. אָט ערשט פאַראַיאָרן זומער, זאָג איך, האָב איך געשטעלט אַף דער גרינער דאַטשע צוויי קלאַפּ־טער האָלץ מיטאַמאָל; דאָרט איז געזעסן איינער אַ גביר אַ גרויסער, פון יעהופּעץ, אַ מיליאָנשטשיק פון אַוודאי אַ מאה אלף קאַרבן, און אפשר פון ריו"ש אַלפים!

— ער זיצט הײַנט אויך דאָרטן. — רופן זיך אָן צו מיר ביידע ווײַבער און קוקן איינס אָפּס אַנדערע און שושקען זיך און לאַכן.

— שאַ, זאָג איך, אַז דער צער פון טראָגן איז יאָ אַזוי גרויס, קאָן דאָך געמאָלט זײַן, אַז איר האָט מיט אים עפּעס אַ שטיקל שייכות, — וואָלט אפשר געווען, זאָג איך, אַ סברא, איר זאָלט זיך דאָרט מטריח זײַן, עפּעס אַ רייד טאָן פון מײַנעטוועגן, אַ שטיקל טובה מיר, אַ פּרנסה, אַ שטעלע, צי ווייס איך וואָס? איך קען, זאָג איך, אייגעם אַ יונגנמאַן, ישראל הייסט ער, ניט ווײַט פון אונדזער שטעטל, געווען אַ גאָרנישט מיט אַ נישט; האָט ער זיך דערשלאָגן אהינצו, מע ווייס ניט פון וואַנען און וויאַזוי — בקיצור, ער איז הײַנט אַ גאַנצער יאַ־טעבי־דאַב, פאַרדינט אפשר צוואַנציק קאַרבן אַ וואָך, צי אפשר גאָר פערציק, איך ווייס? — לײַט האָבן גליק! צי, אַ שטייגער, וואָס גייט־אָפּ, זאָג איך, אונדזער שוחטס איידעם? וואָס וואָלט פון אים געווען, ווען ער לאָזט זיך ניט אַוועק קיין יעהופּעץ? אמת, די ערשטע עטלעכע יאָר איז ער גוט פאַר־שוואַרצט געוואָרן, שיער ניט געשטאָרבן פון הונגער. דערפאַר אָבער אַצינד, חוץ זײַן שאָדן, הלוואי אַף מיר געזאָגט געוואָרן; ער שיקט שוין געלט אהיים. ער האָט שוין חשק אַרויסנעמען אהין זײַן ווײַב און קינדער, לאָזט מען אים דאָרט ניט זיצן. אײַ איז דאָך די קשיא: וויאַזוי זיצט ער? מוטשעט ער זיך טאַקע... שאַט, זאָג איך, אַז מע לעבט, דערלעבט מען זיך; אָט האָט איר, זאָג איך, דעם טײַך, און אָט איז די גרויסע דאַטשע. — זאָג איך און פאָר מיר אַרײַן ברייטלעך, מיט אַ ירגזון, גלײַך מיטן

דישעל אין גאַניק אַרײַן. מע האָט אונדז נאָר דערזען, איז געוואָרן שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה, אַ געשריי, אַ געפּילדער: „אוי, די באָבע! די מאַמע! די מומע!... זיך געפונען דער שאָדן! מַזל־טוֹב!... גוואַלד, ווו זײַט איר געווען?... אַ גאַנצן טאָג אָן קעפּ... צעשיקט פּאָטשט אַף אַלע וועגן... געמיינט, אַ קַשְׁיָא אַף אַ מַעֲשֶׂה, אפשר וועלף, גַזְלָנִים, חַס־וְשָׁלוֹם! וואָס איז די מַעֲשֶׂה?”...

— „די מַעֲשֶׂה איז אַ שיינע מַעֲשֶׂה: געבלאָנזעט אין וואַלד, פאַרבלאָנזעט העט־ווײַט, אפשר צען ווערסט. פּלוצים אַ ייִד... וואָס פאַר אַ ייִד?... אַ ייִד אַ שְׁלִים־מַזל מיט אַ פערד און וועגעלע... קוים מיט צרות אײַנגעבעטן זיך”... „אַלע בייזע, וויסטע חֲלוֹמוֹת... אַליין גאָר אָן אַ שׁוֹמֵר?... אַ מַעֲשֶׂה, אַ מַעֲשֶׂה, באַדאַרפט בענטשן גומל”...

בקיצור. מע האָט אַרויסגעטראָגן לאָמפּן אַפן גאַניק, געגרייט צום טיש און אָנגעהויבן טראָגן סאַמאָוואַרן הייסע, מיט בעקנס טיי, מיט צוקער, מיט אײַנגעמאַכטס, מיט פּײַנקוכנס גוטע, מיט פּוטערגעבעקס פרישע, שמעקנדיקע, און נאָכדעם עסנס אַלערליי, די טײַערסטע מַאֲכָלִים, יאַיכלעך פעטע, מיט געבראָטנס, מיט געגנדזנס אַ סַך, מיט די בעסטע ווײַנען און נאַסטאָיקעס. איך בין נאָר געשטאַנען פונדערווײַטנס און האָב געטראַכט, וויִאַזוי, קיין עַיִן־הָרָע, מע עסט דאָס און מע טרינקט באַ די יעהופּעצער נְגִידִים, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאַטן. „אַ מַשפּון פאַרזעצן, טראַכט איך מיר, און אַ גְבִיר זאָל מען זײַן!” מיר דאַכט, איך וויים? וואָס דאָ פאַלט אַראָפּ אַף דער ערד, וואָלט פאַר מײַנע קינדער גענוג געווען אַף אַ גאַנצע וואָך, ביז שַׁבָּת. גוואַלד, גאָטעניו, האַרציקער געטרײַער, דו ביסט דאָך עפּעס אַן אֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם, אַ גרויסער גאָט און אַ גוטער גאָט, מיט חֶסֶד און מיט יוֹשֶׁר, ווי קומט דאָס, דו זאָלסט אַוועקגעבן איינעם גאָר, דעם אַנדערן גאָרניט? איינעם פּוטער־בולקעס, דעם אַנדערן מַכּוֹת־בְּכוֹרוֹת? און צוריק אָבער באַטראַכט איך מיך: עט, ביסט אַ גרויסער נאַר, טֵבְיֶה, כ׳לעבן, וואָס איז שײַך, דו ווילסט אים זאָגן אַ דֵעָה, וויִאַזוי צו פירן די וועלט? מִסְתָּמָא, אַז ע ר הייסט אַזוי, באַדאַרף זײַן אַזוי; אַ סִימָן האָט איר, אַז ווען עס זאָל באַדאַרפן זײַן אַנדערש, וואָלט דאָך געווען אַנדערש. אײַ, וואָס? פאַרוואָס זאָל טאַקע ניט זײַן אַנדערש? איז דער תֵּירוּץ: עֲבָדִים הָיִינוּ — דערויף זײַנען מיר דאָך עפּעס שטיקלעך ייִדן אַף דער וועלט. אַ ייִד באַדאַרף לעבן מיט אֱמוּנָה און מיט בִּטָּחוֹן; ער באַדאַרף גלויבן, ערשטנס, אַז ס׳איז דאָ

א גאָט אױף דער װעלט, און האָפן אױף דעם, װאָס לעבט אײביק, אַז עס װעט זיך, מסתּמא, אם־ירצה־השם, פאַרבעסערן . . .

— שאַ, װו־זשע איז ערגעץ דער ייִד? — הער איך עמעצער זאָגט.

— שױן אױעקגעפאָרן דער שלים־מזל?

— חס ושלום! — רוף איך מיך אָן פונדערװײַטן. — װאָס הײסט, איך װעל אַװעקפאָרן גלאַט אַזױ, אָן אַ זײַט־געזונט? שלום־עליכם, זאָג איך, אַ גוטן אָװנט אײַך, ברוכים היושבים, עסט געזונטערהײט, און לאָז אײַך װױל באַקומען!

— קומט־זשע אַהער, מאַכן זײ צו מיר, װאָס שטײט איר דאָרטן אין דער פינצטער? לאָמיר אײַך אײַנקוקן כאָטש, זען װאָס פאַר אַ פּנים איר האָט. אפשר װעט איר נעמען אַביסל בראָנפן?

— אַביסל בראָנפן? אָך, זאָג איך, װער זאָגט זיך דאָס אָפּ פון אַביסל בראָנפן? װי שטײט דאָרטן אין פּסוק: א י ז ה „ל ח י י ם" ו א י ז ה ל מ ו ת — מאַכט רש"י: גאָט איז גאָט און בראָנפן איז בראָנפן. לחיים! — זאָג איך און האַק אַרײַן אַ כּוסה. — לאָז גאָט געבן, זאָג איך, איר זאָלט תּמיד זײַן רײַך און האָבן גרױס נחת; ייִדן, זאָג איך, זאָלן תּמיד זײַן ייִדן; גאָט זאָל זײ געבן, זאָג איך, געזונט און כּוח, זײ זאָלן קאָנען איבערטראָגן די צרות.

— מה שמכם? — רופט זיך אָן צו מיר דער גביר אַלײן, אַ שײנער ייִד מיט אַ יאַרמעלקע. — פון װאַנעט איז אַ ייִד, װו זיצט איר, װאָס איז אײַער פּרנסה? זענט איר אַ באַװײַבטער? האָט איר עפּעס קינדער, און װיפל קינדער?

— קינדער? — זאָג איך. — ניט צו פאַרזינדיקן. אױב איטלעכס קינד, זאָג איך, איז װערט, װי מײַן גאָלדע װיל מיך אײַנרײדן, אַ מיליאָן, בין איך רײַכער פונעם גרעסטן גביר אין יעהופּעץ. דער חסרון, זאָג איך, װאָס אָרעם איז ניט רײַך, קרום איז ניט גלײַך, אַזױ װי אין פּסוק שטײט: ה מ ב ד י ל ב י ן ק ו ד ש ל ח ו ל — װער עס האָט די קלינגערס דעם איז װױל. געלט האָבן טאַקע די בראָצקיס, און איך האָב טעכטער. און אַז מע האָט, זאָגט איר, טעכטער, פאַרגײט דער געלעכטער. נאָר גאָרנישט, גאָט איז אַ פאָטער. ער פירט אױס, דאָס הײסט, ער זיצט אױבן און מיר מוטשען זיך אונטן. מע האָרעװעט, מע שלעפּט קלעצער, אַ ברירה האָט מען? װי די גמרא זאָגט: ב מ ק ו ם ש א י ן א י ש — איז אַ הערינג פיש. דער גאַנצער אומגליק איז — דאָס עסן. װי מײַן באָבע,

עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם, פּלעגט זאָגן: „ווען דער פּיסק זאָל ליגן אין דער ערד, וואָלט דער קאָפּ געגאַנגען אין גאָלד"... האָט קיין פּאַדיבל ניט, זאָג איך, עס איז ניטאָ קיין גלײַכערס פון אַ קרומען לייטער און קיין קרומערס פון אַ גלײַך וואָרט, וּבִפְרַט, זאָג איך, אַז מע מאַכט שֶׁהַכֹּל נִהְיָה בִּדְבָרוֹ אויפן ניכטערן האַרצן.

— לאָז מען געבן דעם ייִדן עפּעס עסן! — רופט זיך אָן דער גְבִיר, און עס ווערט באַשאַפן אויפן טיש פון כָּל־מַאֲמִינִים־שֶׁהוּא: פיש, און פלייש, און געבראָטנס, און פערטלען עוֹף, און פּופּקעס מיט לעבערלעך אָן אַ שיעור.

— איר וועט עפּעס עסן? — מאַכן זיי צו מיר. — גייט וואַשט זיך.

— אַ קראַנקן פרעגט מען, אַ געזונטן גיט מען; נאָר וואָס דען, זאָג איך, אַ דאַנק אײַך. אַביסל בראָנפן, זאָג איך, מֵהַכְּתִיתִי, נאָר גיין זעצן זיך אָט דאָ מאַכן אַ גאַנצע סעוּדָה, בשעת דאָרטן, אינדערהיים, מײַן ווײַב און קינדער, זאָלן געזונט זײַן... אויב אײַער גוטער ווילן וועט זײַן...

בְּקִיצוּר, מע האָט זיך, אַפּנים, געשטויסן וואָס איך מיין, און מע האָט מיר גענומען פּאַקן אין וואָגן אַרײַן איטלעכער באַזונדער: דער אַ בולקע, דער פיש, דער געבראָטנס, דער אַ פערטל עוֹף, דער טיי און צוקער, דער אַ טעפּל שמאַלץ, דער אַ סלאָי אײַנגעמאַכטס.

— דאָס וועט איר, מאַכן זיי, ברענגען אַהיים אַ מַתָּנָה פאַר אײַערע ווײַב און קינדער. און אַצינד זאָגט, וויפל וועט איר זיך הייסן באַצאָלן פאַר אײַער טִרְחָה, וואָס איר האָט זיך מַטְרִיחַ געווען פון אונדזערטוועגן?

— סאָ מָשָׁל, זאָג איך, וואָס איז שײַך, איך וועל מיר הייסן אָנ־מעסטן? וויפל אײַער גוטער ווילן וועט זײַן, זאָג איך, אַזוי וועט איר מיר באַצאָלן. מיר וועלן דורכקומען, ווי זאָגט ער, אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף. „שקראַב וועט שוין שקראַבעדיקער ניט ווערן"...

— ניין, זאָגן זיי, מיר ווילן הערכן פון אײַך אַליין, רֶב טֶבְיֶה! האָט קיין מוֹרָא ניט, מע וועט אײַך, חָלִילָה, נישט קעפּן.

„וואָס טוט מען דאָ? — טראַכט איך מיר. — ס'איז שלעכט: זאָל איך זאָגן אַ קערבל, איז אָן עֲבֵירָה, טאָמער קאָן איך נעמען צוויי. זאָל איך זאָגן צוויי, האָב איך מוֹרָא, טאָמער קוקן זיי מיך אָן ווי אַ משוגענעם: פאַרוואָס קומט דאָ צוויי קאַרבן?"

— אַ דרײַערל!!!... — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט בײַ מיר פונעם

מויל, און צווישן עולם איז געוואָרן אַזאַ געלעכטער, אַז איך האָב מיך שיער אין דער ערד באַגראָבן.

— האָט קיין פאַריבל ניט, זאָג איך, טאָמער האָב איך מיך אַרויס־געכאַפּט מיט אַ וואָרט; אַ פערד, זאָג איך, אַף פיר פיס, ספּאָטיקעט זיך, ובפרט אַ מענטש מיט איין צונג... עס איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער געלעכטער; מע האָט זיך פשוט געהאַלטן באַ די זייטן לאַכנדיק.

— לאָז שוין זיין גענוג צו לאַכן! — רופט זיך אָן דער גביר און נעמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ גרויסן טײַסטער און גייט און שלעפּט אַרויס פונעם טײַסטער — וויפל מיינט איר, אַ שטייגער? אַנו, טרעפט!

— אַ צענערל, אַ רויט? אַזוי ווי פײַער, איך זאָל אַזוי זײַן געזונט מיט אײַך אינאיינעם! — און מאַכט אַזוי: „אָט דאָס האָט איר פון מיר, און איר, קינדער, גיט אײַך פון אײַער קעשענע וויפל איר פאַרשטייט".

בקיצור, וואָס טויג אײַך — עס האָבן אָנגעהויבן צו פליִען אַפן טיש פינפערלעך און דרײַערלעך און איינערלעך — הענט און פיס האָבן מיר געציטערט; איך האָב געמיינט, אָט פאַל איך חלשות.

— נו, וואָס שטייט איר? — מאַכט צו מיר דער גביר. — נעמט צונויף די עטלעכע קערבלעך פונעם טיש און פאָרט געזונטערהייט צו אײַער ווײַב און קינדער.

— גאָט זאָל אײַך געבן, זאָג איך, כפל־כפלים, איר זאָלט פאַרמאָגן צען מאָל, הונדערט מאָל אַזויפיל, איר זאָלט האָבן אַלדאָס גוטס, מיט גרויס נחת! — און זשעבערע צונויף מיטביידע הענט דאָס געלט — ווער געציילט? וואָס געציילט? — און שטופּ אין אַלע קעשענעס. — אַ גוטע נאַכט, זאָג איך, אַ גוטן תמיד און זײַט געזונט, און זאָלט האָבן, זאָג איך, גרויס נחת, איר און אײַערע קינדער און קינדס קינדער און אײַער גאַנצע משפחה, — זאָג איך און לאָז מיך גיין צום וואָגן. רופט זיך אָן צו מיר די גבירטע, יענע וואָס מיטן זײַדן טיכל:

— שטייט נאָר אַ ווײַלע, רב טביה, פון מיר באַקומט איר גאָר אַ באַזונדערע מתנה; אם־ירצה־השם, מאָרגן קומט צופאָרן; איך האָב, זאָגט זי, אַ מאָורע בהמה, געוועזן אַמאָל אַ טײַערע בהמה, פלעגט געבן פיר און צוואַנציק גלעזער מילך; היינט האָט זי פון אַ גוט־אויג אויפגע־הערט צו מעלקן זיך, דאָס הייסט, מעלקן מעלקט זי זיך, נאָר קיין מילך גיט זי ניט...

— לאַנג לעבן זאָלט איר, זאָג איך, איר זאָלט גאָר קיין יסורים

ניט האָבן, באַ מיר וועט זיך אײַער בְּהֵמָה אי מעלקן, אי מילך געבן; מײַן אַלטע איז, קיין עַיִן־הָרָע, אזא בַּעַל־הַבָּיתטע, אַז פון גאָרניט בראָקט זי לאָקשן, פון פינגער קאָכט זי זאַטירקעס, מיט נִסים מאַכט זי שַׁבָּת און מיט בוכענעצעס לייגט זי קינדער שלאָפן... האָט קיין פאַריבל ניט, זאָג איך, טאָמער האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַן איבעריק וואָרט. אַ גוטע נאַכט און אַ גוטן תמיד און זײַט געזונט, — זאָג איך און לאָז מיך גיין. איך קום אַרויס אין הויף צום וואָגן, איך טו מיך אַ כאַפּ צום פערדל — אוי־וויי, אַן אומגליק, אַ צָרָה, אַ שלאַק! איך קוק אַף אַלע זײַטן, וְהִילֵך אֵינֶנוּ — ניטאָ קיין פערדל!

„נו, טֵבִיֶה, טראַכט איך מיר, דו ביסט אין דער אַרבעט!״... און עס קומט מיר אַרויף אַפן זינען אַ שיינע מַעֲשֶׂה, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט ערגעץ אין אַ ביכל, ווי אַזוי „חֶבְרֶה״ האָבן דערטאַפּט אין דער פרעמד אַן ערלעכן ייִדן, אַ חָסִיד, פאַרנאַרט צו זיך הינטער דער שטאָט אין פּאַלאַץ אַרײַן, געגעבן אים עסן און טרינקען, און נאָכדעם פּלוצים מיטאָמאָל פאַרשווונדן געוואָרן, אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין מיט. אַ נְקֵבָה; פון דער נְקֵבָה איז באַלד געוואָרן אַ חַיָה־רָעָה, פון דער חַיָה־רָעָה האָט זיך אויסגעלאָזט אַ קאַץ, און פון דער קאַץ — אַ פּיפּערנאָטער... „זע נאָר, טֵבִיֶה, זאָג איך צו מיר אַליין, צי מע פירט דיך ניט אין באָד אַרײַן?!״

— וואָס באָברעט איר זיך דאָרטן און וואָס וואָרטשעט איר? — פרעגט מען מיך.

— וואָס איך באָברע מיך? — ענטפער איך. — אַז אָך און ווי איז מיר, זאָג איך, וואָס איך לעב אַף דער וועלט; איך האָב אַ שאָדן: דאָס פערדל מײַנס...

— אײַער פערדל, מאַכן זיי צו מיר, איז אין שטאַל. זײַט זיך מַטְרִיחַ אַהינצו, אין שטאַל אַרײַן.

איך קום אַרײַן אין שטאַל און טו אַ קוק: יאָ, ווי איך בין אַ ייִד! מײַן בָּחוּר שטייט זיך גאַנץ פײַן צווישן די נְגִידִישע פערד, שטאַרק פאַרטיפט אינעם קײַען, רײַבט דעם האָבער געשמאַק, אַף וואָס די וועלט שטייט.

— הער נאָר, זאָג איך צו אים, חָכָם מײַנער, שוין צײַט אַהיים; מיטאָמאָל צוכאַפּן זיך, זאָג איך, טאָר מען נישט; אַן איבעריקער ביסן, זאָגט מען, קאָן פאַרשאַטן...

בקיצור, איך האָב אים קוים אײַנגעבעטן, מחילה אײַנגעשפּאַנט אים אין וואָגן און האָב מיך געלאָזט אַהיים לעבעדיק־פריילעך, געזונגען אַ „מלך־עליון" גאָר בגילופין. אויך מײַן פערדל איז געוואָרן גאַרנישט דאָס, וואָס פריִער; אַ נײַע פעל אַף דעם אויסגעוואַקסן; שוין נישט געוואַרט אַף קיין בײַטש, געלאָפן ווי אַ מזמור. געקומען אַהיים שוין שפּעטלעך אין דער נאַכט, אויפגעוועקט מײַן ווײַב מיט אַ שׂמחה, אַ פרייד.

— אַ גוט יום־טוב, מאַך איך צו איר, מזל־טוב דיר, גאָלדע!

— אַ וויסטער מזל־טוב דיר אַ פינצטערער, מאַכט זי, וואָס ביסטו אַזוי יום־טובדיק, מײַן טײַערער ברויטגעבער? דו פאָרסט דאָס פון אַ חתונה, צי פון אַ ברית, גאָלדשפּינער מײַנער?

— עס איז אַ חתונה, זאָג איך, מיט אַ ברית! וואַרט אויס, מײַן ווײַב, אָט וועסטו באַלד זען אַן אוצר, זאָג איך; נאָר קודם־כּל וועק אויף די קינדער, לאָזן זיי נעבעך אויך געניסן, זאָג איך, פון די יעהופּעצער מאכלים...

— צי דו ביסט דול, צי דו ביסט חסר־דעה, צי דו ביסט גערירט, צי דו ביסט פונעם זינען? עפּעס רעדסטו, ווי אַ משוגענער, שׂונאי־ציון! — זאָגט צו מיר מײַן ווײַב און שילט, לייענט די תוכחה, ווי געוויינלעך אַ ייִדענע.

— אַ ייִדענע, זאָג איך, בלײַבט אַ ייִדענע; ניט אומזיסט זאָגט שלמה המלך, אַז צווישן טויזנט ווײַבער האָט ער ניט געפונען איינע אַ רעכטע. אַ גליק, ב'לעבן, וואָס ס'איז היינט געוואָרן אויס מאָדע צו האָבן אַ סך ווײַבער. — זאָג איך און גיי מיר ארויס צו מײַן וואָגן און טראָג אַרײַן פון דאָרטן אַלע גוטע זאַכן, וואָס מע האָט מיר אײַנגעפּאַקט, און שטעל דאָס אַלצדינג אויס אַפן טיש. מײַנע חברה־לײַט האָבן דערזען בולקעס, דערשמעקט פלייש, זײַנען זיי באַפאַלן דעם טיש, ווי די הונ־געריקע וועלף, נעבעך; עס איז געוואָרן צווישן זיי אַ כאַפּעריי, די הענט האָבן געציטערט, די ציין האָבן געאַרבעט; עס איז געווען, ווי אין פּסוק שטייט: ויאכלו — מאַכט רש"י: מע האָט געקנאַקט ווי די היישע־ריקן. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן...

— נו, זאָג שוין, — מאַכט צו מיר מײַן פּלוניתטע, — בײַ וועמען איז דאָס געווען אַן אָרעם מאַלצײַט, צי אַזוי אַ סעודה, און וואָס ביסטו אַזוי האָפערדיק?

— האָב צײַט, זאָג איך, גאָלדע, דו וועסט אַלץ וויסן. דו צעבלאָז

נאַר, זאָג איך, דעם סאַמאָוואַר, און נאָכדעם וועלן מיר זיך אַרומזעצן אַלע אַרום טיש, זאָג איך, טרינקען צו גלעזלעך טיי, ווי עס געהער צו זײַן. אַ מענטש, זאָג איך, לעבט איין מאָל אױף דער וועלט, נישט קיין צוויי מאָל, ובּפֿרט, זאָג איך, אַז מיר האָבן שוין איצט אונדזער אייגנס אַ בּהֵמָה פֿון פֿיר און צוואַנציק גלעזער אַ טאָג; מאָרגן, אִם־יִרצֶה־הַשֵׁם, ברענג איך זי צו פֿירן אַנו, גאָלדע, — מאַך איך צו איר נאָכדעם, און כאַפּ אַרויס דעם גאַנצן פּאַק אַסיגנאַציעס. — אַנו, זײַ אַ בּרִיָה און טרעף וויפֿל געלט האָבן מיר דאָ?

איך טו אַ קוק אױף מײַן ווײַב — זי איז אויס מענטש, טויט ווי די וואַנט, קאָן קיין וואָרט נישט אויסריידן.

— גאָט איז מיט דיר, גאָלדע סערדצע, זאָג איך, וואָס האָסטו זיך דערשראָקן? אפשר האָסטו מוֹרא, אַז איך, טאָמער האָב איך דאָס גע־גַנבֿעט אָדער געגַזלט? פֿע, זאָג איך, מעגסט זיך שעמען! ביסט טביהס ווײַב שוין אַזאַ צײַט און קאָנסט אױף מיר איבערטראַכטן אַזאַ מַעֲשֶׂה? נאַרעלע, זאָג איך, דאָס איז כָשֵׁר געלט, פֿאַרדינט ערלעך מיט מײַן אייי־גענעם שֵׂכל און מיט מײַן האָרעוואַניע; איך האָב, זאָג איך, מַציל געווען צוויי נְפָשׁוֹת פֿון אַ גרויסער סַכָּנָה, זאָג איך, ווען נית איך, גאָט ווייס, וואָס עס וואָלט מיט זיי געווען!...

בּקִיצוּר, איך האָב איר דערציילט די גאַנצע מַעֲשֶׂה, פֿון אַלֶף ביז תָּיו, ווי־אַזוי גאָט האָט דאָ מיט מיר געפֿירט אַרום און אַרום; און מיר האָבן זיך גענומען ביידע איבערציילן דאָס געלט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל — דאָרט איז געווען פּונקט צוויי מאָל חַ״י און איינס אַן איבעריקס, האָט איר אַ קײַמֶא־לָן, הייסט דאָס, פֿון זיבן און דרײַסיק קאָרבן!... מײַנע האָט זיך אַזש צעוויינט.

— וואָס וויינסטו, זאָג איך, נאַרישע יִידענע?

— ווי־אַזוי זאָל איך ניט וויינען, זאָגט זי, אַז עס וויינט זיך? אַז דאָס האַרץ איז פֿול, זאָגט זי, גייען די אויגן איבער. גאָט זאָל מיר טאַקע, זאָגט זי, אַזוי העלפֿן, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו וועסט קומען מיט אַ גוטער בּשׂוֹרֶה. איך געדענק שוין ניט, זאָגט זי, די צײַט, ווען די באָבע צייטל, זאָל זײַן ווײַט אָפּגעשיידט, זאָל מיר קומען צו חָלוֹם. איך ליג און שלאָף, פּלוצים חָלוֹמט זיך מיר אַ מעלקשעפֿל, אַ פֿולס, ווי אַן אויג; די באָבע צייטל, עָלֶיהָ הַשָׁלוֹם, טראָגט דאָס מעלקשעפֿל

אונטערן בארטעך, מע זאָל חלילה ניט געבן קיין גוט־אויג, און די קינ־
דער שרייען: מאַמע, מאַני!...

— כאַפּ נאָר ניט די לאָקשן פאַר שבת, זאָג איך, נשמה מיינע;
לאָז די באָבע צייטל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, זאָג איך, ווייס איך נאָך
ניט, צי מיר וועלן פון איר עפּעס האָבן; נאָר אַז גאָט, זאָג איך, האָט
געקאָנט טאָן אַזאַ נס, אַז מיר זאָלן האָבן אַ בהמה, וועט ער מסתמא
זען, אַז די בהמה זאָל זיין אַ בהמה... גיב מיר בעסער אַן עצה, גאָלדע
סערדצע, וואָס טוט מען מיטן געלט?

— אדרבה, מאַכט זי צו מיר, וואָס רעכנסטו צו טאָן, טביה, מיט
אַזויפיל געלט, קיין עין־הרע?

— אדרבה ואדרבה, זאָג איך, וואָס, רעכנסטו, קאָנען מיר מאַכן,
קיין עין־הרע, מיט אַזאַ קאַפּיטאַל? — און מיר האָבן ביידע גענומען
טראַכטן אַהין, אַהער, דאָס, יענץ, געבראָכן זיך דעם קאָפּ, אויסגערעכנט
ווו ערגעץ אַ געשעפט אויף דער וועלט. יענע נאַכט האָבן מיר איבערגע־
האַנדלט מיט וואָס איר ווילט: געקויפט פערדלעך אַ פּאָר און באַלד
טאַקע זיי פאַרקויפט מיט רווחים; געעפנט אַ באַקאַליינע קלייט אין בוי־
בעריק, אויסגעפאַרקויפט די סחורה און באַלד געעפנט אַ שניטקראָם;
געהאַנדלט אַ שטיקל וואַלד, געכאַפּט אָפּטרעט־געלט עטלעכע קערבלעך
און אַנטלאָפן; געפּרוווט אויסדינגען די אַנאַטעווקער טאַקסע, נעמען דעם
„פּראָיעקט", געמאַכט אַביסל הלוואה, אָפּגעגעבן דאָס געלט אויף פּראָ־
צענט...

— משוגע מיינע שונאים! — רופט זיך אָן מיין ווייב. — דו
ווילסט צעפּלעכטן די עטלעכע גראָשנס, בלייבן מיטן בייטשל?

— וואָס דען, זאָג איך, האַנדלען מיט ברויט און נאָכדעם בלייבן
אָן אָנזעצער איז שענער? קאַרג, זאָג איך, ווערט היינט די וועלט בדיל־
הדל פון ווייץ? גייט, זאָג איך, האָרך, וואָס אין אָדעס טוט זיך!

— וואָס טויג מיר, זאָגט זי, אָדעס? מיינע אבות־אבותינו זיינען
דאָרט נישט געווען און מיינע קינדער וועלן דאָרט נישט זיין, כל־זמן איך
לעב און די פיס טראָגן מיך.

— וואָס־זשע ווילסטו? — זאָג איך.

— וואָס איך וויל? — זאָגט זי. — איך וויל, זאָלסט ניט זיין
קיין לעקיש און נישט ריידן קיין נאַרישקייטן.

— אוודאי, זאָג איך, ביסטו איצטערט אַ חכמה, ווי זאָגט מען:

אז עס קומען די מָאוֹת, קומען די דֵעוֹת, און אז מען איז אָ ם שֶׁ ר רײַך, איז מען ג ע װ י ס קלוג... ס׳איז תָּמיד אזױ!

בקיצור, מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל צעקריגט און טאַקע באַלד איבערגעבעטן, און עס איז באַ אונדז געבליבן דער פּלאַן, מיר זאָלן צו דער מאַורע בְּהֵמָה צוקויפן נאָך אַ בְּהֵמָה אַ מעלקעדיקע, װאָס גיט מילך...

װעט איר דאָך מסתּמא פרעגן אַ קַשְׁיָא: װאָס עפּעס אַ בְּהֵמָה, פאַר־װאָס ניט קיין פערד? װעל איך אײַך ענטפערן: װאָס עפּעס אַ פערד, פאַרװאָס ניט קיין בְּהֵמָה? בױבעריק איז דאָך אַן ערטל, װאָס עס קומען זיך צונויף אהינצו אױף זומער אַלע יעהופּעצער נְגִידים אױף די דאַטשעס, און אַזױ װי די יעהופּעצער לײַט זײַנען אַלע זײער איידעלע מענטשן, װאָס זײַנען געצויגן, מע זאָל זײ אַלצדינג ברענגען גרייטס, גלײַך אין מויל אַרײַן: פון האָלץ און פון פלייש און פון אייער, הינער, ציבעלעס, פעפער, פּעטרישקע, — פאַרװאָס־זשע זאָל זיך ניט געפינען איינער אַזעלכער, װאָס זאָל זיך אונטערנעמען ברענגען זײ אַלע מאָל אין שטוב אַרײַן קעז און פּוטער און סמעטענע וכדומה? װעדליק די יעהופּעצער האַלטן פון דער אֲכִילָה און דאָס קערבל איז באַ זײ, װי זאָגט איר, אַ מַמזר, קאָן מען דאָך לייזן שיין געלט און פאַרדינען דערבײַ טאַקע גראָב. דער עיקר, אַבי די סחוֹרָה זאָל זײַן סחוֹרָה; און אַזאַ סחוֹרָה, װי באַ מיר, קריגט איר דאָך ניט אין יעהופּעץ אַפילו. איך זאָל האָבן די בְּרָכוֹת מיט אײַך אינאײנעם, װיפל מאָל גרױסע לײַט, קריסטן, בעטן זיך באַ מיר, איך זאָל זײ ברענגען פרישע סְחוֹרָה: „מיר האָבן געהאָרכט, זאָגן זײ, טעװעל, אַז דו ביסט אַן אָרנטלעכער מאַן, כאָטש דו ביסט אַ ייִד, אַ פאַרך“... מיינט איר, פון ייִדן װעט איר האָרכן אַזאַ קאָמפּלימענט? װי לאַנג קרענקען מײַנע שׂוֹנאים! קיין גוט װאָרט הערט מען נישט פון אונדזערע ייִדעלעך. זײ װייסן נאָר אַרײַנקוקן יענעם אין טעפּל אַרײַן. מע האָט דערזען באַ מיר אַ טְבֵיהן אַ בְּהֵמהלע אַן איבעריקס, אַ בריטשקע אַ נײַע, — האָט מען אָנגעהויבן ברעכן זיך די קעפּ: פון װאַנען און פון װאָס? צי האַנדלט נישט דער דאָזיקער טְבֵיָה מיט פאַלשע סיגנאַציעס? אָדער צי קאָכט ער נישט קיין ספּירט שטילערהייט, בְּשתִיקָה?... „כאַ־כאַ־כאַ! ברעכט אײַך, ברידערלעך, טראַכט איך מיר, די קעפּ געזונטערהייט!“... איך װייס ניט, צי איר װעט מיר גלייבן — איר זײַט כְּמעט דער ערשטער, װאָס איך האָב אײַך דערציילט די גאַנצע געשיכטע, װי־אַזױ און װאָס און װען... נאָר, מיר דאַכט, איך האָב מיך אַביסל פאַררעדט. האָט קיין

פאַריבל ניט, מע באַדאַרף אין זינען האָבן, ווי זאָגט איר, עֵסֶק, אָדער ווי אין פסוק שטייט: כָּל עוֹרֵב לְמִינֵהוּ — איטלעכער צו זײַנעם. איר צו אײַערע ביכלעך, איך צו מײַנע טעפּלעך און צו מײַנע קרינגלעך... איין זאַך וועל איך אײַך בעטן, פּאַניע: איר זאָלט מיך כאָטש ניט אַרײַנ־שרײַבן אין אַ ביכל; און אַז איר וועט מיך אַרײַנשרײַבן, זאָלט איר כאָטש ניט אַרויסשטעלן דעם נאָמען מײַנעם... זײַט מיר געזונט און האָט אײַך אַ גוטן תָּמִיד.

# אַ בוידעם

— רַבּוֹת מַחֲשָׁבוֹת בְּלֶב אִישׁ — אַזוי, דאַכט זיך, שטייט בא אונדז געשריבן אין דער הייליקער תּוֹרה? פאַרטײַטשן דעם פָּסוּק באַדאַרף איך אײַך ניט, רֶב שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם; נאָר בלשון אשכּנז גע־רעדט, דאָס הייסט אַף פּראָסט יידיש איז דאָ אַ ווערטל: „דאָס בעסטע פערד באַדאַרף האָבן אַ בײַטש, דער קליגסטער מענטש — אַן עֵצָה". אַקעגן וואָס זאָג איך עס, הייסט דאָס? אַקעגן זיך אַליין טאַקע, וואָרעם אַז איך האָב שֵׂכל און קום אַרײַן צו אַ גוטן פרײַנט און דערצייל אים דאָס און דאָס, אַזוי און אַזוי, וואָלט איך געוויס ניט געהאַט אַזאַ מיאוסן פְּסָק. נאָר וואָס דען? הַחַיִּים וְהַמָּוֶת בְּיַד הַלָּשׁוֹן — אַז גאָט וויל שטראָפן אַ מענטשן, נעמט דאָס אַפּ בא אים דעם שֵׂכל. איך טראַכט מיר צו זיך אַליין וויפל מאָל: „באַרעכן נאָר, טֵבְיֶה, דו פערד איינער, ביסט דאָך עפּעס, זאָגט מען, יאָ נישט קיין נאַר, ווי קומסטו זיך לאָזן פירן אין באָד אַרײַן, און נאָך אַזוי נאַריש? וואָס וואָלט דיר אָפּגעגאַנגען אַצינדערטאָ, למשל, בא דײַן שטיקעלע פַּרְנָסָה, קיין עַיִן־הָרָע, מיט דײַן ביסל מילכיקס, וואָס האָט אַזאַ שֵׁם אַף דער וועלט, כ'לעבן, אומעטום, אין בויבעריק, אין יעהופּעץ, און וווּ ניט? ווי פײַן און ווי זיס וואָלט דאָס געווען איצטערטאָ, ווען די קלינגערס, אַ שטיי־גער, ליגן זיך שטילערהייט אין קאַסטן, ווײַט באַגראָבן, קיין בֶּן־אָדָם וויים דערפון, וואָרעם ווער מען גייט דאָס אָן, איך בעט אײַך, צי טֵבְיֶה האָט געלט, צי ניין? איך מיין טאַקע בֶּאֱמֶת. אַ סך האָט זיך די וועלט אינטערעסירט מיט אים, אַז ער איז געלעגן, ניט הײַנט געדאַכט, נישט פאַר קיין יידן געדאַכט, נײַן איילן אין דער ערד, געשטאָרבן דרײַ מאָל אַ טאָג פאַר הונגער מיט ווײַב און קינדער? ערשט נאָכדעם, אַז גאָט האָט זיך אַרומגעקוקט אַף טֵבְיֶהן, אים באַגליקט מיטאַמאָל, און ער האָט זיך קוים־קוים דערשלאָגן צו אַ שטיקל תַּכלית, אָנגעהויבן אָפּלייגן אַ קערבל, איז מיט אים געוואָרן פול די וועלט, און טֵבְיֶה איז שוין געוואָרן רֶב

טֶבֿיֶה גאָר — אַ קאַטאָוועס אַביסל! עס האָבן זיך שוין אַרויסבאַוויזן גוטע פּרײַנט אַ סך, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן: כּוּלָם אֲהוּבִים כּוּלָם בְּרוּרִים — אַז גאָט גיט מיטן לעפל, גיבן לײַטן מיטן שעפל. איטלעכער באַזונדער קומט צוגיין מיט זײַנעם: דער זאָגט אַ שניט־קראָם, דער אַ באַקאַליי, דער זאָגט אַ שטוב, אַ נַחלָה, אַן אייביק געווער, דער קומט צוגיין — ווייץ, דער — וואַלד, דער — טאַרגעס... „ברידערלעך! — זאָג איך. — טשעפּעט זיך אָפּ! איר האָט, זאָג איך, אַ ווילדן טָעוּת; איר מיינט, אַפּנים, איך בין בראָצקי? לאָמיר דאָס אַלע, זאָג איך, פֿאַרמאָגן, וואָס איך האָב ווינציקער פֿון שי״ן קאַרבן, און אַפֿילו פֿון רֵי״ש, און אַפֿילו פֿון קֵ״ן! יענעמס גוטס, זאָג איך, איז גרינג צו שאַצן; יעדן דאַכט זיך, אַז יענעמס לײַכט זיך, קומסט צו נאָנט, איז דאָס אַ מעשׂן קנעפּל.

בְּקיצור, ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, טאַקע אונדזערע ייִדעלעך מיין איך, מע האָט מיר אַ גוט־אויג געגעבן! אַ קָרוֹב האָט מיר גאָט צוגעשיקט, עפּעס אַ שמעלקע, ווייס איך: מײַן פֿערדס בײַטש־שטעקעלע, ווי מע זאָגט. מְנַחֵם־מענדל הייסט ער, אַ פּלְיָער, אַ ברעכער, אַ לױפֿער, אַ דרייער, אַ נעכטיקער טאָג, אַף קיין גוט אָרט זאָל ער ניט שטיין! ער האָט מיך דערטאַפּט און פֿאַרדרייט מיר מײַן קאָפּ מיט חֲלוֹמוֹת, ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן. וועט איר דאָך פֿרעגן: מַה נִשְׁתַּנֶה — ווי קום איך, טֶבֿיֶה, צו מְנַחֵם־מענדלען? וועל איך אײַך דערויף ענטפֿערן אַ תֵּירוּץ: עֲבָדִים הָיִינוּ — ס'איז אַזוי באַשערט. הערט אַ מַעֲשֶׂה:

איך קום צו פֿאָרן קיין יעהופּעץ, תְּחִילַת ווינטער, מיט מײַן ביסל מילכיקס — אַ פֿונט עטלעכע און צוואַנציק פּוטער פֿרישע פֿון פּוטער־לאַנד, מיט אַ פּאָר שיינע וואַרעטשקעס קעז, גאָלד און זילבער, לאָמיר זיך ביידע ווינטשן אַזאַ יאָר! דאָס פֿאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין, אַז איך האָב מײַן סְחוֹרָה פֿאַרצוקערט, נישט געלאָזט זיך אַ לעק, איר זאָלט זאָגן אַף אַ רְפוּאָה, קיין צײַט געהאַט אַפֿילו צו זײַן באַ אַלע מײַנע זו־מערדיקע קוֹנִים, די בויבעריקער דאַטשניקעס, וואָס קוקן אַרויס אַף מיר, ווי אַף מָשִׁיחַן, ווואָרעם אַזוי לאַנג שמײַסט מען זיי, אײַערע יעהופּעצער סוֹחרים מיין איך, ווי זיי קאָנען גאָר געבן אַזאַ שטיקל סחוֹרָה, ווי טֶבֿיֶה גיט; אײַך באַדאַרף איך נישט דערציילן, ווי זאָגט דער נָבִֿיא: יְהַלֶּלְךָ זָר — גוטע סְחוֹרָה לויבט זיך אַליין...

בְּקיצור, אויסגעפּאַרקויפֿט אינגאַנצן עד לְפַ״ק און אונטערגעוואָרפֿן

מײַן פערדל אַביסל היי, גיי איך מיר אַרויס אַזוי אין שטאָט. אָדָם יְסוֹדוֹ מֵעָפָר — מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, גלוסט זיך אָנקוקן אַ וועלט, כאַפּן לופט, זען די אַנטיקלעך, וואָס יעהופּעץ שטעלט אַרויס אין די פענצטער, ווי איינער רעדט: מיט די אויגן נאַ, זע, קוק, וויפל דו ווילסט, נאָר מיט די הענט — אַזאָס!... שטייענדיק אַזוי באַ אַ גרויסן פענצטער מיט האַלבע פּריאַלן און קערבלעך זילבערנע אַ סך מיט באַנקאָווע ביליעטן און מיט גלאַט סינגאַציעס אָן אַ שיעור, טראַכט איך מיר בשעת מעשה: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! ווען איך פאַרמאָג כאָטש אַ צענט־חֵלֶק, וואָס אָט־דאָס־אָ באַטרעפט, וואָס וואָלט איך דעמאָלט גע־האַט צו גאָט און ווער וואָלט געווען צו מיר גלײַך? רֵאשִׁית־חָכְמָה וואָלט איך אַ שִׁדּוּך געטאָן מיט מײַן עלטערער טאָכטער, געגעבן איר תַּ"ק קאַרביצן נדן, אַ חוץ כַּלֶּה־מַתָּנוֹת, אַ חוץ הַלְבָּשָׁה מיט חַתֻנָּה־הוֹצָאוֹת; דאָס פערד און וועגעלע מיט מײַנע בְּהֵמָהלעך וואָלט איך פאַרקויפט, באַלד אַרויסגעפאָרן אין שטאָט אַרײַן, געקויפט אָן אָרט אין מִזְרָח־וואַנט, מײַן ווײַב זאָל לעבן אַביסל פּערל, און צְדָקָה געטיילט, ווי דער שענסטער בַּעַל־הַבַּיִת; געזען, דאָס בֵּית־הַמִּדְרָשׁ זאָל זײַן געדעקט מיט אײַזן, ניט עס זאָל שטיין, ווי איצט, אָן אַ דאַך, גרייט אַלֶע שָׁעה אַף אײַנצופאַלן; אײַנגעפירט אַ שטיקל תַּלְמוּד־תּוֹרָה אין שטאָט מיט אַ בִּיקוּר־חוֹלִים, ווי אין אַלע לײַטישע שטעט, ניט אָרעמע לײַט זאָלן וואַלגערן זיך אַף דער הוילער ערד אין בֵּית־הַמִּדְרָשׁ; יַעֲנקל־שייגעץ וואָלט באַ מיר געוואָרן אויס גַבָּאי אין חֶבְרָה־קַדִּישָׁא, געגוג שוין טרינקען בראָנפן און עסן פּופּ־קעס מיט לעבערלעך אַף קָהָלס חֶשְׁבּוֹן!...

— שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, רֶב טֶבְיֶה! — הער איך עמעצער זאָגט מיר פון הינטן. — וואָס מאַכט אַ ייִד? — איך דריי מיך אויס און טו אַ קוק, איך וואָלט געמעגט שווערן, אַ באַקאַנטער! „עֲלֵיכֶם־שָׁלוֹם, זאָג איך, פון וואַנעט איז אַ ייִד?" — פון וואַנען? פון כַּתרילעווקע, מאַכט ער צו מיר, טאַקע אײַערם אַ פרײַנטל, דאָס הייסט, איך קער מיך אָן, זאָגט ער, מיט אײַך אַ שֵׁנִי בְּשְׁלִישִׁי, אײַער ווײַב גאָלדע, זאָגט ער, איז מיר אָן אייגן גליד־גליד־געשוועסטערקינד. „שאַט־זשע נאָר, זאָג איך, זײַט איר אפשר ניט בָּרוּך־הערש לֵאָה־דוואָסים אָן איידעם?" — כמעט ווי געטראָפן, מאַכט ער צו מיר: איך בין בָּרוּך־הערש לֵאָה־דוואָסים אָן איי־דעם, און מײַן ווײַב הייסט שיינע־שיינדל בָּרוּך־הערש לֵאָה־דוואָסים, הײַנט ווייסט איר שוין? „שאַט־זשע נאָר, זאָג איך, אײַער שוויגערם באַ־

בע, שָׂרָה־יענטע, מיט מײַן װײַבס מומע, פֿרומע־זלאַטע, זײַנען, דאַכט זיך, געװען אויב נישט קיין אייגענע געשװעסטערקינדער. און אויב איך האָב קיין טָעוּת ניט, זײַט איר דער מיטלסטער איידעם בא בָּרוּך־הערש לֵאָה־דװאָסים, נאָר װאָס דען, איך האָב פֿאַרגעסן װי מע רופֿט אײַך, אײַער נאָמען, זאָג איך, איז בא מיר אַרויסגעפֿלויגן פֿונעם קאָפּ, מַה שְּׁמֶכֶם? װיאַזוי איז אײַער אֱמֶתער נאָמען?" מיך, זאָגט ער, רופֿט מען מְנַחֵם־מענדל בָּרוּך־הערש לֵאָה־דװאָסים, אַזוי רופֿט מען מיך אינדערהיים, אין כּתרילעװקע. „אויב אַזוי, מײַן ליבער מְנַחֵם־מענדל, מאַך איך צו אים, קומט דאָך דיר טאַקע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם גאָר אויף אַן אַנדער אוֹפֿן! זאָג־זשע מיר, מײַן טײַערער מְנַחֵם־מענדל, װאָס טוסטו דאָ, װאָס מאַכט די שװי־גער דײַנע און דער שװער זאָל לעבן? װי גייט דאָס דיר, זאָג איך, אין געזונט, און װאָס מאַכן עפּעס דײַנע געשעפֿטן?" — עט, מאַכט ער, אין געזונט גאָט צו דאַנקען, מע לעבט; נאָר די געשעפֿטן, זאָגט ער, זײַנען עפּעס הײַנט ניט אַזוי פֿייגלדיק. „גאָט װעט העלפֿן", מאַך איך און כאַפּ אַ קוק אויף זײַנע מַלבּוּשים נעבעך: אויסגעטריפּעט אין אַ סך ערטער, און די שטיװל מְחִילָה צעטרעטנט סַכָּנוֹת־נְפָשׁוֹת... „נישקשה, גאָט, זאָג איך, װעט העלפֿן. עס װעט זיך מִסְתָּמָא פֿאַרבעסערן, װי אין פּסוק שטייט: הֲ בֵ ל הֲ בָ לִים — געלט, זאָג איך, איז קײַלעכיק; הײַנט אַזוי, מאָרגן אַזוי, אַבי מע לעבט; דער עיקר, זאָג איך, איז בִּטָּחוֹן, אַ ייִד באַדאַרף האָפֿן; אײַ, מע װערט זאָג איך, פֿאַרשװאַרצט? דערויף זײַנען מיר דאָך עפּעס ייִדן אויף דער װעלט, װי זאָגט מען: ביסטו אַ זעלנער, שמעק פּולװער. מָשָׁל כִּחֶרֶס הַנִּשְׁבָּר — די גאַנצע װעלט, זאָג איך, איז אַ חָלוֹם... דו זאָג מיר בעסער, מְנַחֵם־מענדל סערדצע, װי קומסטו אַהער, פּלוצים אין מיטן דערינען אין יעהופּעץ גאָר?" — װאָס הייסט, מאַכט ער, װי איך קום אַהער? איך בין שוין הי, זאָגט ער, פּאָװאָלינקע, אַזוי גרויס, װי אַ יאָר אַנדערהאַלבן. „אַזוי גאָר? ביסטו, הייסט דאָס, אַ היגער, זאָג איך, טאַקע אַ יעהופּעצער תּוֹשָׁב?" — ש־ש־ש! — מאַכט ער צו מיר און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטן. — שרײַט נישט אַזוי הויך, רב טֵבְיָה; אַ היגער, זאָגט ער, בין איך טאַקע, נאָר צװישן אונדז, זאָגט ער, באַ־דאַרף עס בלײַבן... איך שטיי און קוק אים אָן טאַקע נאָר װי אַ משוגע־נעם. „ביסט אַ בּוֹרֵחַ, זאָג איך, באַהאַלסט זיך אין אין יעהופּעץ אין מיטן מאַרק?" —פֿרעגט ניט, זאָגט ער, רב טֵבְיֶה, ס'איז רעכט; איר זײַט, אַפּנים, גאַרנישט באַקאַנט מיט די יעהופּעצער דִּינִים און מִנְהָגִים...

קומט, זאָגט ער, וועל איך אײַך דערציילן, וועט איר פאַרשטיין, וואָס הייסט מען איז יאָ אַ היגער און נישט קיין היגער... און ער האָט מיר אָנגעהויבן לייענען אַ צעטל, אַ גאַנצע מְגִלָּה, וויאַזוי מע ווערט דאָ אַביסל אויסגעריסן... „אַט פאָלג מיך, מְנַחֵם־מענדל, פאָר זיך דורך צו מיר אין דאָרף אויף אַ טאָג, וועסט זיך אַביסל אויסרוען די ביינער כאָטש; וועסט זײַן, זאָג איך, אַ גאַסט, און אַן אָנגעלייגטער דערצו, מײַן אַלטע וועט זיך מיט דיר מְחַיֶה זײַן".

בְּקִיצוּר, איך האָב באַ אים געפּועלט: מיר פאָרן אינאיינעם. געקומען אַהיים — אַ גְדוּלָה! אַ גאַסט! אַן אייגן גליד־גליד־געשוועסטער־קינד! אַ קלייניקייט, ווי זאָגט איר: אייגנס איז ניט פרעמדס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ תְּשׁוּבָה: וואָס הערט זיך אין כּתרילעווקע? וואָס מאַכט דער פעטער בָּרוּך־הערש? וואָס טוט די מומע לֵאָה־דוואָסי? דער פעטער יאָסל־מְנַשֶׁה? די מומע דאָבריש? און די קינדער זייערע וואָס מאַכן? ווער איז געשטאָרבן? ווער האָט חֲתֻנָה געהאַט? ווער האָט זיך געגט? ווער איז געלעגן געוואָרן און ווער איז אויף דער צײַט? „וואָס טויג דיר, מײַן ווײַב, פרעמדע חֲתֻנוֹת, זאָג איך, מיט פרעמדע בְּרִיתן? דו זאָלסט בעסער, זאָג איך, סע זאָל זײַן וואָס צו נעמען אין מויל אַרײַן. כָּל דִּכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכוֹל — פאַרן עסן, זאָג איך, גייט קיין טאַנץ ניט. אויב, זאָג איך, אַ באָרשט, איז מַה טוֹב, אֶלָּא ניט — מאַכט ניט אויס, זאָג איך, קנישעס, אָדער קרעפּלעך, מאַנשקעס, צָרוֹת־קניידלעך, צי אֶפְשָׁר גאָר, זאָג איך, בלינצעס, ווערטליקעס, ווערטוטן. עס מעג זײַן, זאָג איך, מער מיט אַ געריכט, אַבי גיך".

בְּקִיצוּר, מע האָט זיך געוואַשן און גאַנץ פײַן פאַרביסן, ווי זאָגט איר: וַיֹּאכְלוּ — מאַכט רַשִׁ"י: ווי גאָט האָט געבאָטן. „פאַרבײַס, מְנַחֵם־מענדל, מאַך איך צו אים, ס'איז בְּמֵילָא, ווי זאָגט דָוִד הַמֶּלֶךְ, הֶבֶל הֲבָלִים, אַ נאַרישע וועלט און אַ פאַלשע, און געזונט, אַזוי פלעגט זאָגן מײַן באָבע נְחָמָה זֵכֶר לִבְרָכָה, — געווען אַ קלוגע יידענע, אַ חֲכָמָה נִפְלָאָה — געזונט און פאַרגעניגן זאָל מען זוכן אין שיסל"... מײַן גאַסט נעבעך, די הענט האָבן אים אַזש געציטערט, האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּלויבן פון מײַן ווײַבס מְלָאכָה, געשוואָרן באַ אַלדאָס גוטס, אַז ער געדענקט שוין גאָר ניט די צײַט, ווען ער זאָל עסן אַזאַ מילכיקס, אַזעלכע געראָטענע קנישעס מיט אַזוינע באַטעמטע ווערטוטן. „נאַריש־קייטן, זאָג איך, דו זאָלסט פאַרזוכן, מְנַחֵם־מענדל, איר טייגעכץ, זאָג

איך, אָדער אַ מאַהינע, וואָס זי מאַכט, וואָלסטו דעמאָלט ערשט געוווּסט וואָס הייסט טַעַם גַן־עֵדֶן אויף דער וועלט!"

בקיצור, אָפּגעגעסן און אָפּגעבענטשט, האָט מען זיך אַבּיסל צעדעט איטלעכער פון זײַנעם, ווי געוויינלעך; איך — פון מײַנע געשעפטן, ער — פון זײַנע; איך — פון דעם, פון יענעם, לאָקש, בוידעם, ציבעלע, ער — פון זײַנע געשעפטן, דערציילט מַעֲשׂיות פון אָדעס און פון יעהופּעץ, וויאַזוי ער איז שוין געווען אַ מאָל צען, ווי זאָגט מען, „נאַ קאַני אי פּיד קאָנעם", הײַנט אַ נָגיד, מאָרגן אַ קַבּצן, און ווײַטער אַמאָל אַ נָגיד און ווידער אַמאָל אַן אֶבְיוֹן; געהאַנדלט מְסַחְרִים עפּעס אַלץ אַזעלכע, וואָס איך האָב אין מײַן לעבן נישט געהערט, משונה־אומגעלומפּערטע: „האָס" און „בעס", און „אַקציעס־שמאַקציעס", „פּאַטיווילעוו", „מאַלצעוו־שמאַלצעוו", דער גוטער יאָר ווייס זיי דאַרטן, און חֶשבּוֹנוֹת משוגענערווײַז, צען טויזנט, צוואַנציק טויזנט — געלט ווי האָלץ! „איך זאָג דיר דעם אֱמֶת, מְנַחֵם־מענדל, זאָג איך צו אים, מֵילָא דאָס, וואָס דו דערציילסט פון דײַנע מַשָׂא־מַתּנס, איז דאָס אַוַדאי אַ בְּרִיָה־שאַפט, מע באַדאַרף עס קאָנען; נאָר איין זאַך פאַרשטיי איך ניט: ווערליק איך קען, זאָג איך, דײַן בַּחוּרטע, איז מיר, זאָג איך, אַ גרויס חִידוּש, וואָס זי לאָזט דיך אַזוי פּלִיען און קומט נישט צו דיר, זאָג איך, רײַטנדיק אויף אַ בעזעם". — ע! — מאַכט ער צו מיר מיט אַ זיפץ. — דאָס זאָלט איר מיר, רֶב טֶבְיֶה, גאָר נישט דערמאָנען, איך האָב פון איר אַזוי אויך, זאָגט ער, קאַלט און וואַרעם; איר זאָלט האָרכן, זאָגט ער, וואָס זי שרײַבט מיר, וואָלט איר אַליין געזאָגט, אַז איך בין אַ צַדִיק. נאָר דאָס, זאָגט ער, איז פון די קליינע זאַכן, דערויף איז זי אַ ווײַב, זי זאָל מיך באַגראָבן. ס'איז פאַראַן, מאַכט ער, אַ סך אַן ערגערע זאַך: איך האָב, פאַרשטייט איר מיך, מײַן אייגנס אַ שוויגער! איך באַדאַרף אײַך נישט דערציילן, זאָגט ער, איר קענט זי!... „עס קומט אויס באַ דיר, זאָג איך, ווי עס שטייט: עֲקוּדִים, נְקֻדִים וּבְרוּדִים — דאָס הייסט, אַ מַכָּה אויף אַ מַכָּה און אויף דער מַכָּה אַ בלאָטער?" — יאָ, מאַכט ער, רֶב טֶבְיֶה, איר זאָגט דאָס גאַנץ גלײַך; די מַכָּה איז טאַקע אַ מַכָּה, נאָר דער בלאָטער, זאָגט ער, אוי, דער בלאָטער איז ערגער פון דער מַכָּה!...

בְּקִיצוּר, מיר האָבן אַזוי פּאַוואָלינקע געפּלאָפּלט ביז העט־שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן; דער קאָפּ האָט זיך מיר אַזש געדרייט פון זײַנע מַעֲשׂיות מיט די ווילדע געשעפטן מיט די טויזנטער, וואָס פלִיען אַרויף און אַראָפּ,

און מיטן פאַרמעגן, וואָס בראָצקי פאַרמאָגט... עס האָבן זיך מיר נאָכ־דעם אַ גאַנצע נאַכט געפּלאָנטעט: יעהופּעץ... האַלבע פּריזאַלן... בראָצקי... מְנַחֵם־מענדל מיט דער שוויגער... ערשט אַף מאָרגן אינ־דערפרי האָט ער אויסגעקוועטשט זיך: וואָס איז? בַּאֲשֶׁר אַזוי ווי עס גייט, זאָגט ער, בײַ אונדז אין יעהופּעץ אַ שטיקל צײַט, וואָס געלט איז בַּחֲשִׁיבֻות גָדול, און סְחוֹרָה ליגט אין דער ערד, הַכֵּן, זאָגט ער צו מיר, אַצינדערט האָט איר בְּיַד, רֶב טֵבְיֶה, כאַפּן היפּשע עטלעכע גראָשנס, און מיך, זאָגט ער, וועט איר ממש דערהאַלטן בײַם לעבן, פָּשׁוּט מְחַיֶה־מֵתִים זײַן, פֿון טויט לעבעדיק. „רעדסט ווי אַ יינגל, מאַך איך צו אים, מיינסט, אַפָּנִים, בײַ מיר איז יעהופּעצער געלטן, האַלבע פּריזאַלן? נאַרעלע, זאָג איך, וואָס מיר פעלט צו בראָצקין, מעגן מיר זיך ווינטשן, מיר זאָלן דאָס ביידע פאַרדינען ביז פֶּסַח". — יאָ, מאַכט ער, דאָס ווייס איך אַליין; נאָר איר מיינט, זאָגט ער, מע באַדאַרף דערצו האָבן גרויסע געלטן? איין הונדערטער, זאָגט ער, ווען איר גיט מיר אַצינד, מאַך איך אײַך פֿון אים אין דרײַ־פיר טעג צוויי הונדערט, דרײַ הונדערט, זעקס הונדערט, זיבן הונדערט, און פאַרוואָס ניט טאַקע אַלע טויזנט? „עס קאָן זייער שיין געמאָלט זײַן, זאָג איך, עס זאָל זײַן, ווי אין פָּסוּק שטייט: קָ ר וֹ בֿ לְ שְׁ בֿ ַ ר וְ ר ָ ח וֹ ק מִ ק ע ש ע נ ע. נאָר ווען, זאָג איך, איז דאָס גערעדט געוואָרן? אַז ס'איז דאָ וואָס אײַנצושטעלן; אָבער אַז ס'איז ניטאָ דער הונדערטער, קומט דאָך אויס, זאָג איך, בְּ ג ַ פּ וֹ י ָ ב וֹ א בְּ ג ַ פּ וֹ י ֵ צ ֵ א — מאַכט רַשִׁ"י: אַז מע לייגט אַרײַן קרענק, נעמט מען אַרויס קַדַחַת".
— עט נו, מאַכט ער צו מיר, אַ הונדערטער וועט זיך נאָך בײַ אײַך, רֶב טֵבְיֶה, געפינען; בײַ אײַער פַּרְנָסָה, זאָגט ער, מיט אײַער נאָמען, קיין עַיִן־הָרָע... „וואָס קומט, זאָג איך, אַרויס פֿונעם נאָמען? אַ נאָמען איז אַוַדְאי זייער אַ גוטע זאַך; נאָר וואָס דען? איך בלײַב בײַם נאָמען, און געלט האָט טאַקע בראָצקי... אויב דו ווילסט, זאָג איך, וויסן אַקוראַט, פאַרמאָגט איך מײַן אייגנס אַרום און אַרום קוים־קוים אַ הונדערטער, האָב איך אַף אים אַכצן לעבער: ערשטנס, חַתֻּנָה מאַכן אַ טאָכטער..."
— הערסטו, מאַכט ער, אָט דאָס מיינט דאָך טאַקע דער פָּסוּק! ווײַרעם ווען, זאָגט ער, קאָנט איר, רֶב טֵבְיֶה, האָבן אַזאַ געלעגנהייט אַרײַנלייגן איין הונדערטער און אַרויסנעמען, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, אַזויפיל, אַז עס זאָל אײַך, זאָגט ער, כאַפּן אי אַף חַתֻּנָה מאַכן קינדער, אי אַף עפּעס נאָך? און ס'איז אָוועקגעגאַנגען אַ נײַער מִזְמוֹר אַף דרײַ זייגער שָׁעָה, מיר געבן

צו פאַרשטיין, וויאַזוי ער מאַכט פון אַ קערבל דריַי און פון דריַי צען. מע נעמט, זאָגט ער, ראֵשית־חָכמָה, און מע טראָגט אַריַין אַ הונדערטער און מע הייסט זיך, זאָגט ער, קויפן אַ צען שטיקלעך — איך האָב שוין פאַרגעסן, וויאַזוי מע רופט דאָס — און מע וואַרט צו עטלעכע טעג ביז עס הייבט זיך אויף. שלאָגט מען אַ דיפּעש ערגעץ אַהין, מע זאָל דאָס פאַרקויפן און פאַרן געלט קויפן צוויי מאָל אַזויפיל; נאָכדעם הייבט זיך עס ווידער אַמאָל, קלאַפּט מען ווידער אַ דיפּעש; אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז עס ווערט, זאָגט ער, פונעם הונדערטער — צוויי, פון די צוויי — פיר, פון די פיר — אַכט, פון די אַכט — זעכצן, טאַקע מַמָש נִסים וְנִפלָאוֹת! פאַראַן, זאָגט ער, אין יעהופּעץ אַזעלכע, וואָס זיַינען ערשט אַט־דאָ ניט לאַנג אַרומגעגאַנגען אָן שטיוול, געווען מעקלער, באַהעלפערס, מְשָרתִים; היַינט האָבן זיי אייגענע היַיזער, מויערן, זייערע וויַיבער האָבן צו טאָן מיט די מאָגנס — פאָרן קיין אויסלאַנד זיך היילן... און אַליין פליִען זיי אַרום איבער יעהופּעץ אויף גומעלאַסטיקענע רעדלעך, פּו־פּו — דערקענען שוין נישט קיין מענטשן!...

בְקיצוּר, וואָס זאָל איך אײַך דאָ לאַנג מַאריך זיַין? עס האָט מיך אָנגענומען אַ חֵשֶק ניט אויף קאַטאָוועס. אַ קַשיָא אויף אַ מַעשֶׂה, טראַכט איך מיר, אֶפשר איז ער דער גוטער שָלִיחַ מיַינער? אַט האָרך איך דאָך פּאָרט, מענטשן ווערן גליקלעך אין יהופּעץ מיט פינף פינגער, — וואָס בין איך ערגער פון זיי? קיין ליגנער איז ער, דאַכט זיך, נישט, ער זאָל אויסטראַכטן פונעם קאָפּ אַזעלכע פּזמוֹנוֹת. טאָמער טאַקע, קלער איך מיר, טוט זיך עס טאַקע אַ דריי, ווי זאָגט איר, אויף דער רעכטער זיַיט, און טֵביה ווערט כאָטש אויף דער עלטער אַ שטיקל מענטש? ביז וואַנעט איז טאַקע דער שִיעור צו האָרעווען, אויסגעריסן ווערן, כ'לעבן? טאָג ווי נאַכט ווידער אַמאָל דאָס פערד־און־וועגעלע און אָבער אַמאָל קעז און פּוטער. ציַיט, זאָג איך, טֵביָה, זאָלסט שוין אָפּרוען זיך, ווערן אַ בַעַל־הַבָית צווישן בַעֲלֵי־בָתִים, קומען אין אַ בֵית־מֶדרֶש, אַריַינקוקן אין אַ יידישן סֵפֶר. אײַ וואָס? טאָמער חָלִילָה, לֹא יַעֲלֶה וְלֹא יָבוֹא, עס מאַכט מיר לעמל, דאָס הייסט, מיט דער פּוטער אַראָפּ? לְמַאי זאָל איך בעסער ניט קלערן דאָס אייגענע צוריק? — „האַ? וויאַזוי זאָגסטו? — רוף איך מיך אָן צו מיַין אַלטער. — ווי געפעלט דיר, אַ שטייגער, גאָלדע, דער פּלאַן זיַינער?" — וואָס זאָל איך, מאַכט זי, דערויף זאָגן? איך ווייס, זאָגט זי, מְנַחֵם־מענדל איז חלילה נישט קיין אַבי־ווער, וואָס זאָל

בא דיר וועלן אויסנארן; ער איז, חס־ושלום, ניט פון קיין שנײַדערס און פון קיין שוסטערס! ער האט, זאגט זי, זייער א לײַטישן טאטן, און א זיידן, זאגט זי, האט ער געהאט גאר א צאצקע, געזעסן יוֹמָם וָלַיְלָה און בלינדערהייט געלערנט תּוֹרָה. און די באבע צייטל, זאל זײַן ווײַט אפגעשיידט, איז עפעס אויך געווען, זאגט זי, ניט קיין פּראָסטע יידענע... „ס'איז א מָשל צו חֲנוּכָּה־ליכטלעך, זאג איך, מע רעדט עֵסֶק, קומט זי צוגיין מיט דער באבע צייטל, וואס האט געבאקן האניק־לעקעך, און מיט איר זיידן, וואס יָצְאָה נִשְׁמָתוֹ בִּגְלעזל... א יידענע בלײַבט א יידענע. נישט אומזיסט, זאג איך, איז שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אויסגעפאָרן די גאנצע וועלט און נישט געפונען איין יידענע מיט א קלעפּקע אין קאָפּ"...

בִּקְיצוּר, עס איז געבליבן, אז מיר שליסן שותּפוּת; איך לייג אַרײַן געלט, און מְנַחֵם־מענדל — שֵׂכֶל, און וואס גאט וועט געבן איז דאס אַף דערהאלב... — גלייבט מיר, זאגט ער, איך וועל מיט אײַך, רֶב טֶבְיֶה, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, אויסהאנדלען פֿײַן, וואס פֿײַן הייסט, און וועל אײַך מיט גאָטס הילף געבן געלט און געלט און געלט! „אָמֵן, גַּם אַתֶּם, זאג איך, פון דײַן מויל אין גאטס אויערן. נאר וואס דען, זאג איך, איין זאך פארשטיי איך דא ניט: וויאזוי קומט די קאץ איבערן וואסער? איך בין דא, דו ביסט דארט; געלט, זאג איך, איז אן איידעלע מאטעריע, פאר־שטייסטו מיך. האב קיין פאריבל ניט, זאג איך, איך מיין דא חָלִילָה קיין אייבערקעפּלעך. גלאט, ווי שטייט דארט בא אַבְרָהָם אָבִינוּ: הַזּוֹרְעִים בְּדִמְעָה בְּרִנָּה יִקְצֹרוּ — בעסער פריִער באווארנט איידער נאכ־דעם באוויינט"... — אך! — מאכט ער צו מיר. — אפשר מיינט איר צעשרײַבן זיך אַף פאפיר? מיטן גרעסטן כָּבוֹד! — „שא, זאג איך, אז מע וויל שמועסן צוריק, איז אויך די אייגענע מַעֲשֶׂה: מִמָּה נַפְשָׁךְ, וועסטו מיך וועלן קוילען, וואס וועט מיר העלפן דאס פאפיר? לָאו עַכְבְּרָא גַּנְבָא — נישט דאס וועקסל צאלט, דער מענטש צאלט, און אז איך הענג שוין אַף איין פוס, זאג איך, לאם איך הענגען אַף ביידע". — איר מעגט מיר גלייבן, זאגט ער, רֶב טֶבְיֶה, איך שווער אײַך בא מײַן הייליקע נֶאֱמָנוּת, גאט זאל מיר אזוי העלפן, ווי איך מיין דא נישט קיין חָכְמוֹת, חָלִילָה אויסנארן בא אײַך, נאר פֿײַן און ארנטלעך, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, זיך טיילן אַף דערהאלב, גלײַך אַף גלײַך, חֵלֶק כְּחֵלֶק, חֲצִי שֶׁלִּי וַחֲצִי שֶׁלְּךָ, מיר הונדערט, אײַך הונדערט, מיר צוויי הונדערט, אײַך צוויי הונדערט,

מיר דרײַ הונדערט, אײַך דרײַ הונדערט, מיר פיר הונדערט, אײַך פיר הונדערט, מיר טויזנט, אײַך טויזנט.

בְּקיצור, איך האָב אַרויסגענומען די עטלעכע קערבלעך, דרײַ מאָל איבערגעציילט, די הענט האָבן מיר בְּשַעת־מַעֲשֶׂה גוט געטרייסלט זיך, צוגערופן די אַלטע מײַנע פאַר אַן עֵדוּת, אים נאָכאַמאָל קלאָר געמאַכט, וואָס פאַר אַ בלוטיק געלט דאָס איז, און אַוועקגעגעבן מְנַחֵם־מענדלען, אײַנגענייט אים אין בוזעם אַרײַן, מע זאָל דאָס בײַ אים חָלִילָה אונטער־וועגנס נישט אַוועקלַקחענען, און אָפּגערעדט מיט אים, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, לאַ־יאוּחַר פון נאָך שַׁבְּתדיקער וואָך באַדאַרף ער מיר לְמַעַן־הַשֵּׁם אַרײַנ־שרײַבן אַ בריוול פון אַלצדינג בַּאֲריכות, זיך אָפּגעזעגנט מיט אים פײַן, שיין, צעקושט זיך גאָר פרײַנטלעך, ווי געוויינלעך מיט אַן אייגענעם. געבליבן אַליין נאָך זײַן אַוועקפאָרן, האָבן זיך מיר אָנגעהויבן פאַרשטעלן אַלערליי מַחשָׁבוֹת און חֲלוֹמוֹת אויף דער וואָר, און אַזעלכע זיסע חֲלוֹמוֹת, אַז עס האָט זיך מיר געוואָלט, אַז זיי זאָלן זיך ציִען אייביק, קיינמאָל נישט אויסלאָזן זיך. עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אין מיטן שטאָט אַ שטוב אַ גרויסע, מיט בלעך געדעקט, מיט שטאַלן, מיט קאַמערן, קע־מערלעך און שפּיזאַרנעס מיט אַלדאָס גוטס, און אַ בַּעַל־הַבָּיתטע מיט שליסל דרייט זיך אַרום, דאָס איז מײַן ווײַב גאָלדע — גאָרנישט צו דער־קענען זי, כ׳לעבן: זי האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער פָּנים, אַ פָּנים פון אַ נְגִידְית, מיט אַ גוידער און מיט אַ האַלדז פערל; זי בלאָזט פון זיך און שילט די דינסטן מיט טויטע קְלָלוֹת. די קינדער מײַנע דרייען זיך אַרום אַלע מיט שַׁבְּתדיקע קליידער, טוען נישט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער. דער הויף איז פאַרפלייצט מיט עוֹפוֹת, גענדז און קאַטשקעס. אַי־נגעווייניק אין שטוב לײַכט זיך, אין אויוון פלאַקערט אַ פײַער, עס קאָכט זיך וועטשערע, און דער סאַמאָוואַר זידט ווי אַ גַזְלָן! בײַם טיש אויבן־אָן זיצט דער בַּעַל־הַבָּית אַליין, טֵבְיֶה הייסט דאָס, אין אַ כאַלאַט מיט אַ יאַר־מעלקע, אַרום זיצן די פאָרנעמסטע בַּעֲלֵי־בָּתִּים פון שטאָט און חַנפענען אים: זײַט־זשע מוחל, רֵב טֵבְיֶה... האָט קיין פאַריבל ניט, רֵב טֵבְיֶה... „אײַ, קלער איך מיר בְּשַעת־מַעֲשֶׂה, אַ רוּחַ אין געלטס טאַטנס־טאַטע אַרײַן!..." — וועמען שילטסטו דאָס אין טאַטן אַרײַן? — פרעגט מיך מײַן גאָלדע. „קיינעם ניט, זאָג איך, איך האָב מיך אַביסל פאַר־טראַכט, מַחשָׁבוֹת, חֲלוֹמוֹת, אַ נעבעכיקער טאָג... זאָג מיר, גאָלדע סערד־צע, מאַך איך צו איר, דו ווייסט נישט מיט וואָס האַנדלט ער, דער קָרוֹב

דײַנער, מנחם־מענדל מײַן איך?" — וואָס עס האָט זיך מיר, זאָגט זי, געחלומט יענע נאַכט און הײַנטיקע נאַכט און אַ גאַנץ יאָר זאָל אויסגיין צו מײַנע שׂונאימס קעפּ! סטײַטש, זאָגט זי, מע זיצט אױף מיט אַ מענטשן אַ גאַנץ מעת־לעת און מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט, לסוף קומסטו צו גיין און פֿרעגסט באַ מיר מיט וואָס ער האַנדלט? ! עפּעס האָט איר דאָך, זאָגט זי, געמאַכט אינאײנעם אַ געשעפֿט, צי וועלכע גוטע יאָר? „יאָ, זאָג איך, געמאַכט, זאָג איך, האָבן מיר, נאָר וואָס געמאַכט — דאָס ווייס איך ניט, כאָטש נעם מיר אַראָפּ דעם קאָפּ! ס'איז, פֿאַרשטייסטו מיך, נישטאָ באַ וואָס אָנצוכאַפּן; נאָר פֿונדעסטוועגן, זאָג איך, איינס צום אַנדערן געהער זיך נישט אָן, זאָלסט זיך גאָר ניט זאָרגן, מײַן ווײַב, דאָס האַרץ זאָגט מיר צו גוטן, מיר וועלן, אם־ירצה־השם, אַזוי דאַכט זיך מיר, פֿאַרדינען געלט, און אַ סך — זאָג־זשע אָמן און קאָך וועטשערע!"

בקיצור, עס גייט אַוועק אַ וואָך און צוויי און דרײַ — ניטאָ קיין בריוו פֿון מײַן שותּף! איך בין אויס מענטש, גיי אַרום אָן אַ קאָפּ און ווייס ניט וואָס צו טראַכטן. עס קאָן ניט זײַן, קלער איך מיר, ער זאָל גלאַט אַזוי פֿאַרגעסן שרײַבן אַ בריוול; ער ווייס גאַנץ גוט, וואָאַזוי מיר קוקן דאָ אַרויס. נאָר ווײַטער פֿליט מיר דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ: וואָס וועל איך אים טאָן, למשל, אַז ער נעמט זיך דאָרט אַראָפּ פֿון אויבן די גאַנצע סמעטענע און מיר זאָגט ער, אַז מע האָט נאָך גאָרניט פֿאַרדינט? גיי רוף אים קנאַק־ניסל! עס קאָן ניט זײַן, מאַך איך צו זיך אַליין, סטײַטש, היתּכן?... איך באַגיי מיך מיט אַ מענטשן טאָקע נאָר ווי מיט אַן אייגענעם, לאָז דאָס מיר אָקעגן קומען וואָס איך ווינטש אים, זאָל ער מיר אָפּטאָן אַזאַ שפּיצל? ! און ווידער פֿליט מיר דורך גאָר אַן אַנ־דערע מחשבֿה: מילא, ריווח יאָק ריווח, איך בין אים שוין מוחל דאָס פֿאַרדינסט, ר י ו ו ח ו ה צ ל ה י ע מ ו ד ל י ה ו ד י ם — גאָט זאָל העלפֿן דאָס קרן זאָל כאָטש זײַן גאַנץ! און עס ווערט מיר קאַלט אין אַלע אבֿרים. „אַלטער נאַר! — זאָג איך צו זיך אַליין. — זיך גענייט אַ בײַטל, דו טיפּש איינער, בהמה בצורת פֿערד! פֿאַר דעם הונדערטער בעסער גע־ווען קויפֿן זיך פֿערדלעך אַ פּאָר, אשר לא פֿערדלו אבֿותינו, און דאָס וועגעלע איבערגעביטן אויף אַ נאַטאַטשאַנקע מיט רעסאָרן"... — טביה, למאַי טראַכסטו עפּעס גאָרניט? — מאַכט צו מיר מײַנע. — „וואָס הייסט, זאָג איך, איך טראַכט נישט? דער קאָפּ ווערט מיר אָקערשט צעפּאַלן אויף שטיקלעך טראַכטנדיק, זאָגט זי צו מיר, למאַי איך טראַכט ניט!"

— נישט אנדערש, מאכט זי, עס האָט זיך אין וועג מיט אים עפּעס גע־טראָפן: אָדער גזלָנים, זאָגט זי, זיינען אים באַפאַלן און באַנומען פון קאָפּ ביז פיס, אָדער ער איז חָלִילָה פאַרשלאָפט געוואָרן, אָדער גאָר, אַל תִּפְתַּח פֶּה, געשטאָרבן. — „וואָס נאָך, זאָג איך, וועסטו אויסטראַכטן, נְשָׁמָה מײַנע? נאַ דיר גאָר גזלָנים, זאָג איך, פּלוצים אין מיטן דרינען!" און אַליין טראַכט איך מיר: אַ קַשְׁיָה וואָס מיט אַ מענטשן קאָן זיך טרעפן אונטערוועגנס? „דו באַדאַרפסט, זאָג איך צו איר, מײַן ווײַב, תמיד אויסלייגן צום ערגסטן!" — ער איז, מאַכט זי, פון אַזאַ מִשְׁפָּחָה; די מאַמע זײַנע, זאָגט זי, זאָל זײַן אַ מֵלִיץ־יוֹשֶׁרטע, איז ניט לאַנג גע־שטאָרבן נאָך גאָר אַ יונגט, און דרײַ שוועסטער, זאָגט זי, האָט ער גע־האַט, זאָלן זײַן ווײַט אָפּגעשיידט פון מיר, איז איינע נאָך מיידלווײַז געשטאָרבן, די אַנדערע האָט דַווקא, זאָגט זי, חַתֻונָה געהאַט, געכאַפּט אַ פאַרקילונג אין באָד און איז געשטאָרבן, און די דריטע, זאָגט זי, איז תֵּיכֶּף נאָכן ערשטן קימפּעט אַראָפּ פונעם זינען, זיך געמוטשעט, געמור־טשעט און געשטאָרבן... „געשטאָרבן זאָל לעבן, זאָג איך, גאָלדע, מיר וועלן אַלע, זאָג איך, שטאַרבן; אַ מענטש, זאָג איך, איז געגליכן צו אַ סטאָליער: אַ סטאָליער לעבט און לעבט און שטאַרבט, און אַ מענטש לעבט און שטאַרבט".

בְּקִיצוּר, עס איז באַ אונדז געבליבן, אַז איך פאָר זיך דורך קיין יעהופּעץ. סְחוֹרָה אַביסל האָט זיך דערווײַלע אין דער צײַט צונויפגעקליבן, ס'איז געוואָרן אַ היפּש קרעמל פון קעז און פון פּוטער און פון סמעטענע, פּרימאַ סחוֹרָה; מײַנער האָט אײַנגעשפּאַנט דאָס פערד־און־וועגעלע און — וַיִּסְעוּ מִסּוּכּוֹת — מאַכט רַשִׁ"י: מאַרש קיין יעהופּעץ. פאַרנ־דיק אַזוי, מָרָה־שְׁחוֹרָהדיק געוויינלעך, מיט אַ ביטער האַרץ, ווי איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, איינער אַליין אין וואַלד, גייט מיר דורך דער כּוֹחַ־הַדִּמְיוֹן און עס שטעלן זיך מיר פאָר אַלערליי מַחְשָׁבוֹת און געדאַנקען. „עס וועט זײַן שיין, טראַכט איך מיר, אַז איך קום צו פאָרן און הייב אָן נאָכפרעגן אַף מײַן פאַרשוין, זאָגט מען מיר: מְנַחֵם־מענדל? טע־טע־טע! שטאַרק אין די פעדערן, סמאַלעט אַ וועלט, אַן אייגענער מאָוועך, פאָרט אין קאַ־רעטעס, גאָרניט צו דערקענען! איך נעם מיך אָן, טראַכט איך מיר, מיט האַרץ און לאָז מיך צו אים גלײַך אין שטוב אַרײַן. טפּררו! — מאַכט מען צו מיר באַ דער טיר נאָך און מע גיט מיר מיטן עלנבויגן אין האַרצן אַרײַן. — שטופּט זיך ניט אַזוי, פעטער, דאָ שטופּט מען זיך ניט. —

„איך בין, זאָג איך, אַן אייגענער, טאַקע מײַן װײַבס אַ גליד־גליד־געשװעס־טערקינד". מַזל־טוֹב אײַך, זאָגט מען מיר, שטאַרק אָנגעלייגט; פונדעסט־װעגן, זאָגן זיי, מעגט איר, נישקשה, צװואַרטן אַביסל אָט־אָ־דאָ בײַ דער טיר, עס װעט אײַך חלילה ניט שאַטן... איך שטױס מיך אָן, אַז מע באַדאַרף עפּעס געבן, װי זאָגט איר: עוֹלִים וְיוֹרְדִים — אַז מע שמירט, פאַרט מען, און לאָז מיך גלײַך אַרױף צו אים אַליין. — „גוט מאָרגן אײַך, זאָג איך צו אים, רֶב מְנַחֵם־מענדל!" װער? װאָס? אֵין אוֹמֶר וְאֵין דְבָרִים — ער דערקענט מיך גאָר ניט! — װאָס דאַרפט איר? — מאַכט ער צו מיר. איך פאַל שיער חַלָשׁוֹת. — „װאָס הייסט, זאָג איך, פּאַניע, איר דערקענט שוין ניט, זאָג איך, קיין קָרוֹב? טֵביָה היים איך". — אַ? — מאַכט ער. — טֵביָה? עפּעס קענטלעך דער נאָ־מען... „קענטלעך? — מאַך איך צו אים. — אפשר איז אײַך קענטלעך, זאָג איך, מײַן װײַבס בלינצעס, דערמאָנט זיך נאָר אַקאָרשט, מיט אירע קנישעס, צָרוֹת־קניידלעך, װערטוטן?"... און צוריק פליט מיר דורך אַ געדאַנק פּונקט קאַפּויר: איך קום אַרײַן צו מְנַחֵם־מענדלען, טראָגט ער מיר אָקעגן דעם ברייטן שָלוֹם־עֲלֵיכֶם. — אַ גאַסט! אַ גאַסט! זיצט, רֶב טֵביָה, װאָס מאַכט איר עפּעס, װאָס מאַכט אײַער װײַב? איך קוק שוין אַרום אַף אײַך, איך װיל מיך מיט אײַך צערעכענען. — און ער נעמט און שיט מיר אָן אַ פולע היטל מיט האַלבע פּרױאַלן. — דאָס, זאָגט ער, איז דאָס פּאַרדינסט, און דאָס קֶרן, זאָגט ער, בלײַבט שטיין; װיפל מיר װעלן פאַרדינען, װעלן מיר זיך טיילן אַף דער האַלב, גלײַך אַף גלײַך. חֵלֶק כְּחֵלֶק, הָצִי שֶׁלִי וְחָצִי שֶׁלְךָ, מיר הונדערט, אײַך הונדערט, מיר צװײ הונדערט, אײַך צװײ הונדערט, מיר דרײַ הונדערט, אײַך דרײַ הונדערט, מיר פיר הונדערט, אײַך פיר הונדערט... אין געדאַנקען כאַפּ איך אַ דרימל און זע נישט, װי מײַן בָּחוּר שלאָגט זיך דערװײַל אַראָפּ פונעם שליאַך אָן אַ זײַט, פאַרטשעפּעט זיך אָן אַ בוים, און עס דערלאַנגט מיר אַ זעץ פון הינטן, עס פליִען אױש פונקען פון די אױגן. „גַם זוּ לְטוֹבָה, זאָג איך צו מיר אַליין, דאַנקען גאָט, װאָס כאָטש ניט צעבראָכן קיין אַקס"...

בְּקִיצוּר, געקומען קיין יעהופּעץ און קוֹדֶם־כֹּל אָפּגעזעצט דאָס ביסל מילכיקס גיך און געשװינט, װי געװײנלעך, לאָז איך מיך זוכן דעם נֶפֶש מײַנעם. איך דריי מיך אַרום אַ שָעה און צװײ און דרײַ, וְהַיֶלֶד אֵינֶנוּ — איך זע אים נישט! איך הייב אָן אָפּצושטעלן מענטשן, נאָכפרעגן: „צי האָט איר ניט געהערט, צי האָט איר ניט געזען איינעם אַ ייִדן, װאָס הייסט

מיט זײַן ליבן נאָמען מְנַחֵם־מענדל?" — אויב, זאָגן זיי, ער הייסט מְנַחֵם־מענדל, מעג מען עסן פון זײַן פענדל, נאָר דאָס אַליין איז קאַרג, זאָגן זיי, מְנַחֵם־מענדלס איז דאָ אַ סך אויף דער וועלט. — „איר מיינט מסתּמא, זײַן פאַרמעלי? לאָז מיך אַזוי וויסן בייז, זאָג איך, מיט אײַך אינאײנעם, אַז בְּסַךְ־הַכּל, זאָג איך, אויב איר ווילט וויסן, רופט מען אים אין דערהיים, אין כַּתרילעווקע הייסט דאָס, גאָר אויף זײַן שוויגערס נאָמען, מנחם־מענדל לֵאָה־דוואָסיס; נאָר וואָס דאַרפט איר מער, זאָג איך, זײַן שווער איז שוין גאָר אַ באַטאַגטער ייִד, הייסט ער אויך אויף איר נאָמען, בָּרוּך־הערש לֵאָה־דוואָסיס, און אַפילו זי אַליין, לֵאָה־דוואָסי מיין איך, הייסט אויך לֵאָה־דוואָסי בָּרוּך־הערש לֵאָה־דוואָסיס. הײַנט פאַרשטייט איר שוין?" — פאַרשטיין פאַרשטייען מיר, זאָגן זיי, נאָר דאָס איז נאָך אַלץ נישט גענוג; וואָס איז זײַן געשעפט, זאָגן זיי, מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך, אײַער מְנַחֵם־מענדל? „מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך? — זאָג איך. — ער האַנדלט דאָ מיט האַלבע פּראָזאָן, זאָג איך, עפּעס בעם־מֵת, פּאָטיווילאָוו. קלאַפּט, זאָג איך, דיפּעשן ערגעץ אַהין, קיין פּעטערבורג, קיין וואַרשע"... — אַ?! — מאַכן זיי צו מיר און קאַטשען זיך פּאַר געלעכטער. — מיינט איר ניט אָט יענעם מְנַחֵם־מענדל, וואָס האַנדלט מיט יַקְנְהָ־ז? גייט זײַט מוחל אַריבער, זאָגן זיי, אַהינצו, אויף יענער זײַט; דאָרט לויפן אַרום האָזן אַ סך, און אײַערער אויך בְּתוֹכָם... „מער מע לעבט, מער עסט מען, — טראַכט איך מיר, — נאַ דיר גאָר האָזן? יַקְנָה"ז?" איך גיי אַריבער אַהין, אויף יענעם טרעטאָר — ייִדן, קיין עַיִן־הָרָע, ווי אויף אַ יְרִיד, ס'איז אָן ענגשאַפט, קוים וואָס איך שטופּ מיך דורך; מע לויפט, ווי די מְשוּגָעִים, דער אַהין, דער אַהער, איינער איבערן אַנדערן, ס'איז אָן עוֹלָם־הַתּוֹהוּ, מע רעדט, מע שרײַט, מע מאַכט מיט די הענט: פּאָטיווילאָוו... פּעסט, פּעסט!... געכאַפּט באַם וואָרט... אַרײַנגערוקט אָן אַדערויף... וועט זיך קראַצן... מיר קומט קאַרטאַזש... ביסט אַ גרויסער פּאַרך... אָט צעשפּאַלט מען דיר דעם קאָפּ... שפּײַ אים אָן אין פָּנים... זע נאָר, געקוילעט די קאַפּאָטע... אַ שייַנער שפּעגעלאַנט... אַנזועצער!... מְשָׁרֵת!... אין טאַטנס־טאַטן!... עס האַלט כְּמעט באַ פּעטש. „וַיִּבְרַח יַעֲקֹב, מאַך איך צו מיר אַליין, אַנטלויף, טֶבְיֶה, אָט כאַפּסטו אַ פּאַטש! נו, נו, קלער איך מיר, גאָט איז אַ פּאָטער, שמואל־שמעלקי איז זײַן דינער, יעהופּעץ איז אַ שטאָט און מְנַחֵם־מענדל איז אַ פּאַרדינער! אָט־אָ־דאָ־אָ, טראַכט איך, כאַפּט מען

גליקן, האָלבע פּרוּאָלן? אָט־אַ־דאָס־אָ הייסט באַ זיי מע מאַכט געשעפטן? אַז אָך און וויי איז דיר, טֶבְיֶה, מיט דײַנע מְסֹחֲרים!"

בקיצור, איך שטעל מיך אָפּ לעבן אַ גרויס פענצטער מיט אַרויסגע־שטעלטע הויזן אַ סך און דערזע דורך דעם אָפּשײַן פונעם גלאָז מײַן שְׁמַעְיָה בַּעַל־פַּרְנָסָה. עס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן, אַז איך האָב אים דערזען. ס'איז מיר פָּרְחָה־נִשְׁמָתוֹ געוואָרן! ווו איך האָב ערגעץ אַ שׂוֹנֵא און ווו איר האָט אַ שׂוֹנֵא — זאָלן מיר אים דערלעבן זען אין אַזאַ הוֹלֵך, ווי מְנַחֵם־מענדל: וואָס מיר קאַפּאָטע? ווער מיר שטיוול? און אַ פָּנים — טאַטעניו, אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד אַרײַן. — „נו, טֶבְיֶה, כַּאֲשֶׁר אָבַדְתִּי אָבָדְתִּי — ביסט אין דער ערד, טראַכט איך מיר, מעגסט זיך שוין געזעגענען מיט די עטלעכע גראָשנס, עס איז שוין, ווי זאָגט איר: לֹא דֻבִּים וְלֹא יַעַר — ניט קיין סחורה, ניט קיין געלט, נאָר גלאַט אַזוי צָרוֹת"...

ער פון זײַן זײַט איז, אַפָּנים, אויך שטאַרק מבוּלבל געוואָרן, מַחֲמַת מיר זײַנען ביידע געבליבן שטיין ווי צוגעקאָוועט, נישט אויסצוריידן קיין וואָרט אפילו, און נאָר געקוקט און געקוקט, ווי האָנען, זיך גלײַך אין די אויגן אַרײַן, ווי איינער רעדט: פאַרוויסט און פאַרפּינצטערט זײַנען מיר ביידע געוואָרן, מיר מעגן ביידע נעמען טאָרבעס און גיין איבער די הײַזער!... — רֶב טֶבְיֶה, — מאַכט ער צו מיר שטיל, קוים וואָס ער רעדט, און די טרערן ווערגן אים, — רֶב טֶבְיֶה! אָן מַזל, הערט איר, זאָל מען גאָר, זאָגט ער, ניט געבאָרן ווערן אָף דער וועלט! איידער, זאָגט ער, אַזאַ לעבן... הענגען, זאָגט ער, גנאָטעוועון!... און מער קאָן ער קיין וואָרט נישט ריידן. — „אַוַדְאַי, מאַך איך צו אים, ביסטו ווערט, מְנַחֵם־מענדל, פאַר אַזאַ מַעֲשֶׂה, מע זאָל דיך אַנידערלייגן אָט־אַ־דאָ, זאָג איך, אין מיטן יעהופּעץ, און בְּרַבִּים גָדוֹל דיר אַרײַנצימבלען אַזויפיל, אַז דו זאָלסט דיך דערזען מיט דער באָבע צייטל פון יענער וועלט. באַ־רעכן, זאָג איך, דו אַליין, וואָס האָסטו געטאָן? האָסט גענומען, זאָג איך, אַ גאַנצע שטוב מיט לעבעדיקע נְפָשׁוֹת, צַעַר־בַּעֲלֵי־חַיִים נעבעך, גאָט די נְשָׁמָה שולדיק, און האָסט זיי איבערגעקוילעט דעם האַלדז אָן אַ מעסער! גוואַלד, זאָג איך, מיט וואָס וועל איך קומען אַצינדערט אַהיים צו מײַן ווײַב און קינדער? אַדְרַבָּה, זאָג שוין דו אַליין, קוילער איינער, גַזְלָן, רוֹצֵחַ!" — אֶמֶת, — מאַכט ער צו מיר, אָנגעשפּאַרט זיך צו דער וואַנט, — אֶמֶת, רֶב טֶבְיֶה, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן... „דער גֵיהִנוֹם, זאָג איך,

נאָר איינער, דער גיהנום איז דאָך קאָרג פֿון דײַנעטוועגן!" — אמת, זאָגט ער, רב טבֿיה, אמת, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפֿן; איידער אַזאַ לעבן, זאָגט ער, איידער אַזאַ לעבן, רב טבֿיה... און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. איך שטיי און באַטראַכט אים, דעם שלים־מזל, ווי ער שטייט אַזוי דעם קאָפּ אַראָפּ, צוגעשפּאַרט צום וואַנט, דאָס היטל אויף אַ זײַט, יעדער זיפֿץ און יעדער קרעכץ — עס רײַסט אויס אַ שטיק האַרץ. „טאַ, זאָג איך, אַז מע וויל שמועסן דאָס אייגענע ווידער צוריק, פֿאַרשטייט מען גאַנץ גוט, דו ביסט אפֿשר אין דעם אויך גאָט די נשמה שולדיק; וואָרעם לאָמיר באַרעכענען די זאַך אַרום און אַרום מיט אַ ממה־נפֿשך: איך זאָל קלערן, זאָג איך, אַז דײַן שלעכטיקייט האָט דאָס געטאָן, איז דאָך עס נאַריש, ביסט דאָך געווען, זאָג איך, אַ שותּף גלײַך מיט מיר, אַ מחצה־שבֿרניק. איך האָב אַרײַנגעלייגט געלט, דו האָסט געגעבן שׂכל, אַז אַך און וויי איז מיר! דײַן מיין איז אַוודאי געווען, ווי זאָגט ער, לחיים ולא למוות. אײַ, עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם? מסתּמא איז ניט באַשערט, ווי זאָגט איר: אַל תּתהלל בּיום מחר — אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. למאַי, זאָג איך, נאַרעלע, אָט האָסטו מײַן מסחר, איז, דאַכט זיך, גאָר אַ קאַראַנטע געשעפֿט, פֿונדעסטוועגן, אַז ס'איז באַשערט געווען, זאָג איך, ניט היינט געדאַכט, פֿאַראַיאָרן אָסיען, עס זאָל זיך באַ מיר, ניט פֿאַר דיר געדאַכט, אַנידערלייגן אַ בהמה, אַ מציאה געווען אויף טרפֿהס אַ פּופּציקער, און טאַקע באַלד נאָך איר אַ טעלעצע אַ רויטע, קיין צוואַנציק קערבלעך וואָלט איך פֿאַר איר ניט גענומען, — נו, האָט דען עפּעס געהאָלפֿן דערבײַ חכמות? אַז סע גייט ניט, זאָג איך, מאַכט קמץ־בית — מע! איך וויל דיך גאָרניט פֿרעגן, זאָג איך, וווּ איז מײַן געלט; איך פֿאַרשטיי שוין אַליין, וווּ מײַן געלט שטעקט, מײַן בלוטיק געלט, וויי און ווינד איז מיר! ס'איז אַרײַן אין אַ מקום קדוש, זאָג איך, ערגעץ אין אַ יקנה"ז, אין אַ נעכטיקן טאָג; און ווער איז שולדיק, ווען ניט איך אַליין, וואָס האָב מיך געלאָזט אײַנריידן גרינגע פֿייגעלעך, שמינדריקעס, שמאָכטעליאַקעס? געלט, ברודער, באַדאַרף מען, זאָג איך, פֿאַרהאָרעווען, פֿאַרשוואַרצט און אויסגעריסן ווערן! פּעטש, זאָג איך, ביסטו, טבֿיה, ווערט, פּעטש ווי האָלץ!! נאָר וואָס העלפֿט איצטער מײַן געשריי? ווי אין פּסוק שטייט געשריבן: צעקה הנערה — שרײַ צעזעצטערהייט! שׂכל און חרטה — די בײדע זאַכן קומען תּמיד צו שפּעט. ניט באַשערט, זאָג איך, טבֿיה זאָל זײַן אַ גביר, ווי זאָגט איוואַן: נע

בולאַ או מעקיטע הראַשע אי נע בודע *) מסתּמא, זאָג איך, הייסט גאָט אַזוי. ה׳ נתן וה׳ לקח, מאַכט רש״י — קום, ברודער, וועלן מיר נעמען, זאָג איך, צו ביסלעך בראָנפן!״...

* * *

אָט אַזוי, פּאַניע שלום־עליכם, האָט זיך אויסגעלאָזט פון אַלע מײַנע חלומות אַ בוידעם! און איר מיינט אפשר, אַז איך האָב מיך אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצן, וואָס איך האָב פאַרלאָרן מײַן געלט? לאָם איך אַזוי רײן זײַן פון שלעכטס! מיר ווייסן דאָך יאָ וואָס אין פּסוק שטייט: לִ י הַכֶּסֶף וְלִ י הַזָּהָב — געלט איז בלאָטע! דער עיקר איז דער מענטש, דאָס הייסט, אַז דער מענטש איז אַ מענטש. נאָר וואָס־זשע דען האָט מיך געקרענקט? דער חלום וואָס ער איז אָוועקגעגאַנגען. עס האָט זיך מיר געוואָלט, אוי האָט זיך געוואָלט, זײַן אַ נגיד, כאָטש אַף אַ ווײַלע! נאָר עס העלפט דען דערבײַ חכמות? ווי זאָגט דער פּרק: בְּעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה חַי — מיט גוואַלט לעבסטו און מיט גוואַלט צערײַסטו אַ פּאָר שטיוול. דו, טביה, זאָגט גאָט, באַדאַרפסט אין זינען האָבן קעז און פּוטער, נישט קיין חלומות. אײַ וואָס? בטחון? האָפענונג? אדרבה, וואָס מער צרות מער בטחון, וואָס מער קבצן מער האָפענונג. והראיה?... נאָר מיר דאַכט, איך האָב מיך הײַנט אַביסל פאַררעדט; צײַט פאָרן, קלערן מכוח געשעפט, ווי זאָגט איר, כָּל הָאָדָם כּוֹזֵב — איטלעכער האָט זיך זײַנע מכּות. זײַט מיר געזונט און האָט אַ גוטן תּמיד!

---

*) נישט געוועזן בײַ מעקיטען קיין געלט און עס וועט ניט זײַן.

# הײַנטיקע קינדער

געשריבן אין יאָר 1899.

# הײַנטיקע קינדער

— אַקעגן דעם, וואָס איר זאָגט: הײַנטיקע קינדער. בָּנִים גִּדַּלְתִּי וְרוֹמַמְתִּי — גיי האָב זיי, ווער פֿאַרשוואַרצט, זײַ זיך מַפקיר פֿון זייערטוועגן, האָרעווע טאָג ווי נאַכט, וואָס איז? מע מיינט, טאָמער אַזוי און אֶפשר אַזוי, איטלעכער נאָך זײַן הַשָּׂגה און נאָך זײַן פֿאַרמעגן. צו בראָצקין, געוויינלעך, וועל איך ניט אָנשלאָגן, נאָר איך זאָל מיך שוין אײַנגאַנצן אָראָפּלאָזן — בין איך אויך נישט מְחוּיָב, וואָרעם אַליין בין איך אויך נישט קיין אָבי־ווער, כ׳לעבן, און אַרויסקומען קומען מיר אַרויס, ווי מײַן ווײַב זאָל לעבן זאָגט, אויך נישט פֿון קיין שנײַדערס און ניט פֿון קיין שוסטערס, האָב איך גערעכנט, אַז איך וועל מיט מײַנע טעכטער געוויס אויסשפּילן. פֿאַרוואָס? ערשטנס, האָט מיך גאָט געבענטשט מיט שיינע טעכטער, און אַ שיין פּנים, זאָגט איר דאָך אַליין, איז אַ האַלבער נדן. וְהַשֵּׁנִית, בין איך דאָך עפּעס הײַנט, מיט גאָטס הילף, ניט דער טֶבִיֶה, וואָס אַמאָל, קאָן איך דאָך שוין גרייכן צום שענסטן שִׁידוּך אַפֿילו אין יעהופּעץ, — האָ, ווי זאָגט איר? איז דאָך אָבער פֿאַראַן אַ גאָט אױף דער וועלט, אַן אֵל רַחוּם וְחַנוּן, וואָס באַווײַזט זײַנע גרויסע וווּנדער און מאַכט מיט מיר זומער און ווינטער, אַרויף און אַראָפּ, מאַכט ער צו מיר: „טֶבִיֶה, רייד זיך נישט אײַן קיין נאַרישקייטן און לאָז זיך די וועלט פֿירן ווי זי פֿירט זיך!”... הערט וואָס עס קאָן זיך פֿאַרלויפֿן אױף דער גרויסער וועלט, און באַ וועמען טרעפֿן זיך אַלע גליקן? באַ טֶבִיֶה שְׁלִים־מַזל.

בקיצור, צו וואָס זאָל איך אײַך מַאֲריך זײַן? איר געדענקט דאָך מן הַסתּם, וואָס מיך האָט געטראָפֿן, ניט הײַנט געדאַכט, די מַעֲשׂה מיטן קָרוֹב מײַנעם, מְנַחֵם־מענדל יִמַח שְׁמוֹ וְזִכרוֹ, ווי שיין מיר האָבן זיך אויסגעהאַנדלט אין יעהופּעץ, מיט די האַלבע פֿרי־אַלן און מיט די פּאַטאַוויליוּווער אַקציעס, אַזאַ יאָר אױף מײַנע שׂוֹנאִים! איך האָב דאָס דענסטמאָל אײַנגעלייגט די וועלט, ווײ איז מיר! געמיינט, ס׳איז אַן עק, אויס טֶבִיֶה און אויס מילכיקס! „נאַר אײנער! — זאָגט צו מיר

איינמאָל די אַלטע מײַנע. — גענוג צו זײַן פאַרזאָרגט, דו וועסט דערמיט גאָרניט מאַכן! דו וועסט זיך נאָר אָפּעסן דאָס האַרץ, און גענוג. עלעהיי גזלָנים זײַנען אַף אונדז אָנגעפאַלן און צוגענומען... דו גיי זיך בעסער דורך, זאָגט זי, קיין אַנאַטעווקע, צו לייזער־וואָלף דעם קַצֶב, ער באַדאַרף דיך, זאָגט ער, נייטיק האָבן". — וואָס איז דאָרטן? וואָס באַדאַרף ער מיך אַזוי נייטיק? אויב ער מיינט, זאָג איך, די מאָורע בְּהֵמָה אונדזערע, מעג ער נעמען אַ שטעקן און אַרויסשלאָגן זיך פונעם קאָפּ. — „וואָס איז אַזוינס? — מאַכט זי צו מיר. — די מילך, וואָס מע האָט זיך אָן פון איר, מיטן קעז און פוטער?" — נישט צוליב דעם, זאָג איך, נאָר גלאַט אַזוי; ערשטנס, איז פָּשוּט אַן עֲבֵירה אַזעלכעס אַוועקגעבן אַף דער שְׁחִיטָה, אַ צַעַר־בַּעֲלֵי־חַיִים. בא אונדז שטייט געשריבן אין דער הייליקער תּוֹרָה... — „אָבער גענוג דיר שוין, טֶבְיֶה! די גאַנצע וועלט, זאָגט זי, ווייס, אַז דו ביסט אַ ייִד פון תּוֹרָה. פאָלג מיך, אַ ווײַב, גיי זיך דורך צו לייזער־וואָלפן. אַלע דאָנערשטיק, זאָגט זי, ווען אונדזער צייטל קומט אין יאַטקע אַרײַן נאָך פלייש, קאָוט ער זי נישט לעבן; זאָלסט זאָגן, זאָגט ער, דעם טאַטן, ער זאָל קומען צוגיין, איך באַדאַרף אים נייטיק האָבן"...

בקיצור, מע באַדאַרף פאָלגן אַמאָל, ווי זאָגט איר, אַ ווײַב אויך. בין איך מיך מְיַשֵׁב און לאָז מיך אײַנרײדן און קום צו גיין צו לייזער־וואָלפן קיין אַנאַטעווקע, אַ ווערסט דרײַ פון אונדז, און טרעף אים נישט מְסֻתָּמָא אין דער היים. — ווו איז ער ערגעץ? — טו איך אַ פרעג אַ קאָרנאָסע ייִדענע, וואָס דרייט זיך אַרום אין שטוב. — „אין פּראָיעקט, מאַכט די קאָרנאָסע, מע קוילעט אַן אָקס פון גאַנץ פרי אָן, ער באַדאַרף באַלד אָנקומען"... איך דריי מיך אַרום איינער אַליין אין שטוב און הייב אָן צו באַטראַכטן לייזער־וואָלפס בַּעַל־הַבַּתִּישקייט — קיין עַיִן־הָרֶע, אַ גוטס אַף אַלע מײַנע ליבע: אַ שאַפע מיט קופער, מע וועט זי נישט אויסקויפן מיט קיין ק"ן קערבלעך, אַ סאַמאָוואַר און נאָך אַ סאַמאָוואַר, און אַ טאַץ אַ מעשענע, און נאָך איינע אַ וואַרשעווער, און לײַכטער פּאָר זילבערנע, און כּוֹסוֹת מיט כּוֹסֶהלעך געגילטע, און אַ חֲנוּכָּה־לעמפּל אַ געגאָסנס, און נאָך זאַכן, שמאַכטעליאַקעס אָן אַן עק. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! — טראַכט איך מיר. — ווי דערלעב איך אַזאַ גוטס בא מײַנע קינדער זאָלן געזונט זײַן!... אַזאַ בַּר־מַזל ווי דער קַצֶב איז! גענוג וואָס ער

איז אזוי רײַך, באַדאַרף ער האָבן זײַן אײגענס אינגאַנצן צװײ קינדער, שױן אױסגעגעבענע, און נאָך בלײַבן אַן אַלמן אױך דערצו!...

בקיצור, גאָט האָט געהאָלפֿן, עס עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן לײזער־װאָלף אין כּעס, מלא רציחה אױפֿן שוחט. ער האָט אים גאָר אומגליקלעך געמאַכט, פֿאַרשניטן אַן אָקס, אַ דעמב די גרױס, פֿאַרכאַפּט זאָל ער װערן, איבער אַ קלײניקײט אים טריפֿה געמאַכט, געפֿונען אַ סרכהלע אױף דער לונג, װי אַ **שפּילקע**־קעפּל די גרױס, אײַנגעזונקען זאָל ער װערן! — „גאָט העלף, רב טביה, מאַכט ער צו מיר, װאָס איז די מעשה, װאָס מע קאָן אײַך גאָרניט דעררופֿן זיך? װאָס מאַכט אַ ייִד?" — װאָס זאָלן מיר מאַכן, זאָג איך; מע מאַכט און מע מאַכט און מע האַלט, זאָג איך, נאָך אַלץ פֿון פֿאָרנט, װי אין פּסוק שטײט: לא מעוקצך ולא מדובשך — נישט קײן געלט, נישט קײן געזונט, נישט קײן לײַב און לעבן. — „איר זינדיקט, רב טביה, מאַכט ער צו מיר, װעדליק אײַך איז געװען אַמאָל, ניט הײַנט געדאַכט, זײַט איר דאָך איצט, קײן עין־הרע, אַ גביר". — װאָס מיר פֿעלט, זאָג איך, צו דעם, װאָס איר מײנט, מעגן מיר דאָס בײדע פֿאַרמאָגן... נאָר גאָרנישט, דאַנקען גאָט דערפֿאַר. ס'איז פֿאַראַן, זאָג איך אַ גמרא: „אַס פּקורדא דמסקנתא דקרנוסא דפּרסמכתא"... און אין האַרצן טראַכט איך מיר: זאָלסט אַזױ זײַן מיט דער נאָז, קאַצבניאַק, װי ס'איז גאָר פֿאַראַן אַזאַ גמרא אױף דער װעלט... „איר זײַט, מאַכט ער צו מיר, תּמיד דאָ מיט דער גמרא; גוט איז אײַך, רב טביה, אַז איר קאָנט אין די קלײנע אותיות. נאָר צו װאָס נוצט עס, זאָגט ער, חכמות, לומדערײַען, לאָמיר בעסער שמועסן מכּוח אונדזער געשעפֿט. זיצט, רב טביה", — מאַכט ער צו מיר און טוט אַ געשרײ: „לאָז זײַן טײ!" — און עס װאַקסט אױס װי פֿון אונטער דער ערד די קאַרנאָסע ייִדענע, כאַפּט דעם סאַמאָ־װאַר, װי דער רוח דעם מלמד, און אַװעק אין קיך אַרײַן. — „אַצינד, מאַכט ער צו מיר, אַז מיר זײַנען דאָ אַלײן, אונטער פֿיר אױגן, קאָנען מיר שמועסן עסק. די מעשה, זאָגט ער, דערפֿון איז אַזױ: איך האָב שױן מיט אײַך, רב טביה, לאַנג געװאָלט רײדן, איך האָב צו אײַך באַפֿױלן דורך אײַער טאָכטער, װיפֿל מאָל געבעטן, איר זאָלט זיך מטריח זײַן; פֿאַרשטײט איר מיך, איך האָב געװאָרפֿן אַן אױג..." — איך װײס, זאָג איך, אַז איר האָט געװאָרפֿן אַן אױג, נאָר ס'איז אומזיסט, זאָג איך, אײַער טרחה, עס װעט נישט גײן, רב לײזער־װאָלף, עס װעט נישט גײן.

— „פאַרוואָס עפּעס?" — מאַכט ער צו מיר און קוקט אַף מיר ווי דער־שראָקן. — פֿאַר שַׁבָּת, זאָג איך, איך קאָן באַשטיין, עס זאָל נאָך גע־דויערן אביסל, דער טײַך ברענט ניט. — „לָמַאי, זאָגט ער, זאָלט איר וואַרטן, אַז איר קאָנט אויספירן באַלד?" — דאָס, זאָג איך, איז איינ־מאָל אַוועק; און וְהַשֵּׁנִית, זאָג איך, איז גלאַט אַ רַחֲמָנוּת, אַ צַעַר־בַּעֲלֵי־חַיִים. — „קוק אים אָן, ווי ער מאַכט אָנשטעלן, זאָגט לייזער־וואָלף מיט אַ געלעכטערל, עמעצער זאָל זײַן דערבײַ, וואָלט ער געמעגט שווערן, אַז זי איז בײַ אײַך איין־און־איינציקע! מיר דאַכט, איר האָט זיי אָן עַיִן־הָרָע גענוג, רֶב טֵבְיֶה!"... — לאָזן זיי זיך שוין האַלטן, זאָג איך, ווער ס'איז מיר מְקַנֵא, דער לאָז אַליין נישט האָבן... — „מְקַנֵא? ווער, זאָגט ער, רעדט פֿון מְקַנֵא? אַדְרַבָּה, זאָגט ער, ווײַל זיי זײַנען בײַ אײַך אָן עַיִן־הָרָע געראָטענע, דערפֿאַר וויל איך טאַקע, איר פֿאַרשטייט צי ניין? פֿאַרגעסט נאָר נישט, רֶב טֵבְיֶה, די טוֹבָה, וואָס אײַך קאָן דורך דעם אַרויסקומען!" — אַוַודאי, אַוַודאי, זאָג איך, פֿון אײַערע טוֹבוֹת, רֶב לייזער־וואָלף, קאָן טאַקע האַרט ווערן דער קאָפּ; ווינטער אַ שטיקל אײַז, דאָס ווייסן מיר שוין לאַנג, זאָג איך, נאָך פֿון אַמאָל... — „ע! — מאַכט ער צו מיר זיס־צוקערדיק. — וואָס גלײַכט איר, רֶב טֵבְיֶה, פֿון אַמאָל ביז הײַנט? אַ מ אָ ל איז געווען עפּעס אַנדערש, און ה ײַ נ ט איז ווידער אַנדערש; עפּעס ווערן מיר דאָך שטיקלעך מְחוּתָּנִים, האַ?" — וואָס פֿאַר אַ מְחוּתָּנִימשאַפֿט? — זאָג איך. — „געוויינלעך, זאָגט ער, מְחוּתָּנִים!" — וואָס מיינט איר, זאָג איך צו אים, רֶב לייזער־וואָלף, פֿון וואָס ריידן מיר? — „אַדְרַבָּה, זאָגט ער, זאָגט שוין איר, רֶב טֵבְיֶה, פֿון וואָס ריידן מיר?" — וואָס הייסט, זאָג איך, מיר ריידן דאָך פֿון דער מאַורע בְּהֵמָה מײַנע, וואָס איר ווילט בײַ מיר קויפֿן! — „כאַ־כאַ־כאַ! — מאַכט ער און ווערט צעגאָסן פֿאַר געלעכטער. — ס'איז נישקָשֶׁה פֿון אַ בְּהֵמָה, און נאָך אַ מאַורע דערצו, כאַ־כאַ־כאַ!" — וואָס־זשע דען האָט אי ר געמיינט, רֶב לייזער־וואָלף? אַדְרַבָּה, זאָגט, וועל איך אויך לאַכן. — „פֿון אײַער טאָכטער, מאַכט ער צו מיר, פֿון אײַער ציימלען ריידן מיר דאָך די גאַנצע צײַט! איר ווייסט דאָך, רֶב טֵבְיֶה, אַז איך בין, ניט פֿאַר אײַך גערעדט, געבליבן אַן אַלְמָן, האָב איך מיך מְיַישֵׁב געווען, וואָס באַדאַרף איך זוכן אין דער פֿרעמד דאָס גליק, נאָך האָבן צו טאָן מיט שַׁדְכָנִים, רוּחוֹת און שֵׁדִים, אַמער, אָט זײַנען מיר דאָ ביידע אָפּן אָרט, איך קען אײַ ך, איר קענט מי ך, דאָס קֶרֶן אַליין איז מיר אויך

געפעלן, איך זע זי אַלע דאַנערשטיק בײַ מיר אין יאַטקע, אַ פּאָר מאָל אַ רייד געטאָן מיט איר, ווײַזט אויס, נישקשה, אַ שטילע, און איך אַליין בין, קיין עין־הרע, ווי איר זעט, אַ שטיקל בעל־הבית, ס'איז דאָ אַ שטוב אָן אייגענע, און קלייטלעך אַ פּאָר, און בעל־הבתישקייט, ווי איר זעט, נישט צו פאַרזינדיקן, און אביסל פעל אָפּן בוידעם אויך, און אביסל געלט אין קאַסטן אויך; וואָס באַדאַרפן מיר, רב טביה, די צי־גײַנערישע שטיק, בריהן זיך, חכמהן זיך? אמער, נעמט מען און מע שלאָגט צו אַ האַנט, איינס־צוויי־דרײַ, איר פאַרשטייט, צי ניין?״...

בקיצור, אַז ער האָט מיר אויסגערעדט אַט־אַ־דאָס־אַ, בין איך גע־בליבן זיצן אָן לשון, ווי איינער בשעת מע קומט און מע זאָגט אים אָן פּלוצים אַ בשורה. לכתחילה איז מיר אַפילו דורכגעפלויגן אַ מחשבה: לייזער־וואָלף... צייטל... ער האָט שוין אַזוינע קינדער ווי זי... נאָר באַלד האָב איך זיך אַליין אָפּגעשלאָגן: סטײַטש, אַזאַ גליק! אַזאַ גליק! עס וועט דאָך איר זײַן גוט, ווי די גאַנצע וועלט! אײַ טאָמער איז ער נישט אַזאַ צעוואָרפענער פאַרשוין? איז דאָס הײַנטיקע יאָרן, פאַרקערט, די גרעסטע מעלה, ווי זאָגט מען: אָדָם קָרוֹב לְעַצְמוֹ — אַז מען איז גוט פאַר יענעם, איז מען שלעכט פאַר זיך. אייז חסרון נאָר, וואָס ער איז אביסל צו פּראָסטלעך... נו, מילא, קאָן דען איטלעכער זײַן אַ יודע־ספר? קאַרג פאַראַן נגידים, פײַנע מענטשן אין אַנאַטעווקע, אין מאַזעפּעווקע און אַפילו אין יעהופּעץ, וואָס ווייסן נישט קיין צלם פאַר קיין אַלף; פונדעסטוועגן, אַז ס'איז באַשערט, לאָם איך האָבן אַזאַ יאָר, וואָס פאַר אַ כבוד זיי האָבן אויף דער וועלט, ווי אין פּרק שטייט: אִם אֵין קֶמַח אֵין תּוֹרָה — דאָס הייסט, די תורה ליגט אין קאַסטן און חכמה — אין קעשענע... — „נו, רב טביה, מאַכט ער צו מיר, וואָס שווײַגט איר?״ — וואָס זאָל איך שרײַען, זאָג איך צו אים כלומרשט, ווי איך קווענקל מיך; דאָס איז, רב לייזער־וואָלף, פאַרשטייט איר מיך, אַזאַ ענין, וואָס מע באַדאַרף אים גוט באַקלערן אַרום און אַרום; ס'איז עפּעס נישט קיין קאַטאָוועסל, זאָג איך, דאָס ערשטע קינד בײַ מיר! — „אדרבה, מאַכט ער, ווײַל ס'איז דאָס ערשטע קינד בײַ אײַך; איר וועט שוין, זאָגט ער, נאָכדעם, אם־ירצה־השם, קאָנען חתונה מאַכן די אַנדערע טאָכטער אויך, און שפּעטער, מיט דער צײַט, די דריטע, איר פאַרשטייט, צי ניין?״ — אָמן, גם אתם! — זאָג איך. — חתונה מאַכן איז קיין קונץ נישט, דער אייבערשטער זאָל נאָר צושיקן, זאָג איך, איטלעכן בײַ־

זונדער זײַן זיווג... — „ניין, מאַכט ער, נישט דאָס מײן איך, רֶב טֶביֶה, איך מײן עפּעס אַנדערש גאָר, וואָרעם קיין נַדן, בָּרוּך־הַשֵׁם, פֿאַר אײַער צײַטלען באַדאַרפֿט איר שוין ניט, און אויסקליידן זי צו דער חֲתוּנה, אַלץ וואָס אַ מײדל באַדאַרף — דאָס נעם איך אַף זיך, און אײַך, זאָגט ער, וועט מִסתָּמָא דערפֿון אויך עפּעס אַרײַנפֿאַלן אין בײַטל אַרײַן..."

— פֿע, מאַך איך צו אים, איר רעדט דאָך עפּעס גאָר, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, טאַקע ווי אין יאַטקע! וואָס הייסט אין בײַטל אַרײַן? פֿע! מײַן צײַטל איז חָלִילָה נישט אַזעלכע, איך זאָל זי פֿאַרקויפֿן פֿאַר געלט, פֿע־פֿע! — „אַז פֿע איז פֿע, מאַכט ער צו מיר, איך האָב געמיינט אַדרַבָּה וְאַדרַבָּה; נאָר אַז איר זאָגט פֿע, לאָז זײַן פֿע! אַז אײַך איז ליב, איז מיר נִיחָא! דער עִיקָר, זאָגט ער, עס זאָל זײַן וואָס גיכער, איך מײן טאַקע באַלד, ווי זאָגט ער, אַ בַּעַל־הַבָּיִתטע אין שטוב אַרײַן, איר פֿאַרשטייט, צי ניין?"... — מַהֲכתִּיתִי, זאָג איך, אין מיר איז קיין מְנִיעָה; מע באַדאַרף דאָך אָבער איבעררײדן מיט מײַן פּלוֹנִיתטע, זאָג איך, אין אַזעלכע זאַכן, האָט זי די דֵעָה, נישט קיין קלײניקײַט, ווי רַשִׁ״י מאַכט: רָחֵל מְבַכָּה עַל בָּנֶיהָ — אַ מאַמע איז אַ פּאַקרישקע. הײַנט זי אַליין, זאָג איך, צײַטל מײן איך, באַדאַרף מען אויך אַ פֿרעג טאָן, ווי זאָגט מען דאָס: אַלע מְחוּתָּנִים האָט מען מיטגענומען אַף דער חֲתוּנָה, און דעם חָתן האָט מען געלאָזט אין דער היים... — „בלאָטע, זאָגט ער, פֿרעגן באַדאַרף מען גאָר? דערציילן, רֶב טֶביֶה, קומען אהיים און דערציילן אַזוי און אַזוי, און שטעלן אַ חוּפָּה, אַ וואָרט און צוויי און אַ מאַהריטש!" — זאָגט דאָס נישט, זאָג איך, זאָגט דאָס נישט, רֶב לייזער־וואָלף. אַ מײדל איז נישט קיין אַלְמָנָה חלילה. — „געוויינלעך, זאָגט ער, אַ מײדל איז אַ מײדל, ניט קיין אַלְמָנָה, אָט דערפֿאַר טאַקע באַדאַרף מען, זאָגט ער, באַצײַטנס דערפֿון ריידן, כּחמת הַלְבָּשָׁה, פֿאַרשטייט איר, דאָס־יענץ־לאָקש־בוידעם־ציבעלע. און דערווײַלע, זאָגט ער, לאָמיר, רֶב טֶביֶה, נעמען צו קאַפּלעך לְחַיִים, האַ, צי ניין?"... — מַהֲכְתִּיתִי, זאָג איך, פֿאַרוואָס ניט? וואָס געהער זיך אָן שָׁלוֹם צו מַחלוֹקֶת? ווי זאָגט ער: אָדָם איז אַ מענטש און בראָנפֿן איז בראָנפֿן. ס'איז פֿאַראַן, זאָג איך, בײַ אונדז אַ גְמָרָא... און האַק אים אַרײַן אַ גְמָרָא, איינע און די אַנדערע, אַ נעכטיקן טאָג, פֿון שִׁיר־הַשִׁירִים און פֿון חַד־גַדְיָא...

בְּקִיצוּר, מיר האָבן אײַנגענומען דעם ביטערן טראָפּן, כַּכָּתוּב — ווי גאָט האָט געבאָטן! די קאַרנאָסע האָט דערווײַלע געבראַכט צו טראָגן

דעם סאַמאָוואַר, און מיר האָבן געמאַכט צו גלעזלעך פּונש, פאַרבראַכט גאָר פריַינטלעך, געווינטשעוועט, געשמועסט, געפּלאַפּלט אַלץ פונעם שי־דוך, פון דעם און פון יענעם און ווידעראַמאָל פונעם שידוך. — איר ווייס דען, רב לייזער־וואָלף, זאָג איך, וואָס פאַר אַ בריליאַנט דאָס איז? — „איך ווייס, זאָגט ער, גלייבט מיר, אַז איך ווייס; איך זאָל ניט וויסן, זאָגט ער, וואָלט איך גאָר ניט גערעדט!“ און מיר ריידן אַזוי ביידע אינאיינעם. איך שריַי: אַ בריליאַנט, אַ דימענט! איר זאָלט נאָר וויסן, וויאַזוי זי צו שאַנעווען, נישט אַרויסבאַוויַיזן דעם קצב... און ער: „האָט קיין מורא ניט, רב טביה; וואָס זי וועט עסן באַ מיר אין דער וואָכן האָט זי באַ איַיך נישט געגעסן אים יום־טוב“... — עט, זאָג איך, עסן איז אויך אַן עסק? דער נגיד, זאָג איך, עסט נישט קיין רענד־לעך, דער אָרעמאַן עסט נישט קיין שטיינער; איר זיַיט אַ פּראָסטער מענטש, זאָג איך, פאַרשטייט איר ניט ווי צו שאַצן איר בריהשאַפט, איר חלה־באַקן, אירע פיש, רב לייזער־וואָלף, אירע פיש! מע באַדאַרף, זאָג איך, האָבן אַ זכיה... און ער ווידער: „רב טביה, איר זיַיט, איר זאָלט מיר מוחל זיַין, שוין אויסגעוועפּט, רב טביה, איר קענט נישט קיין מענטשן, רב טביה, איר קענט מיך נישט!“... און איך ווידער: אַף איין וואָג גאָלד און אַף דער אַנדערער ציַיטלען. הערט איר, רב לייזער־וואָלף, איר זאָלט אַפילו פאַרמאָגן איַיערע, זאָג איך, ר״ש אלפים, זענט איר אויך נישט ווערט איר פּיאַטע!... און ער ווידער: „גלייבט־זשע מיר, רב טביה, איר זיַיט אַ גרויסער נאַר, כאָטש איר זיַיט עלטער פון מיר!“...

בקיצור, מיר האָבן אַפּנים אָוועקגעשריגן אַט־אַזוי־אָ אַ היפּשע וויַי־לע און זיַינען געוואָרן רעכט מבוסמדיק, וואָרעם אַז איך בין געקומען אַהיים, איז שוין געווען שפּעטלעך אין דער נאַכט און די פיס זיַינען מיר געווען ווי געפּענטעט... מיַין וויַיב זאָל געזונט זיַין האָט אָבער באַלד דערקענט אין מיר, אַז איך בין פאַרקנאַקט, און האָט מיר געגעבן אַ וויסטן פּעטשאַטעק, ווי איך בין ווערט. — שאַ, בייזער זיך ניט, גאָלדע! — זאָג איך צו איר גאַנץ פריילעך, און עס גלוסט זיך מיר אַזש גיין טאַנצן. — שריַי ניט, נשמה מיַינע, עס קומט אונדז מזל־טוב! — „מזל־טוב? אַ וויסטער מזל־טוב, זאָגט זי, האָסט שוין פאַרזינדיקט די מאורע בהמה, לייזער־וואָלפן זי פאַרקויפט?“ — נאָך ערגער! — זאָג איך. — „אויס־געביטן, זאָג איך, אַף אַן אַנדערער? אָפּגענאַרט לייזער־וואָלפן, אַ רחמנות

נעבעך?" — נאָך ערגער! — זאָג איך. — „נו, רייד שוין, זאָגט זי, ווערטער, קוק אָן, ווי מע באַדאַרף באַ אים קויפֿן אַ וואָרט!" — מַזל־טוב דיר, גאָלדע, זאָג איך נאָך אַמאָל, מַזל־טוב אונדז ביידן, אונדזער ציַיטל איז אַ כַּלָה געוואָרן! — „אויב אַזוי, זאָגט זי, ביסטו דאָך טאַקע גוט פֿאַרקלאַפּט, גאָר נישט אַף קאַטאָוועס, רעדסט פֿונעם וועג! האָסט, אַפּנים, געמאַכט, זאָגט זי, אַ רעכטע כּוֹסָה?" — אַ כּוֹסָה, זאָג איך, האָבן מיר מיט לייזער־וואָלפֿן געמאַכט, און צו גלעזלעך פֿונש האָבן מיר מיט לייזער־וואָלפֿן גענומען, נאָר באַ די געדאַנקען, זאָג איך, בין איך נאָך. הִנֵּה זײַ וויסן, גאָלדע ברודער, אַז אונדזער ציַיטל איז אין אַ גוטער, אַ מַזלדיקער שָׁעה אַ כַּלָה געוואָרן פֿאַר אים אַליין, פֿאַר לייזער־וואָלפֿן! און איך האָב איר איבערגעגעבן די גאַנצע מַעֲשֶׂה פֿון אָנהייב ביזן סוף, ווי־אַזוי און וואָס און ווען און פֿון אַלץ, וואָס מיר האָבן גערעדט, נישט דורכגעלאָזט קיין האָר אפילו. — „הערסטו, טֵבְיֶה, זאָגט צו מיר מײַן ווײַב, גאָט זאָל מיר טאַקע אַזוי העלפֿן ווו איך וועל מיך קערן און ווענדן, זאָגט זי, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס, וואָס לייזער־וואָלף האָט דיך גערופֿן, איז ניט אומזיסט. נאָר וואָס־זשע־דען? איך האָב מוֹרָא געהאַט דערפֿון צו טראַכטן, טאָמער חָלִילָה לאָזט זיך אויס אַ בוידעם. איך דאַנק דיר, גאָטעניו, זאָגט זי, איך דאַנק דיר, האַרצעדיקער פֿאָטער געטרײַער, סע זאָל טאַקע נאָר זײַן אין אַ גוטער שָׁעה, אַ מַזלדיקער. זי זאָל זיך עלטערן מיט אים אין עוֹשֶׁר און אין כָּבוֹד, וואָרעם פֿרומע־שָׂרָה, זאָל זײַן אָפּגעשיידט פֿון מיר, האָט געהאַט באַ אים עפּעס ניט אַזאַ גוטע וועלט; זי איז, זאָל מיר מוֹחל זײַן, נישט אַקעגן נאַכט דערמאָנענדיק, געווען אַ יִדענע אַן אײַנגעגעסענע, נישט געקאָנט אויסקומען מיט קיינעם, גאָר נישט דאָס, וואָס אונדזער ציַיטל. איר צו לענגערע יאָר. אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק דיר, גאָטעניו! נו, טֵבְיֶה, זאָגט זי, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, דו לעקיש איינער? באַדאַרף זיך אַ מענטש זאָרגן? אַז ס'איז באַשערט, זאָגט זי, קומט דאָס אַליין אין שטוב אַרײַן"... — דאָס אַוודאי, זאָג איך, ס'איז דאָך אַ בפֵירוּשער פָּסוּק... — „וואָס טויג מיר דײַן פָּסוּק. זאָגט זי, מע באַדאַרף זען גרייטן זיך צו דער חֲתוּנָה; קודם־כּל אויסרעכענען, זאָגט זי, לייזער־וואָלפֿן אַ צעטל, וואָס ציַיטל באַדאַרף האָבן צו דער חֲתוּנָה; מילא פֿון פּאָווילע, זאָגט זי, איז ניטאָ וואָס צו ריידן. זי האָט נאָך ניט קיין פֿאָדעם גרעט, זאָלסט זאָגן, אַ פּאָר זאָקן אפילו. הײַנט, זאָגט זי, מַלבּוּשִׁים — איינס אַ זײַדנס צו דער חוּפָּה

און איינס א וועלנס אף זומער, דאָס אנדערע אף ווינטער, און פלאַטיעס אַ פּאָר, און קליידלעך אונטערשטע, און מאַנטלען, זאָגט זי, וויל איך, זי זאָל האָבן צוויי: איינעם א באַרנוס מיט קעץ אף אינדערוואָכן, און איינעם א גוטן מיט שליאַמעס אף שַבָּת; היינט עפּעס שטיוועלעך, מיט קולקעס, שטאַליקעלע, א גאַרסעט, הענטשקעלעך, נאָזטיכלעך, א זאָנטיקל און די איבעריקע זאכן דאָרטן, וואָס א מיידל באַדאַרף האָבן היינטיקע צייטן..." — ווי קומט דאָס צו דיר, זאָג איך, גאָלדע סערדצע, דו זאָלסט גאָר וויסן פון אזעלכע שמאָכטעליאַקעס? — "וואָס איז? — זאָגט זי. — איך בין נישט געווען צווישן מענטשן? צי איך האָב אֶפשר ניט געזען בא אונדז אין בּאַתרילעווקע, וויאַזוי מע גייט אָנגעטאָן בא לייטן? דו, זאָגט זי, לאָז מ י ך, איך וועל שוין אליין מיט אים אלצדינג ריידן; לייזער־וואָלף, זאָגט זי, איז, נישקשה, א יִיד א נָגיד, ער וועט מְסתָּמָא אליין אויך ניט וועלן, אז די גאַנצע וועלט זאָל האָבן מיט אים צו טאָן; אז מען עסט חַזיר, לאָז כאָטש רינען איבער דער באָרד"...

בְּקיצור, מיר האָבן אזוי אוועקגערעדט ביזן ווייסן טאָג אריין. — נעם צונויף, זאָג איך, מיין ווייב, דאָס ביסל קעז און פּוטער און לאָמיך פאָרן דערווייל קיין בויבעריק; עס איז טאַקע אלצדינג שיין און פיין ארום און ארום, נאָר דאָס געשעפט, זאָג איך, קאָן מען נישט פאַר־בייגן אף א זייט, ווי שטייט דאָרטן: הַ נ שָ מָ ה לָ ךְ — די וועלט איז אויך א וועלט. און גאַנץ פרי, כְּלַחוך הַשור, עס איז נאָך געווען טונקל, האָב איך איינגעשפּאַנט דאָס פערד־און־וועגעלע און בין אוועק קיין בוי־בעריק. געקומען קיין בויבעריק אפן מארק — אהא! (ס'איז דען פאַראַן א סָוד בא יִידן?) מע וויים שוין אלצדינג און מע שטעקט אָפּ מַזל־טָוב פון אלע זייטן: — "מַזל־טָוב אייך, רֶב טֶביֶה, ווען האָבן מיר, אִם־יִרצֶה־הַשֵם, א חַתֻונֶה?" — מיט מַזל זאָלט איר, זאָג איך, לעבן, עס קומט אויס, ווי מע זאָגט: דער טאַטע איז נאָך גאָר נישט געבאָרן געוואָרן, איז שוין דער זון אויסגעוואַקסן אפן דאַך... — "בלאָטע, זאָגן זיי, עס וועט אייך גאָר נישט העלפן, רֶב טֶביֶה, מַשקֶה מוזט איר שטעלן; קיין עַיִן־הָרֶע אַזאַ גליק, א שמאַלץ־גרוב!" — די שמאַלץ רינט אויס, זאָג איך, די גרוב בלייבט איבער. נאָר פונדעסטוועגן, זאָג איך, קאָן מען קיין חַזיר ניט זיין און פון חֶבֿרֶה ניט אָפּשטיין. אָט פאַרטיק איך מיך אָפּ מיט אלע מיינע יעהופּעצער בַּעֲלֵי־בָּתִים, זאָג איך, וועט זיין א גלעזל

מַשְׁקֶה און פֿאַרבײַסן, חַי־געלעבט און אַן עק, דאָס הייסט: צָהֳלָה וְשִׂמְחָה — הוליע קַבצן!...

בְּקִיצוּר, אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט מײַן מִסחָר, גיך און געשווינט, ווי געוויינלעך, האָב איך גענומען מיט גוטע ברידער צו ביסלעך לְחַיִים, צו־געווינטשעוועט זיך איינס דעם אַנדערן, ווי עס געהערט צו זײַן, און איך האָב מיך אויפגעזעצט און בין אַוועק אַהיים לעבעדיק־פֿריילעך, גאָר בְּגִי־לוּפִין. פֿאַרנדיק אַזוי אין וואַלד, זומער־לעבן, די זון באַקט, נאָר פֿון ביי־דע זײַטן וואַלד דער שאָטן פֿון ביימער, דער רֵיחַ פֿון די סאָסנעס, מְחַיֶה־נְפָשׁוֹת. צי איך מיך אויס ווי אַ גראַף אין וועגעלע, לאָז נאָך מײַן חֶבְרֶה־מאַן די לייצעס: גיי שוין, זאָג איך צו אים, זײַ מוֹחל, אַליין, דער וועג דאַרף דיר שוין זײַן באַקענט — און אַליין צעלאָז איך מיך אויף אַ קול און זינג מיר אַ נִיגוּנדל. אויפֿן האַרצן איז עפּעס יוֹם־טוֹבדיק; עס זינגט זיך שטיקלעך פֿון יָמִים נוֹרָאִים: „וְיֶאֱתָיוּ", „וְכֹל מַאֲמִינִים שֶׁהוּא" און פֿון „הַלֵל". איך קוק מיר אַהין אַרויף, אין הימל אַרײַן, און די געדאַנקען־מַחשָׁבוֹת פּלאָנטען זיך דאָ, אויף דער ערד. הַשָּׁמַיִם שָׁמַיִם — די הימלען זײַנען פֿאַר גאָט, וְהָאָרֶץ — און די ערד, אַזוי טראַכט איך מיר, האָט ער אַוועקגעגעבן לִבְנֵי אָדָם — צו די קינדער פֿון מענטשן, זיי זאָלן זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט, זיך רײַסן ווי די קעץ פֿאַר גרויס „ראַסקאָש", שלאָגן זיך פֿאַר גַדלוּת, פֿאַר „שִׁשִׁי" און פֿאַר „מַפטִיר"... לֹא הַמֵתִים יְהַלְלוּ יָה, מַכּוֹת פֿאַרשטייען זיי, ווי מען באַ־דאַרף גאָט לויבן פֿאַר די טוֹבוֹת, וואָס ער טוט מיט זיי. וַאֲנַחְנוּ, אָבער מיר, אָרעמע לײַט, איין טאָג אַ גוטן, אַז מיר האָבן, דאַנקען מיר און לויבן גאָט און זאָגן: אָהַבְתִּי — איך האָב אים ליב גאָט, וואָ־רעם ער הערט צו מײַן קוֹל און מײַן געבעט, ער נייגט צו מיר זײַן אויער, בשעת אֲפָפוּנִי — עס רינגלט מיך אַרום פֿון אַלע זײַטן דַלוּת, צָרוֹת, שלעק־פּוּרְעָנִיוֹתן: דאָס פֿאַלט אַ בְּהֵמָה אין מיטן העלן טאָג, דאָס טראָגט אָן דער גוטער יאָר אַ קָרוֹב אַ שלים־מַזל, אַ מִין מְנַחֵם־מענדל פֿון יע־הופּעץ, נעמט צו דאָס לעצטע חִיוּת, און איך מיין שוין בְּחָפְזִי: אָן עק, די וועלט איז שוין געפֿאַלן, כָּל הָאָדָם כּוֹזֵב — ניטאָ קיין אֶמֶת אויף דער וועלט. וואָס טוט גאָט? שיקט ער אַרײַן לייזער־וואָלפֿן אַ מַחשָׁבָה, ער זאָל נעמען צייטלען ווי זי שטייט און גייט, דערום זאָג איך צוויי מאָל אוֹדְךָ — איך וועל דיך לויבן, גאָטעניו, וואָס דו האָסט זיך אַרומגעקוקט אויף טֶבִיֶהן און געקומען מיר צו הילף, איך זאָל

האָבן כאָטש אַ שטיקל נַחַת פון מײַן קינד, אַז איך וועל קומען צו איר צוגאַסט, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, זי טרעפן אַ בַּעַל־הַבָּיִתטע אַף אַלעם גרייטן, פו־לע שאַפעס מיט גרעט, פולע שפּיזאַרניעס מיט פֶּסַחיקער שמאַלץ און מיט אײַנגעמאַכטס, פולע שטײַגן מיט עוֹפוֹת, גענדז און קאַטשקעס... פלו־צים צעלאָזט זיך דאָס פערדל מײַנס אַראָפּ־אַ־באַרג, און אײדער איך הייב אויף דעם קאָפּ אַ קוק טאָן, ווו איך בין אין דער וועלט, ליג איך שוין אַף דער ערד מיט אַלע ליידיקע טעפּלעך און קריגלעך, און דאָס וועגעלע אַף מיר! קוים מיט צָרוֹת, מיט לײַדן ארויסגעקראַטשקעט זיך, און אויפגעשטאַנען אַ צעבראָכענער, אַ צעהַרגעטער, לאָז איך אוים מײַן ביטער האַרץ צום פערדל. אײַנגעזונקען זאָלסטו ווערן! ווער האָט דיך געבעטן, שלִים־מַזל, באַווײַזן אַ בְּרִיָהשאַפט, אַז דו קאָנסט לויפן באַרג־אַראָפּ? האָסט דאָך מיך שיער, זאָג איך, אומגליקלעך געמאַכט, דו אַש־מדאַי! און איך האָב אים אײַנגעטיילט וויפל ס'איז אין אים אַרײַן. מײַן בָּחור האָט, אַפּנים, אַליין פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ פאַרשטיפט אַ מיאוסע מַעשֶׂה, געשטאַנען אַראָפגעלאָזט די מאָרדע, כאָטש מעלק אים אוים. — כאַפּט דיך דער וואַטנמאַכער! — זאָג איך צו אים און מאַך צורעכט דאָס וועגעלע, נעם צונויף די כֵּלִים און הָלַךְ לְעוֹלָמוֹ — פאָר ווײַטער. נישט קיין גוטער סִימָן, זאָג איך צו זיך אַליין; איך האָב מורא, צי עס האָט זיך נישט געטראָפן אינדערהיים עפּעס אַ נײַער אומגליק?...

כַּךְ הֲוָה. איך פאָר אַף נאָך אַ ווערסט צוויי, שוין ניט ווײַט פון דער היים, דערזע איך אין מיטן שליאַך גייט גלײַך אַקעגן מיר אַ מענטש אינעם געשטאַלט פון אַ נְקֵבָה. איך פאָר צו נענטער, קוק מיך אײַן: צייטל!... איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר עס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן, אַז איך האָב זי דערזען. איך שפּרינג אַראָפּ פונעם וואָגן: צייטל, ס'איז דו? וואָס טוסטו דאָ? פאַלט זי מיר ניט אָפּן האַלדז מיט אַ געוויין? גאָט איז מיט דיר, זאָג איך, טאָכטער מײַנע, וואָס וויינסטו? — „אוי, זאָגט זי, טאַטע, טאַטע!"... — און באַוואַשט זיך מיט טרערן. עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן און פאַרקלעמט באַם האַרצן. — וואָס איז דיר, טאָכטער, זאָג מיר, וואָס איז דיר געשען? — זאָג איך צו איר און נעם זי אַרום, גלעט זי, האַלדז זי, קוש זי, און זי אין איין קול: — „טאַטע, טאַטע, האַרציקער, געטרײַער, זאָגט זי, דעם דריטן טאָג אַ שטיקל ברויט, האָב רַחֲמָנוּת, זאָגט זי, אַף מײַנע יונגע יאָר!"... און פאַרגייט זיך פאַר געוויין, קאָן מער קיין וואָרט נישט

אויסריידן. אז אָך און וויי איז מיר, טראַכט איך, איך שטוים מיך שוין, וואָס דאָ איז! דער רוּחַ האָט מיך אַוועקגעטראָגן קיין בויבעריק! — וואָס באַדאַרף מען וויינען, זאָג איך צו איר און גלעט זי באַם קאָפּ, נאַרעלע, וואָס באַדאַרף מען וויינען? מְמָה־נַפְשָׁךְ, זאָג איך, ניין איז ניין, מע וועט דיר מיט גוואַלט חָלִילָה קיינער נישט אָנהענגען אַ לונג און לעבער אַף דער נאָז. מיר האָבן, זאָג איך, געמיינט דײַן טוֹבָה טאַקע, געוואָלט ווי צום בעסטן. אֶלָא ס'איז דיר ניט צום הַארצן, וואָס זאָל מען טאָן? מִסְתָּמָא, זאָג איך, איז ניט באַשערט... — „אַ דאַנק דיר, זאָגט זי, טאַטע, לאַנג לעבן זאָלסטו", — און פאַלט מיר ווידער אַפן האַלדז און הייבט ווידער אָן צו קושן מיך און וויינען, גיסן מיט טרערן. — אָבער לאָז שוין זײַן גענוג געוויינט, זאָג איך, הַ כֹּ ל הֶ בֶ ל — קרעפּלעך עסן קאָן אויך נִמְאָס ווערן; קריך, זאָג איך, אין וואָגן אַרײַן און לאָמיר פאָרן אַהיים, די מאַמע, זאָג איך, וועט דאָרטן איבערטראַכטן מִי יוֹדֵעַ וואָס!

בְּקִיצוּר, מיר האָבן זיך ביידע אַרײַנגעזעצט אין וואָגן אַרײַן, און איך האָב אָנגעהויבן אײַנצושטילן זי מיט רייד, אַהין, אַהער. די מַעֲשֶׂה דערפון, זאָג איך, איז דאָך אַזוי: מיר האָבן, זאָג איך, דערבײַ חָלִילָה קיין שום שלעכטע מַחְשָׁבָה נישט געהאַט; גאָט איז יוֹדֵעַ דעם אֶמֶת, מיר האָבן געוואָלט, ווי זאָגט ער, לְעֵת־צָרָה באַוואָרענען אַ קינד; אײַ, עס לאָזט זיך נישט, מִסְתָּמָא, זאָג איך, הייסט גאָט אַזוי; נישט באַשערט, זאָג איך, דיר, טאָכטער מײַנע, קומען אַפן גרייטן, ווערן אַ בַּעַל־הַבָּיִתטע אַף אַלדאָס גוטס, און אונדז אַ שטיקל נַחַת דערלעבן, זאָג איך, אַף די עלטערע יאָרן, פאַר אונדזער האָרעוואַניע, זאָג איך, טאָג ווי נאַכט אין דער טאַטשקע אײַנגעשפּאַנט, קיין גוטע מינוט, נאָר דַלְוּת, נאָר דַחקוּת, נאָר שְׁלִים־שְׁלִים־מַזל אָרום און אָרום!... „אוי, טאַטע, זאָגט זי צו מיר ווידער מיט אַ געוויין, איך וועל מיך שטעלן, זאָגט זי, פאַר אַ דינסט, ליים וועל איך טראָגן, ערד וועל איך גראָבן!"... — וואָס ווײַנסטו, נאַריש מיידל, זאָג איך צו איר, איך זאָג דיר דען עפּעס, נאַרעלע? צי איך האָב טַעֲנוֹת צו דיר? גלאַט, זאָג איך, ס'איז ביטער און פינצטער, רייד איך מיר אויס דאָס האַרץ, שמועס איך מיך אויס מיט אים, מיטן רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, ווי־אַזוי ער פירט מיט מיר; ער איז, זאָג איך, אַן אַב־הָרַחֲמָן, האָט רַחֲמָנוּת אַף מיר, פײַנט זיך אויס קעגן מיר, זאָל ניט שטראָפן פאַר די רייד, זאָג איך, רעכנט זיך, ווי מיט אַ טאַטן, און גיי

שרײַ חי־וקיים! נאַר מסתּמא, זאָג איך, באַדאַרף אַזוי צו זײַן; ער איז אויבן, אינדערהייך, זאָג איך, און מיר זײַנען דאָ, אין דער ערד, טיף, טיף אין דער ערד, מוזן מיר זאָגן, אַז ער איז גערעכט און זײַן משפּט איז גערעכט. וואָרעם אַז מיר זאָלן וועלן שמועסן טאַקע דאָס אייגענע ווידער צוריק, בין איך דען נישט קיין גרויסער נאַר? וואָס שרײַ איך? וואָס פּילדער איך? וואָס הייסט, זאָג איך, קליין ווערעמל, וואָס פּויזשע אַרום דאָ אויף דער ערד, וואָס אַ מינדעסט ווינטעלע, אַז גאָט וויל נאָר, מאַכט פון מיר אַ תּל־עולם אין איין כּהרף־עין, שטעל איך מיך אַרויס מיט מײַן נאַרישן שׂכל און וויל אים זאָגן דעות, וויאַזוי צו פירן דאָס וועלטל זײַנס? מסתּמא, אַז ער הייסט אַזוי, באַדאַרף זײַן אַזוי, וואָס העלפט דאָ טענות? פּערציק טעג, זאָג איך, אַזוי שטייט געשריבן בײַ אונדז אין די הייליקע ספרים, פּערציק טעג פאַר דעם, איידער דאָס קינד ווערט באַשאַפן בײַ דער מוטער אין בויך, קומט אַ מלאך און שרײַט אויס: בת פּלוני לפּלוני, לאָז טביהס טאָכטער נעמען געצל בן זרחן, און לייזער־וואָלף דער קצב לאָז מוחל זײַן פאָרן ערגעץ אַנדערש זוכן זיך זײַן גלײַכן, זײַנס וועט אים נישט אַנטלויפן, און דיר, זאָג איך, לאָז גאָט צושיקן דײַן זיווג, נאָר עפּעס אַ רעכטס, און וואָס צום גיכסטן. אָמן, כּן יהי רצון — זאָג איך, די מאַמע זאָל כאָטש אַזוי ניט שרײַען, איך וועל שוין פון איר כאַפּן אַ גוטן פּסק!...

בקיצור, מיר זײַנען געקומען אַהיים, אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל און אוועקגעזעצט זיך בײַ דער שטוב אויפן גראָז עפּעס צוטראַכטן אַן עצה, אויסקלערן פאַר מײַן ווײַב אַ מעשׂה פון טויזנט־איין־נאַכט, אַבי אַרויס פון אַ צרה. פאַרנאַכטלעך, די זון זעצט זיך; זומער־לעבן, די זשאַבעס פונדערווײַטן קוואַקען; דאָס פערדל, געפּענטעט אויף צוויי פיס, שטשיפּעט גראָז; די בהמהלעך, נאָרוואָס געקומען פון דער טשערעדע, שטייען איבער די ציבערס און וואַרטן, מען זאָל זיי אויסמעלקן; אַרום און אַרום דאָס גראָז שמעקט — נאָר אַ גן־עדן! איך זיץ מיר אַזוי און באַטראַכט דאָס אַלצדינג און קלער מיר בשעת־מעשׂה, ווי קלוג דער רבונו של עולם האָט דאָס באַשאַפן דאָס וועלטל זײַנס, אַזוי אַז איטלעכס באַשעפעניש, פונעם מענטשן ביז להבדיל אַ בהמה, זאָל זיך פאַרדינען זײַן ברויט — אומזיסט איז נישטאָ! דו, בהמה, ווילסט זיך פרעסן — גיי מעלק זיך, גיב מילך, זײַ מפרנס אַ ייִד מיט ווײַב און קינדערלעך! דו, פערדל, ווילסט קײַען — לויף אַלע מאָל הין און צוריק מיט די טעפּלעך קיין

בויבעריק! און דעסגלײַכן דו, מענטש, לְהַבְדִיל, ווילסט א שטיקל ברויט
— גיי האָרעווע, מעלק די בְּהֵמוֹת, טראָג זיך מיט די קריגלעך, שלאָג
פּוטער, מאַך קעז, שפּאַן דאָס פערדל און שלעפּ זיך אַלע פרימאָרגן קיין
בויבעריק אַף די דאַטשעס, נייג זיך און בוק זיך צו די יעהופּעצער גְבִירִים,
שמייכל צו זיי, חַנְפֶה זיי, קריך זיי איטלעכן באַזונדער אין דער נְשָמָה
אַרײַן, גיב אכטונג, זיי זאָלן זײַן צופרידן, חָלִילָה נישט אָנרירן זיי אין
כָּבוֹד!... איז, בלײַבט דאָך א קַשְיָא: מַה נִּשְׁתַּנָּה? — ווו שטייט
דאָס געשריבן, אַז טֶביה באַדאַרף האָרעווען פון זייערטוועגן, אויפשטיין
גאַנץ פרי, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, וואָס איז? בִּכְדֵי זיי זאָלן האָבן
פּונקט צו דער קאַווע א פריש שטיקל קעז און פּוטער? ווו שטייט דאָס
געשריבן, אַז איך בין מְחוּיָב אויסגעריסן ווערן צוליב א שיטערן קרופּ־
ניק, א קאַליש מיט גרויפּן, און זיי, די יעהופּעצער נְגִידִים, באַדאַרפן
אויסרוען די ביינער אַף די דאַטשעס, נישט טאָן קיין האַנט אין קאַלט
וואַסער און עסן דווקא געבראָטענע קאַטשקעלעך, און דווקא גוטע קני־
שעס, מלינצעס מיט ווערטוטן? בין איך דען נישט אַזאַ ייִד, ווי זיי?
וואָלט דען נישט געווען קיין יוֹשֶר, כ'לעבן, אַז טֶבִיָה זאָל זיך אַוועקזעצן
כאָטש איין זומער אַף א דאַטשע? איז, ווו וועט מען נעמען קעז און
פּוטער? ווער וועט מעלקן די בְּהֵמוֹת? טאַקע זיי, די יעהופּעצער סטיק־
ראַטן מײַן איך... און איך צעלאַך מיך אַליין פון אַזאַ משוגענעם גע־
דאַנק, ווי־ זאָגט די וועלט א ווערטל: אַז גאָט זאָל האָרכן די נאַראָנים,
וואָלט די וועלט געהאַט אַן אַנדער פָּנִים... — „א גוטן אָוונט, רֶב
טֶבִיָה!" — הער איך עמעצער רופט מיך אָן באַם נאָמען. איך דריי מיך
אַרום, איך טו א קוק — א באַקאַנטער: מ אָ ט ל ק אַ מ ז ו י ל,
א שנײַדער־יונג פון אַנאַטעווקע. — בָּרוּך־הַבָּא, זאָג איך, סקאָצל קומט,
מען זאָל דערמאָנען מָשִיחַן. זיץ, מאָטל, אַף גאָטס ערד, זאָג איך, ווי
קומסטו פּלוצים אַהער? — „ווי איך קום? מיט די פיס". — מאַכט
ער צו מיר און זעצט זיך אַוועק לעבן מיר אַפן גראָז און קוקט אַהין, ווו
מײַנע מיידלעך דרייען זיך אַרום מיט די טעפּלעך און מיט די קריגלעך.
— „איך קלויב מיך שוין לאַנג צו אײַך, רֶב טֶבִיָה, מאַכט ער צו מיר,
נאָר איך האָב אַלץ קיין צײַט ניט; איין שטיקל אַרבעט אַרויסגעלאָזט,
דאָס אַנדערע גענומען. איך בין מיר הײַנט אַליין פאַר זיך א שנײַדער.
אַרבעט איז פאַראַן, בָּרוּך־הַשֵם, גענוג, אַלע שנײַדערס זײַנען פאַרוואָרפן
מיט אַרבעט. ס'איז באַ אונדז מֶשֶך א זומער פון חַתֻנוֹת: ב ע ר ל

פאָנפאַטש מאַכט חתונה; יאָסל שייגעץ מאַכט חתונה; מענדל זאַיקע מאַכט חתונה; יענקל פּיסקאַטש מאַכט חתונה; משה גאָרגל מאַכט חתונה; מאיר קראַפּעווע מאַכט חתונה; חיים לאָשעק מאַכט חתונה; און אפילו טיהובעכע די אלמנה מאַכט אויך חתונה!" — די גאַנצע וועלט, זאָג איך, מאַכט חתונה, נאָר איך איינער האַלט נאָך נישט דערבײַ; מסתּמא בין איך נישט ווערט באַ גאָט... — „ניין, מאַכט ער צו מיר און קוקט אַהין, ווו די מיידלעך זײַנען, איר האָט אַ טעות, רב טבֿיה; איר זאָלט וועלן, וואָלט איר אויך געהאַלטן איצט באַ חתונה מאַכן, עס ווענדט זיך נאָר אָן אײַך"... — דהײַנו, זאָג איך, ווו אַרום? אפשר מיינסטו אַ שידוך פאַר צייטלען? — „ווי געמאָסטן!" — מאַכט ער צו מיר. — כאָטש עפּעס אַ רעכטן שידוך? — זאָג איך און טראַכט מיר בשעת־מעשה: עס וועט זײַן שיין, טאָמער מיינט ער לייזער־וואָלף דעם קצבֿ!... „טשאַקנדיק און קנאַקנדיק!" — ענטפערט ער מיר אויף שנײַדער־לשון און קוקט אַלץ אַהין, ווו די מיידלעך זײַנען.

— פון וואַנען, למשל, איז דער שידוך דײַנער, פרעג איך אים, פון וואַסערע קאַנטן? אויב ער שמעקט מיט יאַטקע, זאָג איך, וויל איך גאָרניט הערן, ניט זען! — „הס וחלילה, זאָגט ער, ער הייבט נישט אָן שמעקן מיט יאַטקע; איר קענט אים, רב טבֿיה, זייער גוט!"... — אײַ דאָס כאָטש, זאָג איך, עפּעס אַ גלײַכע זאַך? — „נאָך אַ מין גלײַך, זאָגט ער, גלײַך צו גלײַך איז נישט גלײַך; ס'איז ווי מע זאָגט, אָגיל ואשמח — צוגעשניטן און אויפגענייט!"... ווער־זשע איז דער שידוך, זאָג איך, לאָמיר האָרכן? — „ווער דער שידוך איז? — מאַכט ער און קוקט אַלץ אַהין. — דער שידוך איז, פאַרשטייט איר מיך, רב טבֿיה, טאַקע איך אַליין"... ווי ער האָט דאָס מיר נאָר אויסגערעדט, אַזוי בין איך אונטערגעשפּרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטעטער, פון דער ערד, און ער נאָך מיר, און אַזוי זײַנען מיר געבליבן שטיין איינער אַקעגן אַנדערן, אָנגעדראָדלט, ווי די האָנען. צי דו ביסט משוגע געוואָרן, זאָג איך צו אים, צי דו ביסט גלאַט אַזוי אַראָפּ פונעם זינען? ביסט אַליין דער שדכן, אַליין דער מחותּן און אַליין דער חתן, דאָס הייסט, אַן אייגענע חתונה מיט אייגענע כּלי־זמר! איך האָב נאָך, זאָג איך, אַזעלכעס נישט געהערט אין ערגעץ, אַז אַ בחור זאָל זיך אַליין ריידן אַ שידוך! — „דאָס, וואָס איר זאָגט, רב טבֿיה, מאַכט ער צו מיר, אַז איך בין משוגע, לאָזן

אונדזערע שׂונאים משוגע ווערן; איך בין נאָך, מעגט איר מיר גלייבן, באַ אַלע געדאַנקען; מע באַדאַרף גאָר ניט זײַן, זאָגט ער, משוגע, אַז מע זאָל וועלן אײַער צייטלען; אַ סימן האָט איר, אַז לייזער־וואָלף, וואָס איז דער גרעסטער נגיד באַ אונדז אין שטאָט, האָט זי געוואָלט נעמען ווי זי שטייט און גייט... איר מיינט, ס'איז אַ סוד? דאָס גאַנ־צע שטעטל ווייס שוין!... און דאָס, וואָס איר זאָגט, אַליין אָן אַ שדכן, איז מיר אַ חידוש, זאָגט ער, אַף אײַך; איר זײַט דאָך, רב טביה, עפּעס יאָ אַ ייִד וואָס קאָטאָרי קיין פינגער אין מויל באַדאַרף מען אײַך נישט אַרײַנלייגן, איר וועט אָפּבײַסן... נאָר וואָס טויג לאַנגע שמועסן? די מעשׂה פון דער געשיכטע, זאָגט ער, איז אַזוי: איך און אײַער טאָכ־טער צייטל האָבן זיך געגעבן אַ וואָרט שוין לאַנג, שוין העכער אַ יאָר, אַז מיר זאָלן זיך נעמען״... אַ מעסער אין האַרצן, ווען עמעצער זעצט מיר אַרײַן, וואָלט מיר געווען אַ סך מער ניחא, ווי די דאָזיקע ווער־טער: ערשטנס, ווי קומט ער, מאָטל שנײַדער, צו טביהן פּאַר אַן איי־דעם? וְהַשֵּׁנִית, וואָס איז דאָס פּאַר דיבורים: ז יי ה אָ ב ן ז י ך געגעבן דאָס וואָרט, אַז זיי זאָלן זיך נעמען? — נו, און ווּ בין איך? — רוף איך מיך אָן צו אים. — עפּעס האָב איך אויך אַ שטיקל דעה צו זאָגן אַף מײַן קינד, צי מיך פרעגט מען שוין גאָרנישט? — „חס וְחָלִילָה, מאַכט ער, דערויף בין איך דאָך טאָקע געקומען צו אײַך איבעררײדן, אַזוי ווי איך האָב דערהערט, אַז לייזער־וואָלף שדכנט זיך צו אײַער טאָכטער, וואָס קאָטאָרי שוין העכער אַ יאָר אַז איך האָב זי ליב...״ — ס'אַ משל, זאָג איך, אַז טביה האָט אַ טאָכטער צייטל, און דו הייסט מאָטל קאַמזויל און ביסט אַ שנײַדער, הײַנט וואָס האָסטו צו איר, דו זאָלסט זי פֿײַנט האָבן?... — „ניין, מאַכט ער, נישט דאָס מיין איך, איך מיין גאָר עפּעס אַנדערש, איך האָב אײַך געוואָלט דערציילן, אַז איך האָב ליב אײַער טאָכטער, און אײַער טאָכטער האָט מיך ליב, שוין העכער אַ יאָר, זיך געגעבן דאָס וואָרט מיר זאָלן זיך נעמען, האָב איך, זאָגט ער, עטלעכע מאָל געוואָלט זײַן באַ אײַך איבעררײדן, נאָר אַלץ אָפּגעלייגט אַף שפּעטער, ביז איך וועל מיר צונויפשלאָגן עטלעכע קערבלעך אַף אַ מאַשין, און נאָכדעם ערשט אויסקליידן זיך, ווי עס געהער צו זײַן, וואָרעם אַ ליאָדע בָחור הײַנ־טיקע צײַטן האָט צוויי קאָסטיומען מיט עטלעכע קאַמזוילן״... — טפו זאָלט איר ווערן, מאַך איך צו אים, מיט אײַער קינדערשן שׂכל! און

וואָס וועט איר טאָן נאָך דער חתונה — פאַרוואַרפן די ציין אַף די בענ־
טאַנעס, צי דו וועסט האָרעווען דײַן ווײַב מיט קאַמזוילן?... — ע, מאַכט
ער צו מיר, אַף אײַך איז מיר, רב טביה, אַ חידוש, איר זאָלט אַזעלכעס
זאָגן! איך מיין, אַז איר האָט חתונה געהאַט, האָט איר, דאַכט מיר,
קיין אייגענעם מויער נאָך נישט געהאַט, פונדעסטוועגן זעט איר דאָך...
ממה־נפשך, וואָס עס וועט זײַן מיט כּל ישׂראל וועט זײַן מיט רב ישׂ־
ראל... הײַנט בין איך דאָך אַ שטיקל בעל־מלאָכה אויך"...

בקיצור, וואָס זאָל איך אײַך דאָ לאַנג מאַריך זײַן? ער האָט מיך
איבערגערעדט, וואָרעם — למאי זאָלן מיר זיך נאַרן, וויאַזוי האָבן אַלע
ייִדישע קינדער חתונה? אַז מע זאָל וועלן קוקן אַף די זאַכן, וואָלט אונ־
דזער גראַד קיינמאָל נישט באַדאַרפט חתונה האָבן... איין זאַך האָט
מיר נאָר פאַרדראָסן און האָב דאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין בשום־אופן:
וואָס הייסט, זיי אַליין האָבן זיך געגעבן דאָס
וואָרט? וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט געוואָרן? אַ בחור באַגעגנט
זיך מיט אַ מיידל און זאָגט צו איר: לאָמיר זיך געבן דאָס
וואָרט, אַז מיר זאָלן זיך נעמען... עפּעס גלאַט
הפקר־ציבעלעס!... נאָר אַז איך האָב אַ קוק געטאָן אַף מײַן מאָטלען,
ווי ער שטייט זיך אַזוי, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ זינדיקער מענטש,
מיינט דאָס גאַנץ ערנסט, אָן שום חכמות דערבײַ צו האָבן, האָב איך
מיך מיישב געווען: לאָמיר זיך נאָר גוט באַרעכענען טאַקע דאָס איי־
גענע ווידער צוריק. וואָס ברעקל איך מיך אַזוי און וואָס מאַך איך דאָ
אָנשטעלן? דער גרויסער מיוחס וואָס איך בין, רב צאַצעלעס אָן איי־
ניקל, צי די גוזמות נדן, וואָס איך גיב מײַן טאָכטער, צי די הלבשה
אירע, משטיינס געזאָגט?... מאָטל קאַמזויל איז טאַקע אַ שנײַדער, ער
איז אָבער אַ גאַנץ פֿײַן בחורל, אַן אַרבעטס־יונג, קאָן געבן אַ ווײַב ברויט,
און דערצו נאָך אַן ערלעך ייִנגל אויך, הײַנט וואָס האָב איך צו אים?
— טביה, זאָג איך צו מיר אַליין, מאַך נישט קיין פוילע תנועות און
זאָג באָם, ווי אין פּסוק שטייט: סלחתי כּדבריך — לאָז זײַן
מיט גליק!... יאָ, וואָס טוט מען אָבער מיט מײַן אַלטער? איך וועל
דאָך פון איר האָבן, ווי זאָגט ער, בּסוסים וּבגמלים — אַף
שיסל און אַף טעלער! וויאַזוי פירט מען זי אַרויף, אַז עס זאָל באַ איר
ווערן רעכט?... ווייסטו גאָר וואָס, מאָטל? — רוף איך מיך אָן צו
מײַן חתן. — דו גיי דיר אַהיים, איך וועל מיר דאָ דערווײַל צורעכט מאַכן

אַלץ, וואָס מע באַדאַרף, איבערשמועסן מיט דעם, מיט יענעם, ווי אין דער מְגִילָה שטייט: וְ הַ שְׁ תִ יָ ה כַּ דָ ת — אַלצדינג דאַרף זײַן באַ־טראַכט. און אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם מאָרגן, אויב דו וועסט ביז דעמאָלט קיין חֲרָטָה נישט האָבן, וועלן מיר זיך מְסַתְּמָא זען... — „חֲרָטָה? — מאַכט ער צו מיר. — איך וועל האָבן חֲרָטָה? איך זאָל ניט דערלעבן אַוועקגיין פון דעם אָרט, עס זאָל פון מיר ווערן, זאָגט ער, אַ שטיין, אַ ביין!"...
— צו וואָס טויג דיר נאָך דאָס שווערן זיך, וואָס דו שווערסט זיך, זאָג איך אים, אַז איך גלייב דיר אָן אַ שְׁבוּעָה? גיי געזונט, זאָג איך, און אַ גוטע נאַכט, און לאָזן זיך דיר חֲלוֹמען גוטע חֲלוֹמוֹת... און אַליין לייג איך מיך אויך שלאָפן, נאָר עס נעמט מיך ניט קיין שלאָף; דער קאָפּ ווערט מיר שיער ניט צעפּאַלן אַף שטיקלעך, טראַכטנדיק אַזאַ פּלאַן און אַזאַ פּלאַן, ביז איך בין געפאַלן אַף דעם רעכטן פּלאַן. וואָס־זשע איז דער פּלאַן? אָט וועט איר הערן, ווי אַזוי טביה פּאַלט אַף אַ גלײַכס!

בְּקִיצוּר, אַרום האַלבע נאַכט, די גאַנצע שטוב שלאָפט געשמאַק, דער כראָפּעט, דער פײַפט, בין איך מיך מְיַישֵׁב און הייב אָן צו שרײַען נישט מיט מײַן קוֹל: גוואַלט! גוואַלט! גוואַלט!... סע פאַרשטייט זיך, אַז אַף מײַן גוואַלט האָט זיך די גאַנצע שטוב אויפגעכאַפּט, און פריִער פון אַלעמען גאָלדע. „גאָט איז מיט דיר, טֵבְיֶה, מאַכט זי צו מיר און טרייסלט מיך, שטיי אויף, וואָס איז דיר אַזעלכעס, וואָס גוואַלדעוועסטו?"... איך עפן אויף די אויגן, קוק מיך אַרום כּלוֹמֶרשט אַף אַלע זײַטן און רוף זיך אָן מיט אַ ציטערניש: — וווּ איז זי ערגעץ? — „ווער איז? ווע־מען זוכסטו?" — פרומע־שָׂרָהן, פרומע־שָׂרָה לייזער־וואָלפס איז דאָ נאַרוואָס געשטאַנען... — „דו רעדסט פון היץ, מאַכט צו מיר מײַן ווײַב, גאָט איז מיט דיר, טֵבְיֶה! פרומע־שָׂרָה לייזער־וואָלפס, זאָל זײַן אָפּגעשיידט, איז שוין לאַנג אַף דער אֱמֶתער וועלט". — איך ווייס, זאָג איך, אַז זי איז געשטאָרבן, נאָר זי איז אָבער פאָרט געווען נאַרוואָס, אָט־דאָ באַ מײַן בעט, גערעדט מיט מיר, זי האָט מיך אָנגענומען, זאָג איך, באַם גאָרגל, מיך געוואָלט ווערגן!... — „גאָט איז מיט דיר, טֵבְיֶה, וואָס פּלאַפּלסטו? — מאַכט צו מיר מײַן ווײַב. — עס האָט זיך דיר געקערט חֲלוֹמען אַ חָלוֹם; שפּײַ אויס דרײַ מאָל און דערצייל מיר וואָס האָט זיך דיר געחֲלוֹמט. וועל איך דיר אויסלייגן צו גוטן". — לאַנג לעבן זאָלסטו, גאָלדע, מאַך איך צו איר, וואָס דו האָסט מיך אויפ־געמונטערט, ווען ניט, וואָלט איך פּאַר שרעק געקלאַפּירט אַפן אָרט.

גיב מיר, זאָג איך, אַ טרונק וואַסער, וועל איך דיר דערציילן דעם חלום, וואָס האָט זיך מיר געחלומט. נאָר בעטן וועל איך דיך, גאָלדע, זאָלסט זיך נישט שרעקן און נישט איבערקלערן חלילה גאָט ווייס וואָס, וואָרעם אין די הייליקע ספֿרים באַ אונדז שטייט געשריבן, אַז נאָר דרײַ חלקים פֿון אַ חלום קאָן אַמאָל מקוים ווערן, און דאָס איבעריקע איז בלאָטע, שקרים וּכזבֿים, נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן... קודם־כּל, זאָג איך, האָט זיך מיר געחלומט, אַז ס'איז באַ אונדז אַ שׂמחה; איך ווייס ניט, צי אַ קנס־מאָל, צי אַ חתונה. מענטשן אַ סך, ייִדן און ווײַבער, דער רבֿ און דער שוחט, הײַנט כּלי־זמר... דערווײַל עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן דײַן באָבע צייטל עליה השלום... מײַן ווײַב האָט דערהערט די באָבע צייטל, איז זי שוין געוואָרן טויט ווי די וואַנט און רופֿט זיך אָן צו מיר: „וואָסזשע איז זי אויפֿן פּנים און אין וואָס איז זי געגאַנגען אָנגעטאָן?‟ — אַ פּנים האָט זי, זאָג איך, אַף אַלע אונדזערע שׂונאים, געל אַזוי ווי וואַקס, און אָנגעטאָן, געוויינלעך, אין ווײַסן, אין תּכריכים... „מזל־טובֿ! — מאַכט צו מיר די באָבע צייטל. — איך האָב נחת, וואָס איר האָט אויסגעקליבן פֿאַר אײַער צייטלען, וואָס זי טראָגט מײַן נאָמען, אַזאַ פֿײַנעם חתן, אַ לײַטישן; ער הייסט מאָטל קאַמזויל, נאָך מײַן פֿעטער מרדכי, און כאָטש ער איז אַ שנײַדער, פֿונדעסטוועגן איז ער זייער אַן ערלעך קינד‟... — „פֿון וואַנען, רופֿט זיך אָן גאָלדע, האָט זיך צו אונדז גענומען אַ שנײַדער? אין אונדזער משפּחה, זאָגט זי, זײַנען פֿאַראַן מלמדים, חזנים, שמשים, קבֿרות־ייִדן, און גלאַט אַזוי אָרעמע לײַט, נאָר נישט, חלילה, קיין שנײַדערס און נישט קיין שוסטערס‟... — שלאָג־זשע מיך נישט איבער, גאָלדע, זאָג איך צו איר, מסתּמא ווייסט דײַן באָבע צייטל בעסער פֿון דיר... אַז איך האָב דערהערט פֿון דער באָבע צייטל אַזאַ מין מזל־טובֿ, רוף איך מיך אָן צו איר: וואָס זאָגט איר עפּעס, באָבעניו, אַז צייטלס חתן הייסט מאָטל און ער איז אַ שנײַדער, אַז בּסך־הכּל הייסט ער לייזער־וואָלף און ער איז גאָר אַ קצבֿ?... — „ניין, רופֿט זיך אָן די באָבע צייטל נאָך אַמאָל, ניין, טבֿיה, דײַן צייטלס חתן הייסט טאַקע נאָר מאָטל, ער איז אַ שנײַדער, און מיט אים וועט זי זיך עלטערן אם־ירצה־השם, אין עושר און אין כּבֿוד‟... רעכט, באָבעניו, זאָג איך צו איר נאָכאַמאָל, וואָס־זשע טוט מען מיט לייזער־וואָלפֿן? סטײַטש, איך האָב דאָך אים ערשט נעכטן געגעבן דאָס וואָרט!... — איך האָב נאָר אויסגערעדט די דאָ־

זיקע ווערטער, איך טו א קוק — נישטאָ די באָבע צייטל! אַף איר אָרט איז אויסגעוואקסן פרומע־שׂרה לייזער־וואָלפּס און מאכט צו מיר פּהאַי לִישנָא: „רֶב טֶביָה! איך האָב אײַך געהאַלטן תָּמיד פאר אַן ערלעכן, פאר א ייִדן מיט תוֹרה, סטײַטש, ווי קומט דאָס, איר זאָלט טאָן אַזאַ זאַך, איר זאָלט וועלן, אַז אײַער טאָכטער זאָל מיך יַרשענען, זיצן אין מײַן שטוב, האַלטן מײַנע שליסל, אָנטאָן מײַן מאַנטל, טראָגן מײַנע צירונג, מײַנע פּערל?”... וואָס בין איך שולדיק, מאַך איך צו איר, אײַער לייזער־וואָלף האָט אַזוי געוואָלט... „לייזער־וואָלף? — מאכט זי צו מיר. — לייזער־וואָלף וועט האָבן א ווייסטן סוֹף, און אײַער צייטל... א רַחמָנוּת נעבעך, רֶב טֶביָה, אַף אײַער טאָכטער; מער ווי דרײַ וואָכן וועט זי מיט אים נישט לעבן; און אַז עס וועט אויסגיין די דרײַ וואָכן, וועל איך קומען צו איר באַנאַכט און וויל זי אָננעמען באַם האַלדז אָט־אַזוי־אָ...” און מיט די ווערטער, זאָג איך, האָט מיך פרומע שׂרה אָנגענומען באַם גאָרגל און האָט מיך אָנגעהויבן צו ווערגן אַזוי, אַז ווען ניט דו זאָלסט מיך געוועקן אויפוועקן, וואָלט איך שוין איצטער אָנגעשפּאַרט ווײַט־ווײַט!... — „טפו־טפו־טפו! — מאכט צו מיר מײַן ווײַב און שפּײַט אוים דרײַ מאָל דרײַ. — אין טײַך זאָל דאָס פאַלן, אין דער ערד זאָל דאָס זינקען, אַף בוידעמס זאָל דאָס קלעטערן, אין וואַלד זאָל דאָס רוען, נאָר אונדז און אונדזערע קינדער זאָל דאָס ניט שאַטן! א בייזער, א ווייסטער, א פינצטערער חָלוֹם אַף דעם קַצָבֿס קאָפּ און אַף זײַנע הענט און פים! לאָז ער זײַן די כַּפָּרה פאר מאָטל קאַמזױלס מינדסטן נאָגל, כאָטש ער איז א שנײַדער, וואָרעם אַז ער הייסט נאָך מײַן פעטער מָרדכַי, איז ער געווים נישט קיין געבאָרענער שנײַדער, און מִסתָּמָא אַז די באָבע עָלֶיהָ הַשָּלוֹם איז זיך מַטרִיחַ פון יענער וועלט קומען אַהער צו אָפּגעבן מַזל טוֹב, באַדאַרפן מיר זאָגן, סע זאָל זײַן אין א גוטער שעה א מַזָלדיקער, אָמֵן סֶלָה!”...

— — — — — — — — — — — — — — — —

בְּקיצוּר, וואָס זאָל איך אײַך לאַנג מַאריך זײַן? איך בין געווען שטאַרקער פון אײַזן, אַז איך האָב יענע נאַכט אויסגעהאַלטן און בין נישט צעזעצט און צעשפּרונגען געוואָרן, ליגנדיק אונטער דער קאָלדרע, פאר געלעכטער... בָּ רוּ ךְ שֶׁ לֹּ א עָ שַׂ נִ י אִ שָּׁ ה — א ייִדענע בלײַבט א ייִדענע... סע פאַרשטייט זיך, אַז אַף מאָרגן איז געווען באַ

אונדז דאָס קנס־מאָל, און טאַקע באַלד נאָכדעם די חתונה, אַף גמרא־לשון: הא גברא והא טרסקא, און דאָס פּאַרפאַלק, ברוך־השם, לעבט זיך גאַנץ צופרידן: ער איז זיך אַ שניידער, גייט אַרום אין בויבעריק פון איין דאַטשע אין דער אַנדערער אָננעמען אַרבעט, און זי טאָג ווי נאַכט אין דעם יאָך, קאָכט און באַקט און וואַשט און שמירט און טראָגט וואַסער, קוים־קוים דאָס שטיקל ברויט אין שטוב; איך זאָל איר ניט ברענגען אַמאָל אַביסל מילכיקס, אַמאָל עטלעכע גראָשנס, וואָלט געווען גאָר נישט גוט — און רייד מיט איר, זאָגט זי, אַז ס׳איז איר, קיין עין־הרע, גוט ווי די וועלט, אַבי, זאָגט זי, איר מאָטל זאָל איר זיין געזונט. — נו, גייט טענהט מיט היינטיקע קינדער! עס קומט אויס, ווי איך האָב אייך געזאָגט פונעם אָנהייב: בנים גדלתי ורוממתי — האָרעווע פון קינדערס וועגן, שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט, והם פשעו בי — זאָגן זיי, אַז זיי פאַרשטייען בעסער. ניין, זאָגט אייך וואָס איר ווילט, היינטיקע קינדער זיינען צו קלוג! נאָר מיר דאַכט, אַז איך האָב אייך היינט אָנגעדולט אַ קאָפּ מער ווי אַלע מאָל. האָט מיר קיין פאַריבל ניט, זייט מיר געזונט און האָט אייך אַ גוטן תמיד!

# האָדל

— איר חידושט זיך, פּאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, אַף טֵביֶהן, וואָס מע זעט אים נישט? ער האָט זיך, זאָגט איר, שטאַרק א רוק געטאָן, מיטאַמאָל. זאָגט איר, גרוי געוואָרן? עך־עך־עך! ווען איר זאָלט וויסן מיט וואָס פאַר צָרוֹת, מיט וואָס פאַר ווייטיקן אָט דער טֵביֶה טראָגט זיך אַרום! ווי־אַזוי שטייט דאָרט בא אונדז געשריבן: אָ דָ ם יְ ס וֹ ד וֹ מֵ עָ פָ ר וְ ס וֹ פ וֹ לְ עָ פָ ר — א מענטש איז שוואַכער פון א פליג און שטאַר־קער פון אײַזן... טאַקע נאָר א באַשרײַבונג מיט מיר! ווו ערגעץ א שלאַק, א צָרָה, אַן אָנשיקעניש — מיך אויסמײַדן טאָר עס נישט. פון וואַנען נעמט זיך עס, ווייסט איר ניט? אֶפשר דערפון, וואָס בְּטֵבֵע בין איך א פֶּתִי יַאֲמִין, וואָס גלייבט איטלעכן אַף נֶאֱמָנוּת? טֵביֶה פאַרגעסט, וואָס אונדזערע חֲכָמים האָבן אונדז אָנגעזאָגט טויזנט מאָל: כַּ בְּ דֵ ה וּ וְ חַ שְׁ דֵ ה וּ; בְּלָשוֹן אַשכְּנַז הייסט עס: „נע וויר סאָבאַקי״... נאָר וואָס זאָל איך טאָן, פרעג איך אײַך, אַז ס׳איז בא מיר פאַרט אַזאַ טֶבַע? איך בין, ווי איר ווייסט, א גרויסער בַעַל־בִּטָחון און האָב צו דעם וואָס לעבט אייביק קיינמאָל קיין טַעֲנוֹת נישט. ווי־אַזוי ער פירט, אַזוי איז גוט. וואָרעם פּרוּווט זיך, אַדְרַבָּה, פאַרקערט, האָט יאָ טַעֲנוֹת, וועט זיך אײַך עפּעס העלפן? אַז ווי באַלד מיר זאָגן אין די סְלִיחוֹת: הַ נְּ שָׁ מָ ה לָ ךְ וְ הַ גּ וּ ף שֶׁ לָּ ךְ, הייַנט וואָס ווייס א מענטש און וואָס האָט ער פאַר א ווערדע? שטענדיק טַעֲנָה איך אָבער מיט איר, מיט מײַנער הייסט דאָס: „גאָלדע, זאָג איך, דו זינדיקסט! פאַראַן, זאָג איך, בא אונדז א מִדְרָש...״ „וואָס מיר מִדְרָש, זאָגט זי, מיר האָבן, זאָגט זי, א טאָכ־טער אַף חַתוּנָה צו מאַכן; און נאָך דער טאָכטער, קיין עַיִן־הָרָע, גייען נאָך צוויי טעכטער; און נאָך די צוויי — נאָך דרײַ, קיין בייז אויג זאָל ניט שאַטן!״... — „עט, זאָג איך, ס׳איז בלאָטע, גאָלדע! אונדזערע חֲכָמִים, זאָג איך, האָבן דאָס אויך באַוואָרנט; ס׳איז פאַראַן, זאָג איך, דערויף אויך א מִדְרָש...״ לאָזט זי זיך ניט ריידן: „טעכטער, זאָגט

זי, דערוואַקסענע, זײַנען אַליין אַ גוטער מְדרש"... און גייט טַענֶהט מיט אַ ייִדענע!

הַקיצוּר, פון דעם זעט איר אַרויס, אַז ס'איז פאַראַן, ס'איז דאָ, קיין עַיִן־הָרֶע, בײַ מיר סְחוֹרֶה אויף אויסצוקלײַבן, און דַווקא פײַנע סחוֹרֶה, ניט צו פאַרזינדיקן, איינע שענער פון דער אַנדערער. ס'איז ניט שײַך, אַז איך אַליין זאָל לויבן מײַנע קינדער, נאָר איך הער וואָס די וועלט זאָגט: „קראַסאַוויצעס!" און וְעַל־כּוּלָם די עלטערע, האָדל רופט מען זי, די אַנדערע פון צייטלען, די וואָס האָט זיך פאַרקאָכט, אויב איר געדענקט, אינעם חַיֶּיט; איז זי שיין, זאָג איך אײַך, די אַנדערע טאָכ־טער מײַנע, האָדל מיין איך, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? טאַקע ווי אין דער הייליקער מְגִילָה שטייט געשריבן: כִּ י ט וֹ בַ ת מַ רְ אֶ ה הִ י א — שײַנט ווי אַ שטיק גאָלד! און צו די צָרוֹת באַדאַרף זי נאָך האָבן אַ קאָפּ אויך, שרײַבט און לייענט ייִדיש און רוסיש, און ביכלעך — ביכלעך שלינגט זי, ווי האַלעשקעס. וועט איר דאָך פרעגן אַ קַשְיָא: וואָס פאַר אַ מְחוּתָן איז טֶבְיֶהס טאָכטער מיט ביכלעך, אַז דער טאַטע אירער האַנדלט גאָר מיט קעז און מיט פוטער? הערסטו, אָט דאָס פרעג איך דאָך בײַ זיי, בײַ די פײַנע בָחוּרִים הייסט עס, וואָס קיין הויזן, איך בעט איבער אײַער כָּבוֹד, איז נישטאָ, און שטודירן גלוסט זיך זיי, ווי מיר זאָגן אין דער הַגָּדָה: כּ וּ לָּ נ וּ חֲ כָ מִ י ם — אַלע ווילן לערנען, כ וּ לָ נ וּ נְ בוֹ נִ י ם — אַלע ווילן שטודירן. פרעגט זיי: וואָס שטו־דירן? ווער שטודירן? זאָלן אַזוי ציגן וויסן אין פרעמדע גערטנער שפּרינגען! אַז בְּסַך־הַכֹּל לאָזט מען זיי דאָך גאָר ניט צו, ווי זאָגט ער: א ל תִּ ש לַ ח יָ דְ הּ — אַ קאַטע פון דער פוטער!... זאָלט איר זען פונדעסטוועגן, ווי מע לערנט! און ווער? בַּעַל־מלָאכֶהשע קינדער. פון שנײַדערס, פון שוסטערס, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן בְּכָל אֲשֶׁר אֶפְנֶה! מע לאָזט זיך אַוועק קיין יעהופּעץ, אָדער קיין אַדעס, מע וואַלגערט זיך אויס אויף אַלע בוידעמס, עסן עסט מען מַכּוֹת מיט בְּכוֹרוֹת, און פאַר־בײַסן פאַרבײַסט מען מיט קַדַחַת, גאַנצע חֳדָשִים דורכאַנאַנד קוקט מען נישט אָן קיין שטיקל פלייש אין די אויגן, מע לייגט זיך צונויף זעקס פאַרשווינדלעך אויף איין בולקע מיט אַ הערינג און וְשָׂמַחְתָּ בְּחַגֶּךָ — הוליע קַבצן!...

בִּקיצוּר, האָט זיך איינער פון דער „חֶבְרֶה" פאַרהאַקט אין אונדזער ווינקל, עפּעס אַ שלים־מַזל, נישט ווײַט פון דאַנען, איך האָב געקענט

דעם טאטן זיינעם, ער איז געווען אַ פּאַפּיראָסניק און אַ קַבצן, לאָז ער מיר מוחל זיין, אין זיבן פּאָלעס. מִילָא, בין איך איך דערויף נישט אויסן, וואָרעם אַז דעם תַּנָא רֶב יוֹחָנָן הַסַנדְלָר איז אָנגעשטאַנען צו נייען שטיוול, מעג אים שוין, דאַכט זיך, אָנשטיין צו האָבן אַ טאַטן, וואָס דרייט פּאַפּיראָסן. פאַרדריסן פאַרדריסט מיך נאָר איין זאַך: לָמַאי זאָל זיך אַ קבצן לוסטן לערנען, שטודירן? פּראַוודאַ, דער גוטער יאָר האָט אים נישט גענומען, ער האָט אַ גוט קעפּל, גאָר אַ גוט קעפּל. פערטשיק הייסט ער, דער שלים-מַזל, האָבן מיר איבערגעלייגט אויף יידיש: פּעפּערל. ער זעט טאַקע אויס ווי אַ פּעפּערל. איר זאָלט אָנקוקן — אַ ווערוריקל, אַ קליינס, אַ שוואַרץ, אַ פּאַרזשעניש, נאָר ס'איז פול, מָלֵא וָגָדוּש, און אַ מויל — אֵש לֶהָבָה, שוועבל און פּעך.

וַיְהִי הַיוֹם, טרעפט זיך אַ מַעֲשֶׂה, איך פאָר איינמאָל אַהיים פון בויבעריק, אָפּגעזעצט דאָס ביסל סְחוֹרָה, אַ גאַנצן טראַנספּאָרט, קעז און פּוטער און סמעטענע און שְאָר יְרָקוֹת. זיץ איך פאַרטראַכט, ווי דער שטייגער איז, אין הימל-זאַכן, פון דעם, פון יענעם, און פון די יעהופּעצער נְגִידִים, וואָס עס גייט זיי, קיין עַיִן-הָרָע, אַזוי גוט, אַזוי גוט, און פון טֶבְיָהן דעם שלים-מַזל מיט זיין פערדל, וואָס ווערן כָּל יָמָיו פאַרשוואַרצט, וכדוֹמֶה נאָך אַזעלכע עִנְיָנִים. זומער, די זון באַקט, די פליגן בייסן, און די וועלט אַרום און אַרום איז מְחַיֶה, גרויס, אָפן, כאָטש הייב זיך אויף און פלי, כאָטש ציִ זיך אויס און שווים!...

דערוויַל, איך טו אַ קוק — אַ בָּחוּרל שפּאַנט זיך מיט די רַגְלַיִם איבערן זאַמד, האַלט אַ פּעקל אונטערן אָרעם און שוויצט, פּאַכט מיט דער נְשָמָה. „יַעֲמוֹד הֶחָתָן רֶב יאָקל בֶּן פלעקל! — זאָג איך צו אים. — זעץ דיך אויף, הער נאָר, וועל איך דיך אַביסל אונטערפירן, איך פאָר בְּמֵילָא ליידיק. ווי שטייט דאָרטן, זאָג איך, באַ אונדז געשריבן: „דיַין חברס אייזל אַז דו באַגעגנסט, איז עָ ז וֹ ב תַּ עֲ ז וֹ ב — דאַרפסט אים נישט פאַרלאָזן, הייַנט לאָ כָּל-שֶׁכֵּן אַ מענטש“... לאַכט ער, דער שלים-מַזל, און לאָזט זיך דַווקא לאַנג נישט בעטן און קריכט אין וועגעלע אַריַין. „פון וואַנען, זאָג איך, שפּאַנט דאָס, לְמָשָל, אַ בָּחוּרל?“ „פון יעהופּעץ“. „וואָס האָט, זאָג איך, אַזאַ בָּחוּרל, ווי דו, צו טאָן אין יעהופּעץ?“ „אַזאַ בָּחוּרל, ווי איך, זאָגט ער, גיט אָפּ אַקזאַמענט“. „אויף וואָס, זאָג איך, שטודירט אַזאַ בָּחוּרל, ווי דו?“ „אַזאַ בָּחוּרל, ווי איך, זאָגט ער, ווייס נאָך אַליין ניט אויף וואָס ער שטודירט“. „אִם כֵּן, זאָג

איך, וואָס־זשע דולט זיך אזא בָּחוּרל, ווי דו, אומזיסט דעם קאָפּ?" „זאָרגט זיך ניט, רֶבּ טֶביָה, אזא בָּחוּרל, ווי איך, זאָגט ער, ווייס שוין, וואָס ער האָט צו טאָן". „זאָג מיר נאָר, זאָג איך, ווי באַלד, אז איך בין דיר שוין יאָ באַקאַנט, טאָ ווער ביסטו, לְמָשָׁל?" „ווער איך בין? איך בין, זאָגט ער, אַ מענטש". „איך זע, זאָג איך, אז נישט קיין פערד; איך מיין ווּ עֶ מ עֶ נ ס ביסטו?" „וועמענס, זאָגט ער, זאָל איך זײַן? איך בין גאָטס". „איך ווייס, זאָג איך, אז גאָטס; עס שטייט, זאָג איך, בײַ אונדז געשריבן: כָּ ל הַ חַ יָּ ה וְ כָ ל הַ בְּ הֵ מָ ה. איך מיין, זאָג איך, פון וואַנען שטאַמסטו, צי ביסטו אַן אונדזעריקער, צי אֶפְשָׁר פון דער ליטע?" „שטאַמען, זאָגט ער, שטאַם איך פון אָדָם הָרִאשׁוֹנען און אַליין בין איך, זאָגט ער, אַ היגער, איר קענט מיך". „ווער־זשע, זאָג איך, איז דער טאַטע דײַנער? לאָמיר שוין הערן!" „מײַן טאַטע, זאָגט ער, האָט געהייסן פּערטשיק". „טפו זאָלסטו ווערן! האָסטו, זאָג איך, באַדאַרפט אַזוי לאַנג מוטשען? ביסט, הייסט דאָס, פּערטשיק דעם פּאַפּיראָסניקס אַ זונדל". „בין איך, זאָגט ער, פּערטשיק דעם פּאַפּיראָסניקס אַ זונדל". „און שטודירסט, זאָג איך, אין די קלאַסן?" „און שטודירט, זאָגט ער, אין די קלאַסן". „נו־נו, מֵהַכְּתִיתִי, זאָג איך, אָדָם אַ מענטש, צִפּוֹר אַ פֿויגל, קאַטשקע רוק זיך. זאָג־זשע מיר, זאָג איך, תַּכְשִׁיט מײַנער, פון וואָס, לְמָשָׁל, לעבסטו, אַ שטייגער?" „פון דעם, זאָגט ער, וואָס איך עס". „אַהאַ, זאָג איך, גאַנץ גוט; וואָס־זשע, זאָג איך, עסטו?" „אַלצדינג, זאָגט ער, וואָס מע גיט מיר". „איך פאַרשטיי, זאָג איך, ביסט נישט קיין איבערקלײַבער: אַז ס'איז דאָ וואָס צו עסן, עסטו, און אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו עסן, פאַרבײַסטו מיט אַ ליפּ און לייגסט זיך שלאָפֿן אַ ניכטערער. נאָר וואָס דען, זאָג איך, ס'איז אַלצדינג כְּדַאי, אַבי שטודירן אין די קלאַסן, זאָג איך; גלײַכסט זיך, זאָג איך, צו די יעהופעצער נְגִידִים, ווי אין פָּסוּק שטייט: כּ וּ לָּ ם אֲ ה וּ בִ י ם, כּ וּ לָּ ם בְּ ר וּ רִ י ם"... אַזוי זאָג איך צו אים מיט אַ פָּסוּק און מיט אַ מִדְרָשׁ, ווי טֶביָה קאָן. מיינט איר דאָך, אַז ער שווײַגט מיר אָפּ, פּערטשיק הייסט עס? „ניט דערלעבן, זאָגט ער, וועלן די נְגִידִים, אַז איך זאָל זיך צו זיי גלײַכן! איך האָב זיי, זאָגט ער, אין דער ערד!" „ביסט מיר עפּעס שטאַרק, זאָג איך, אויפגעטראָגן, זאָג איך, אויף די נְגִידִים? איך האָב מוֹרָא, זאָג איך, אויב זיי האָבן זיך ניט צעטיילט, זאָג איך, מיט דײַן טאַטנס יְרוּשָׁה". „זאָלט איר טאַקע ווּיסן, זאָגט ער, אַז איך

און איר און מיר אַלע, קאָן זײַן, האָבן אַ גרויסן חֵלֶק באַ זיי אין דער יְרוּשָׁה"... „ווייסטו וואָס, זאָג איך, לאָזן שוין דײַנע שׂוֹנאִים ריידן פֿאַר דיר. איך זע אַרויס, זאָג איך, נאָר איין זאַך, אַז דו ביסט אַ יונגל נישט קיין פֿאַרפֿאַלענער און די צונג באַדאַרף מען דיר נישט פּיקן; אויב דו וועסט, זאָג איך, האָבן צײַט, קאָנסטו זיך אַרײַנכאַפּן צו מיר הײַנט אַף דער נאַכט, וועלן מיר אַביסל שמועסן, און טאַקע, בְּדֶרֶךְ הֲלִיכָה, כאַפּן מיט אונדז אַ וועטשערע"...

אַוודאי האָט זיך מײַנער נישט געלאָזט איבערחַזרן די ווערטער און איז געקומען צו גאַסט, געטראָפֿן אַקוראַט צום סמיטשיק, בִּשְׁעַת דער באָרשט איז געשטאַנען אַפֿן טיש און די מילכיקע קנישעס אין אויוון האָבן זיך נאָך געפּרעגלט. „דו האָסט, זאָג איך צו אים, אַ לעבעדיקע שוויגער; קאָנסט זיך, זאָג איך, גיין וואַשן, און אַז ניט, קאָנסטו, זאָג איך, עסן אומגעוואַשן, איך בין ניט גאָטס סטראַפּטשע, זאָג איך; מיך וועט מען אַף יענער וועלט פֿאַר דיר ניט שמײַסן". אַזוי שמועס איך מיך אויס מיט אים, און פֿיל, אַז עס ציט מיך עפּעס צו דעם דאָזיקן מענטשל. וואָס — ווייס איך אַליין ניט, נאָר עס ציט; איך האָב ליב, פֿאַרשטייט איר, אַ מענטשן, וואָס מע קאָן מיט אים ריידן אַ וואָרט; אַמאָל אַ פָּסוּק, אַמאָל אַ מִדְרָש, אַמאָל אַ שטיקל חקירָה אין הימל־זאַכן, דאָס, יענץ, לאָקשן, בוידעם, ציבעלע. אָט אַזאַ מענטש איז טֶבְיֶה. פֿון יענער צײַט אָן האָט מײַן בָּחוּר אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו מיר כִּמְעַט אַלע טאָג. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די „שטונדן", פֿלעגט ער קומען צו מיר זיך אָפּ־רוען און אַביסל פֿאַרברענגען. מאָלט אײַך, אַז אָך און וויי איז געווען צו אים מיט זײַנע שטונדן איניינעם, אַז בִּכְלַל־הַכָּל, דאַרפֿט איר וויסן, באַ אונדז דער גרעסטער נָגִיד איז געוווינט צו צאָלן גאַנצע ח"י גילדוינים, אַי דאָס, זאָל דער לערער אים העלפֿן לייענען דעפּעשן, שרײַבן אַדרייסים און טאַקע פֿאָלגן אַ גאַנג אויך, פֿאַרוואָס נישט? אַ בפירושער פָּסוּק: בְּכָל לְבָבְךָ וּבְכָל נַפְשְׁךָ — עסטו ברויט, דאַרפֿסטו וויסן פֿאַרוואָס. אַ שטיקל גליק כאָטש, וואָס געגעסן האָט ער, אייגנטלעך, באַ מיר, און דערפֿאַר האָט ער אונטערגעקנעלט מיט מײַנע טעכטער, ווי זאָגט ער: עַיִן תַּחַת עַיִן — אַ פּאַטש פֿאַר אַ פּאַטש; און אָט אַזוי איז ער געוואָרן באַ אונדז אין שטוב אַ גאַנצער בֶּן־בַּיִת, די קינדער האָבן אים אונטערגעטראָגן אַ גלעזל מילך, און מײַן אַלטע האָט אַכטונג געגעבן, ער זאָל האָבן אַ העמד אַפֿן לײַב מיט אַ פּאָר זאָקן גאַנצע — און

טאקע דעמאָלט האָבן מיר דאָס אים געקרויינט מיטן נאָמען „פּעפּערל", איבערגעמאַכט, הייסט דאָס, אויף ייִדיש פון פּערטשיק, און מע קאָן זאָגן, אַז מיר האָבן אים אַלע ליב געקריגן עפּעס גאָר ווי אַן אייגענעם, מחמת בטבע איז ער, דאַרפט איר וויסן, דווקא נישקשה פון אַ מענטשל, אַ פּשוט־טער, אַ פּראָסטער חי־וקיים הייסט דאָס, שלי שלך, שלך שלי, מײַנס דײַנס — הפקר ציבעלעס...

פאַר איין זאַך נאָר האָב איך אים פײַנט געהאַט: פאַר זײַן פאַר־פאַלן ווערן. פּלוציים פּלעגט ער זיך אויפהייבן, אַוועקגיין, און וַיְהִי לֵדְ אֵינֶנּוּ — נישטאָ פּעפּערל! „ווּ ביסטו געוועזן, מײַן טײַערער שפּיל־פויגל?" שווײַגט ווי אַ פיש... איך ווייס נישט, ווי אַזוי איר — איך האָב פײַנט אַ מענטשן מיט סודות; איך האָב ליב, ווי זאָגט ער: וַיְדַבֵּר — גערעדט און וַיֹּאמֶר — געזאָגט. דערפאַר האָט ער אָבער אַ מעלה: צערעדט ער זיך שוין, איז מִי בָאֵשׁ וּמִי בַמַּיִם — פאַר פײַער און פאַר וואַסער. אַ פּיסק — ניט געדאַכט זאָל ער ווערן! רעדט על ה' ועל משיחו, און אויף „נִתְקָה"... און דער עיקר טאַקע — אויף „נִתְקָה"... מיט פּלאַנען אַלץ אַזעלכע ווילדע, קרומע, משוגענע געננג, עפּעס אַלצדינג לאַקירדע, פּאַפּעריק, מיט די פּיס אַרויף. למשל, אַ נגיד, קומט אויס, נאָך זײַן משוגענעם, פאַרקערטן שׂכל, איז אָפּגעפּרעגט, און אַ קבצן איז, פאַרקערט, אַ גאַנצער צימעס, און ווער שמועסט אַ בעל־מלאָכה — דער איז גאָר דאָס אייבערשטע פונעם שטויסל, טײַערער פון חרוסת, מחמת יְגִיעַ כַּפֶּיךָ, זאָגט ער, דאָס איז דער עיקר. „פונדעסטוועגן, זאָג איך, צו געלט, זאָג איך, קומט דאָס נישט?" ווערט ער מָלֵא כַּעַס און וויל מיר אײַנדרינגען, אַז געלט איז אַ שחיטה פאַר דער וועלט; פון געלט, זאָגט ער, נעמען זיך אַלע פאַלשקייטן אויף דער וועלט, און אַלצדינג, זאָגט ער, וואָס סע טוט זיך אויף דער וועלט, טוט זיך עס נישט על־פּי יושר. און ער ברענגט מיר צענטויזנט ראיות און משלים, וואָס קלעפּן זיך באַ מיר, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט... „קומט אויס, נאָך דײַן משוגענעם שׂכל, זאָג איך, אַז דאָס, וואָס מײַן בהמה מעלקט זיך, און דאָס, וואָס מײַן פערדל פאַרט, איז אויך נישט על־פּי יושר?"... וכדומה נאָך אַזעל־כע קלאָץ־קשיות פרעג איך אים און שטעל אים אָפּ, ווי זאָגט ער, עַל כָּל דִּבְרֵי שִׁירוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת — אויף יעדן טריט, ווי טביה קאָן! מײַן פּעפּערל אָבער קאָן אויך, נאָך אַ מין קאָנען! הלוואַי וואָלט ער אַזוי נישט קאָנען ווי ער קאָן! און האָט ער עפּעס אויפן האַרצן, אַזוי זאָגט ער

דאָס אַרויס! איינמאָל זיצן מיר אַזוי פֿאַרנאַכט באַ מיר אַף דער פּריזבע און חקירהן אַלץ מכּוח די דאָזיקע ענינים, פֿילאָזאָפֿיע הייסט עס. רופֿט ער זיך אָן צו מיר, פּעפּערל הייסט עס: „איר ווייסט, רב טביה? איר האָט טעכטער, רב טביה, זייער געראָטענע". „טאַקע באמת? — זאָג איך. — אַ דאַנק דיר פֿאַר דער בשׂורה; זיי האָבן, זאָג איך, אין וועמען געראָטן צו זײַן". „איינע, זאָגט ער צו מיר ווײַטער, די עלטערע, די איז גאָר, זאָגט ער, אַ בר־דעת, אַ פֿאָלגע מענטש". „איך ווייס עס אָן דיר, זאָג איך, דאָס עפּעלע, זאָג איך, פֿאַלט נישט ווײַט פֿונעם ביימעלע". אַזוי זאָג איך צו אים, און דאָך האַרץ, געוויינלעך, וואַקסט פֿאַר תענוג, וואָרעם וואָסער פֿאָטער, איך בעט אײַך, האָט נישט ליב, אַז מע לויבט אים זײַנע קינדער? גיי זײַ אַ נביא, אַז פֿון אַזאַ מין לויזעניש וועט גאָר אַרויסשפּרינגען אַ פֿאַרקאָכעניש, זאָל גאָט שומר ומציל זײַן! איר מעגט דאָס האָרכן.

בקיצור, ויהי ערב ויהי בוקר — געווען איז דאָס צווישן טאָג און נאַכט, אין בויבעריק טאַקע, פֿאָר איך מיר אַזוי מיט מײַן וועגעלע אײַ־בער די דאַטשעס, שטעלט מיך עמעצער אָפּ. איך טו אַ קוק — ס'איז אפֿרים דער שדכן. אפֿרים דער שדכן, דאַרפֿט איר וויסן, איז זיך אַ ייִד אַ שדכן, ווי אַלע שדכנים, פֿאַרנעמט זיך, הייסט דאָס, מיט שידוכים. דערזעט ער מיך, אפֿרים הייסט עס, אין בויבעריק און שטעלט מיך אָפּ: „זײַט־זשע מוחל, רב טביה, איך דאַרף אײַך עפּעס, זאָגט ער, זאָגן". „מהכּתיתי, אַבי אַ גוטס", זאָג איך און שטעל אָפּ דאָס פֿערדל. „איר האָט, זאָגט ער, רב טביה, אַ טאָכטער!" „איך האָב, זאָג איך, זיבן, זאָלן געזונט זײַן". „איך ווייס, זאָגט ער, אַז איר האָט זיבן, איך האָב אויך זיבן". „האָבן מיר, זאָג איך, איינייִנעם אַזוי גרויס ווי פֿערצן". „בקיצור, ווערטלעך אַף אַ זײַט, זאָגט ער; די מעשׂה, רב טביה, דערפֿון, זאָגט ער, איז אַזוי: איך בין דאָך, ווי אײַך איז ידוע, אַ ייִד אַ שדכן, האָב איך, זאָגט ער, פֿאַר אײַך אַ חתן. נאָר אַ חתן — פֿון חתנלאַנד אַ חתן, טאַקע פּערווע שבפּערווע!" „דהײַנו, זאָג איך, וואָס ווערט אָנגערופֿן באַ אײַך אַ חתן פֿון חתנלאַנד, פּערווע שבפּערווע? אויב, זאָג איך, אַ חײַט, אָדער אַ סנדלר, אָדער אַ מלמד, מעג ער, זאָג איך, זיצן דאָרט, און איך, זאָג איך, ר י ו ח ו ה צ ל ה י ע מ ו ד — מײַן גליקן וועל איך מיר געפֿינען, מ מ ק ו ם א ח ר, ווי דער מדרש, זאָג איך, זאָגט"... „ע, זאָגט ער, רב טביה, איר הייבט שוין אָן מיט

אײַערע מְדרָשִׁים? מיט אײַך, זאָגט ער, ריידן, באַדאַרף מען זיך גוט אונטערגאַרטלען! איר פאַרשיט, זאָגט ער די וועלט מיט מְדרָשִׁים. איר הערט בעסער אויס, זאָגט ער, וואָס פאַר אַ מין שידוך אֶפְרַיִם דער שַׁדכן איז אַ בַּעלן אײַך פאַרצוליייגן; איר זאָלט, זאָגט ער, נאָר האָרכן און שווײַגן". אַזוי מאַכט ער צו מיר, אֶפְרַיִם הייסט דאָס, און נעמט און לייענט מיר אויס אַ צעטל — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? טאַקע עפּעס קַפּרִיסִין. רֵאשִׁית, איז דאָס אָרט זייער אַ שיין אָרט, אַ טאַטנס אַ קינד, ניט קיין „האָץ־דַרגָא". און דאָס, דאַרפט איר וויסן, איז בײַ מיר דער עִיקָר. וואָרעם איך בין אַליין אויך ניט אַבי ווער; בײַ מיר אין דער משפחה זײַנען פאַראַן אַלערליי, ווי זאָגט ער: עֲקוּדִים, נְקוּדִים גְבְרוּדִים — פאַראַן פּראָסטע מענטשן, פאַראַן בַּעֲל־מְלָאכוֹת און פאַראַן בַּעֲלֵי־בַּתִּים. הײַנט איז ער אַ יוֹדֵעַ־נַגֵן, וואָס פאַרשטייט אין די קליינע אוֹתִיוֹת. און דאָס איז בײַ מיר אַוודאי נישט פון די קליינע זאַכן, וואָרעם אַ גראָבן יונג האָב איך דאָך פײַנט, ווי חַזיר! בײַ מיר אַן עַם־הָאָרֶץ איז ערגער טויזנט מאָל פון אַ הולטײַ; איר מעגט אײַך גיין אַן אַ היטל, און אַפילו מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, אַבי איר ווייסט וואָס רַשִׁ"י מאַכט, זײַט איר שוין פון מײַנע לײַט. אַט אַזאַ ייִד איז טֶבִיֶה... הײַנט איז ער, זאָגט ער, רײַך, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, פאָרט אַרויס, זאָגט ער, מיט אַ קאַרעטע, מיט אַ פּאָר ברענענדיקע סוסים, עס גייט אַזש אַ רויך!... נו, מַהֲכָּתֵיתִי, טראַכט איך מיר, דאָס איז אויך נישט פון די גרויסע חֶסרוֹנוֹת. איידער אַ קַבצן, איז שוין גלײַכער אַ נָגיד, ווי זאָגט ער: יָאֶה עֲנִיוּתָא לְיִשְׂרָאֵל — גאָט אַליין האָט אויך פײַנט אַ קַבצן. אַ סִימָן האָט איר, אַז גאָט זאָל ליב האָבן אַ קַבצן, וואָלט אַ קַבְּצָן קיין קַבצן נישט געווען. „נו, לאָמיר הערן ווײַטער", זאָג איך. „ווײַטער, זאָגט ער, וויל ער מיט אײַך אַ שִׁידוּך טאָן, ער גייט אויס, ער חַלֶשְׁט, זאָגט ער, דאָס הייסט נישט נאָך אײַך — נאָך אײַער טאָכטער חַלֶשְׁט ער, ער וויל אַ שיינע וויל ער"... „אַזוי? — זאָג איך. — לאָז ער זײַן פאַר איר די כַּפָּרָה. ווער, זאָג איך, איז ער, דער אַנטיק אײַערער: אַ בָּחוּר? אַן אַלְמָן? אַ גָרוּש? אַ שוואַרץ־יאָר?" „ער איז אַ בָּחוּר, זאָגט ער, אַ בָּחוּר, אַפילו אין די יאָרן שוין, נאָר אַ בָּחוּר". „וואַזוי־זשע, זאָג איך, איז דער הייליקער נאָמען זײַנער?" וויל ער מיר נישט זאָגן, כאָטש בראָט אים. „ברענגט זי, זאָגט ער, צו פירן קיין בויבעריק, וועל איך אײַך נאָכדעם, זאָגט ער, זאָגן". „וואָס הייסט, זאָג

איך, איך זאָל זי ברענגען צו פירן? ברענגען, זאָג איך, ברענגט מען צו פירן אַ פערד, זאָג איך, אַפן יריד, אָדער אַ בהמה צו פאַרקויפן"...

בקיצור, די שדכנים, ווייסט איר דאָך, קאָנען איבעררײדן אַ וואַנט. ס'איז געבליבן, אַז אם־ירצה־השם נאָך שבת ברענג איך זי צו פירן קיין בויבעריק. און אַלערליי גוטע, זיסע מחשבות קומען מיר אויף די געדאַנקען, און איך שטעל מיר שוין פאָר מײַן האָדלען, ווי זי פאָרט אין אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר ברענענדיקע סוסים, און די וועלט איז מיר מקנא, ניט אַזוי אויף דער קאַרעטע מיט די סוסים, ווי אויף די טובות, וואָס איך טו דער וועלט דורך מײַן טאָכטער דער נגידית, העלף־אויס די געפאַלענע מיט אַ גמילות־חסד, וועמען אַ פּיא־האַ'ער, וועמען אַ פופציקער און וועמען אַ הונדערטער, ווי זאָגט איר, יענער האָט אויך אַ נשמה... אַזוי טראַכט איך מיר, פאָרנדיק פאַרנאַכטלעך, צוריקוועגס אַהיים, און שמײַס דאָס פערדל און שמועס מיך דורך מיט דעם אויף פערדיש לשון: „לסוסתי, זאָג איך צו דעם, וויאָ! אַנו, מאַך נאָר, זאָג איך, מיט די רגלים אַביסעלע גיכער, באַקומסטו דײַן פּאָרציע האָבער, וואָרעם אין קמח אין תורה — שטייט בא אונדז געשריבן — אַז מע שמירט ניט, פאָרט מען ניט"...

און ווי איך רייד מיר דאָ אַזוי מיט מײַן פערדל, זע איך, פון וואַלד אַרויס שנײַדט זיך אַ פּאָרל, צוויי מענטשן, ניכּר, אַ זכר מיט אַ נקבה. גיין גייען זיי נאָענט, האַרט איינער צום אַנדערן, און מע רעדט עפּעס זייער געשמאַק. ווער קאָן דאָס זײַן פלוצים אין מיטן דרינען? — קלער איך מיר און קוק מיך אײַן דורך די פײַעריקע ריטער פון דער זון. — איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז ס'איז פעפערל! מיט וועמען־זשע גייט ער דאָס, דער שלים־מזל, אַזוי שפּעט? איך פאַרשטעל מיך מיט דער האַנט פון דער זון און קוק מיך אײַן נאָך שטאַרקער: ווער איז די נקבהקע? אוי! דאַכט זיך, האָדל? יאָ, ס'איז זי, ווי איך בין אַ ייִד, ס'איז זי!... אַזוי? אָט דאָס האָט מען אַזוי געשמאַק געלערנט גראַמאַטיקעס, געלייענט ביכלעך?! אוי, טביה, ביסטו אַ בהמה! — אַזוי טראַכט איך מיר, און שטעל אָפּ דאָס פערדל און רוף זיך אָן צו מײַנע לײַט: „אַ גוטן אָוונט אײַך, זאָג איך, וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח מלחמה? ווי קומט איר, זאָג איך, פלוצים גאָר אַהער? אויף וועמען קוקט איר דאָ אַרויס? אַפן נעכטיקן טאָג?"... דערהערט אַזאַ מין ברוך־הבא, איז מײַן פּאָרל געבליבן שטיין, ווי זאָגט ער, לא בשמים ולא בארץ, דאָס

הייסט: ניט אהין, ניט אהער, מְחִילָה צעדרייט און רויטלעך אפן פָּנִים... געשטאנען אזוי א פּאָר מינוט אָן ווערטער, לאָזט מען אראָפּ די אויגן נאָכדעם הייבט מען אָן קוקן אַף מיר, איך אַף זיי, זיי ביידע אַף דאָס אנדערע.

„נו? — זאָג איך. — עפּעס באטראכט איר מיך, זאָג איך, גלייך אזוי ווי איר האָט מיך שוין לאנג נישט געזען. איך בין, דאַכט מיר, דער אייגענער טֵבְיָה, זאָג איך, וואָס געווען, נישט געמינערט א האָר". אזוי מאַך איך צו זיי האלב פּאַרדראָסיק און האלב אַף קאַטאָוועס. רופט זיך אָן צו מיר די טאָכטער מיינע, האָדל הייסט דאָס, און ווערט נאָך רויטער ווי פריִער: „טאטע, אונדז קומט מַזָל־טוֹב"... „מַזָל טוֹב אייך, זאָג איך, מיט מַזָל זאָלט איר לעבן. וואָס איז די מַעֲשֶׂה? איר האָט געפונען, זאָג איך, אַן אוֹצָר אין וואַלד? צי איר זייט נאָר וואָס נִיצָל געוואָרן, זאָג איך, פון א גרויסער סַכָּנָה?" „אונדז קומט, זאָגט ער, מַזָל־טוֹב, מיר זיינען חָתָן־כַּלָה". „וואָס הייסט, זאָג איך, איר זייט חָתָן־כַּלָה?" „חָתָן־כַּלָה, זאָגט ער, ווייסט איר נישט וואָס הייסט? חָתָן־כַּלָה הייסט, זאָגט ער, איך בין איר חָתָן, זי איז מיין כַּלָה". אזוי מאַכט ער צו מיר, פּעפּערל הייסט דאָס, און קוקט מיר דַווקא גלייך אין די אויגן אריין. איך קוק אים אָבער אויך גלייך אין די אויגן אריין און מאַך צו אים: „ווען איז געווען בּאַ אייך, זאָג איך, דאָס קְנַס־מאָל? און פאַרוואָס האָט איר נישט גערופן מיך אויך אַף דער שִׂמְחָה? איך קער מִיך, דאַכט זיך, אָן דאָ א שטיקל מְחוּתָּן, צי ניין?"... איר פאַרשטייט, איך לאַך און ווערעם עסן מיך, טאָטשען מיין לייב. נאָר גאָרנישט, טֵבְיָה איז נישט קיין יוֹדענע, טֵביה האָט ליב אויסהאָרכן ביזן סוֹף... רוף איך מיך אָן צו זיי: „איך פאַרשטיי ניט — א שִׁידוּך אָן א שַׁדכן, אָן תְּנָאִים?" „וואָס דאַרפן מיר, מאַכט ער, פּעפּערל הייסט דאָס, שַׁדְכָנִים? מיר זיינען שוין לאנג, זאָגט ער, חָתָן־כַּלָה". „אזוי? גאָטס נִסִים! וואָס־זשע האָט איר, זאָג איך, גע־שוויגן ביז אהער?" „וואָס זאָלן מיר, זאָגט ער, שרייען? מיר וואָלטן אייך היינט אויך נישט דערציילט, נאָר אזוי ווי מיר האַלטן אין גיכן באַ צעשיידן זיך, איז באַ אונדז געבליבן, מיר זאָלן שטעלן פריִערט א חוּפָּה"... דאָס האָט מיך שוין פּאַרדראָסן, ווי זאָגט איר: בָּא אוּ מַיִם עַד נֶפֶשׁ — דערלאַנגט אין ביין אריין! מילא, וואָס ער זאָגט: חָתָן־כַּלָה — איז נאָך צו דערליידן, ווי שטייט דאָרטן געשריבן: אַהֲבְתִּי — ער וויל זי, זי וויל אים. אָבער חוּפָּה? וואָס איז דאָס

פאַר ווערטער: שטעלן אַ חופּה? עפּעס תּרגום־לשון!... ווײַזן ווײַזט
אויס, אַז מײַן חתן האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין פון דער מעשׂה אַביסל
מטושטש; רופט ער זיך אָן צו מיר: „פאַרשטייט איר, רב טביה, די
מעשׂה דערפון איז אַזוי: איך האַלט באַ אָפּפאָרן פון דאַנען”. „ווען
פאָרסטו?” „אין גיכן”. „וווהין, אַ שטייגער?” „דאָס קאָן איך אײַך,
מאַכט ער, נישט זאָגן, ס׳איז, זאָגט ער, אַ סוד”... איר הערט? ס׳איז
אַ סוד! ווי געפעלט דאָס אײַך, אַ שטייגער? קומט צו גיין אַ פּעפּערל,
אַ קליינס, אַ שוואַרץ, אַ פאַרזעעניש, פאַרשטעלט זיך פאַר אַ חתן, וויל
שטעלן אַ חופּה, האַלט באַ אָוועקפאָרן און זאָגט ניט וווהין! קאָן ניט
צעזעצט ווערן די גאַל? „מילא, זאָג איך צו אים, אַ סוד איז אַ סוד;
באַ דיר איז גאָלע סודות... גיב מיר אָבער צו פאַרשטיין, ברודערל,
אָט דאָס: דו ביסט דאָך אַ מענטש, זאָג איך פון סאַמע יושר און ביסט
אײַנגעטונקען אין מענטשלעכקייט פון אויבן ביז אַראָפּ, — ווי קומט
דאָס, זאָג איך, צו דיר, אַז דו זאָלסט פּלוצים אין מיטן דרינען צונעמען
באַ טביהן אַ טאָכטער און מאַכן זי פאַר אַן עגונה? אָט דאָס הייסט באַ
דיר יושר? מענטשלעכקייט? אַ שטיקל גליק, זאָג איך, וואָס דו האָסט
מיך נישט באַגנבֿעט, אָדער אונטערגעצונדן”... „טאַטע! — זאָגט זי
צו מיר, האָדל הייסט דאָס. — דו ווייסט גאָרניט, ווי גליקלעך מיר זײַ־
נען, איך און ער, וואָס מיר האָבן דיר אויסגעזאָגט פונעם סוד. ס׳איז
באַ אונדז, זאָגט זי, אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן. קום אַהער, לאָמיר
זיך צעקושן”. און נישט לאַנג געטראַכט, כאַפּן זיי מיך אַרום ביידע, זי
פון איין זײַט, ער פון דער אַנדערער זײַט, און מע הייבט מיך אָן קושן
און האַלדזן, זיי מיך און איך זיי, און פון גרויס אימפּעט, אַפּנים, זיי
ביידע צווישן זיך דאַוואַי קושן זיך! אַ באַשרײַבונג, זאָג איך אײַך, אַ טעַ־
יאַטער מיט זיי! „טאַמער וואָלט שוין געווען, זאָג איך, גענוג קושן זיך?
צײַט עפּעס ריידן מכּוח תּכלית”. „מכּוח וואָסער תּכלית?” זאָגן זיי.
„מכּוח נדן, זאָג איך, מלבושים, הוצאות־החתונה, דאָס, יענץ, לאָקש,
בוידעם, ציבעלע”... „מיר דאַרפן נישט, זאָגן זיי, גאָרנישט ניט, נישט
קיין לאָקשן, נישט קיין בוידעם, נישט קיין ציבעלעס”. „וואָס־זשע דען,
זאָג איך, דאַרפט איר יאָ?” „מיר דאַרפן, זאָגן זיי, נאָר חופּה וקידושין”...
איר הערט ווערטער...

בקיצור, איך וועל אײַך נישט מאַריך זײַן, עס האָט מיר געהאָלפן,
ווי דער פאַראָיאָריקער שניי — מע האָט געשטעלט אַ חופּה. אַלץ הייסט

א חופּה! אַוודאי, וואָס זאָלט איר קלערן, נישט אזא חופּה, ווי טֶביֶהן שטייט אָן. אויך מיר א חופּה!... א שטילע חֲתֻונָה... אָך און וויי!... און דערצו איז נאָך פאַראַן א ווייַב, ווי זאָגט איר: אַף א מַכָּה אַ בלאָטער. מוטשעט זי, איך זאָל איר נאָר זאָגן, וואָס איז דאָס עפּעס אזוי כאַפּ־לאַפּ, בְּהֶפְזֵונדיק? נו, גייט גיט צו פאַרשטיין א יידענע, אַז סע ברענט! וואָס טויג אייַך, איך האָב איר געמוזט אָפּטאָקן פון דֶרֶךְ־שָׁלֹום וועגן א ליגן הַגָּדול הַגִּבּור וְהַנּורָא, אַ מַעֲשֶׂה מיט א יְרושָׁה, אַ רייַכע מומע פון יעהופּעץ, נעכטיקע טעג — אבי זי זאָל מיך לאָזן צורו. און טאַקע בְּאותו הַיום, דאָס הייסט א פּאָר שָׁעָה נאָך דער שיינער חופּה, שפּאַן איך איין דאָס פערד־און־וועגעלע, און מיר זעצן זיך אויף זאַלבעדריט, דאָס הייסט: איך און זי און ער, דער געניידעם מיינער, און הָ לַ ך מ שֶׁ ה מָ רְ דְ כַ י — מאַרש צום באַן קיין בויבעריק. זיצנדיק אזוי מיט מיין פּאַרפאָלק אין וועגעלע, כאַפּ איך מיר א קוק מִן הַצַּד אַפן דאַזיקן פּאָרל און טראַכט מיר: וואָס פאַר א גרויסן גאָט מיר האָבן און ווי מאָדנע שייַן ער פירט זיַין וועלטל! און וואָס פאַר מִינֵי משונֶה נְפָשות, ווילדע ברואים, עס געפינען זיך בא אים! אָט האָט איר אייַך א פּאַרפאָלק נאַרוואָס פון דער נאָדל אַרויס: פּאַרט ער אַוועק, דער גוטער יאָר ווייס אים וווהין, און זי בלייַבט איבער דאָ — און מע זאָל דאָס לאָזן אפילו א טרער, כאָטש פון יוֹצֵא וועגן! נאָר גאָרנישט, טֶביֶה איז נישט קיין יידענע. טֶבֿיֶה האָט צייַט, קוקט און שווייַגט, וואָס וועט דאָ זיַין... זע איך עפּעס א פּאָר יונגעלייַטלעך, גוטע פַּתְרִיליקעס, מיט אויסגעטראָטענע שטיוול, זייַנען אַרויסגעקומען אַפן באַן זיך געזעגענען מיט מייַן שפּיל־פויגל. איינער פון זיי איז געגאַנגען עפּעס ווי א שייגעץ, איך בעט איבער אייַער כָּבוד, מיטן העמדל איבער די הויזן, און האָט עפּעס געשושקעט זיך מיט מייַ־נעם שטילערהייט. „זע נאָר, טֶביֶה, טראַכט איך מיר, צי האָסטו זיך ניט אַרייַנגעכאַפּט דאָ צווישן חֶבְרָה פערד־גַנָבִים, בייטל־שנייַדערס, שלע־סער־ברעכער, אָדער פאַלשע מאָנעטשיקעס?“...

פאָרנדיק צוריק מיט מייַן האָדלען פון בויבעריק אהיים, קאָן איך מיך נישט איינהאַלטן און זאָג איר אַרויס דעם דאָזיקן געדאַנק גאַנץ אָפּנטלעך. צעלאַכט זי זיך און וויל מיך אייַנריידן, אַז ס'איז לויטער פייַנע מענטשלעך, ערלעכע, לעצט־ערלעכע לייַט, וואָס זייער גאַנץ לעבן איז נאָר פון יענעמס וועגן, זיך האָבן זיי נישט אין זינען, אפילו אין דער לינקער פּיאַטע... „אָט א יענער, זאָגט זי, וואָס מיטן העמדל, דער

איז גאָר אַ מאַטנס אַ קינד; ער האָט, זאָגט זי, אָוועקגעוואָרפן רײַכע טאַטע־מאַמע אין יעהופּעץ, ווײַל נישט נעמען באַ זיי קיין צעבראָכענעם גראָשן". „אַזוי? גאָטס וווּנדער! — זאָג איך. — טאַקע זייער אַ פֿײַן בחורל, כ'לעבן! צום העמדל, וואָס ער גייט איבער די הויזן, מיט די לאַנגע האָר, ווען גאָט העלפֿט אים נאָך אַ האַרמאָניע, אָדער אַ הונט זאָל אים נאָכלויפֿן פֿון הינטן, דעמאָלט האָט דאָס שוין גאָר דעם זיבעטן חן!"... אָט אַזוי רעכן איך זיך אָפּ מיט איר שוין פֿאַר אים אויך, און לאָז אויס מײַן גאַנץ ביטער האַרץ, הייסט דאָס, צו איר נעבעך... און זי? גאָרנישט! אֵ י ן אֶ ס תֵּ ר מַ גֶ דֶ ת — מאַכט זיך תּמעוואַטע. איך איר: „פּעפּערל", און זי מיר: „טובֿת־הכּלל, אַרבעטער, נעבטיקע טעג"... „וואָס טויג מיר, זאָג איך, אײַער טובֿת־הכּלל מיט אײַער אַר־בעטן, אַז עס גייט צו באַ אײַך בסוד? פֿאַראַן, זאָג איך, אַ שפּריכוואָרט: ווו אַ סוד, דאָרט איז אַ גנבֿה... אמער זאָג מיר גלײַך, וואָס איז ער געפֿאָרן, פּעפּערל, און ווּהין?"... „אַלצדינג יאָ, זאָגט זי, נאָר דאָס נישט. פֿרעג זיך, זאָגט זי, בעסער נישט נאָך; גלייב מיר, זאָגט זי, וועסט מיט דער צײַט אַליין אַלצדינג וויסן. וועסט, אם־ירצה־השם, הערן, און אפֿשר אין גיכן, פֿיל נײַס, פֿיל גוטס!"... „אָמן, הלוואַי, זאָג איך, פֿון דײַן מויל אין גאָטס אויערן. נאָר אונדזערע שׂונאים, זאָג איך, זאָלן אַזוי וויסן פֿון זייער געזונט. ווי איך הייב אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך באַ אײַך און וואָס באַדײַט די שפּיל!"... „אָט דאָס איז טאַ־קע, זאָגט זי, דער אומגליק, וואָס דו וועסט דאָס ניט פֿאַרשטיין". „וואָס־זשע, ס'איז אַזוי טיף? מיר דאַכט, זאָג איך, אַז איך פֿאַרשטיי, מיט גאָטס הילף, גרעסערע זאַכן"... „דאָס לאָזט זיך ניט, זאָגט זי, פֿאַרשטיין מיטן שׂכל אַליין, דאָס דאַרף מען, זאָגט זי, פֿילן, פֿילן מיטן האַרצן"... אַזוי זאָגט זי צו מיר, האָדל הייסט עס, און דאָס פּנים באַ איר בשעת־מעשׂה פֿלאַמט און די אויגן ברענען. ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, די טעכטער מײַנע! פֿאַרקאָכן זיי זיך אין עפּעס, איז מיט האַרצן און מיט לײַב און לעבן און מיטן גוף און מיט דער נשמה!

בקיצור, וועל איך אײַך דערציילן, עס גייט אַוועק אַ וואָך און צוויי און דרײַ און פֿיר און פֿינף און זעקס און זיבן — אֵ י ן ק וֹ ל וְ אֵ י ן קֶ שֶ ב — נישטאָ ניט קיין בריוו, ניט קיין ידיעה. „פֿאַרפֿאַלן, זאָג איך, פּעפּערל!" — און כאַפּ אַ קוק אויף מײַן האָדלען. נעבעך קיין טראָפּן בלוט נישטאָ אין פּנים, זוכט אויף אַלע מאָל אַן אַנדער שטיקל אַרבעט אין

שטוב, וויל, ווײַזט אויס, פֿאַרגעסן דורך דעם די גרויסע צָרוֹת אירע, נאָר, איר זאָלט זאָגן, זי זאָל דאָס אים אַפֿילו דערמאָנען! שאַ, שטיל, גלײַך ווי ס׳איז גאָר קיינמאָל נישט געווען קיין פֿעפֿערל אױף דער וועלט! נאָר איינמאָל טרעפֿט זיך אַ מַעֲשֶׂה, איך קום צופֿאָרן אַהיים, איך זע — מײַן האָדל איז פֿאַרוויינט, גייט אַרום מיט אָנגעשוואָלענע אויגן. הייב איך מיך אָן צו דערפֿרעגן, וועך איך געוואָר, אַז דאָ איז נישט לאַנג געווען עפּעס איינער אַ שלים־מַזל מיט לאַנגע האָר און געסודעט זיך עפּעס מיט איר, מיט האָדלען הייסט עס. ,,אַהאַ! — טראַכט איך מיר. — דאָס איז יענער חֶבְרֶה־מאַן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפֿן רײַכע טאַטע־מאַמע און האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס העמדל איבער די הויזן״... און נישט לאַנג געטראַכט, רוף איך אַרויס מײַן האָדלען פֿון שטוב אין הויף אַרויס און טו זי אַ כאַפּ גלײַך אױף דער ווענטקע: ,,זאָג מיר נאָר, טאָכטער, האָסט שוין פֿון אים אַ גרוס?״ ,,יאָ״. ,,ווו איז ער ערגעץ, דײַן באַשער־טער?״ ,,ער איז, זאָגט זי, ווײַט״. ,,וואָס טוט ער?״ ,,ער זיצט!״ ,,ער זיצט?״ ,,ער זיצט״... ,,ווו זיצט ער? פֿאַרוואָס זיצט ער?״ — שווײַגט זי. קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן און שווײַגט. ,,זאָג מיר נאָר, זאָג איך, טאָכטער מײַנע, ווערליק איך פֿאַרשטיי, זיצט ער נישט פֿאַר קיין גנֵבָה; פֿאַרשטיי איך ניט דעם שֵׂכֶל, אַז ווי באַלד קיין גַנָּב ניט און קיין שווינדלער ניט, הײַנט פֿאַרוואָס־זשע זיצט ער, פֿאַר וואָסערע מַעֲשִׂים טוֹבִים?״... שווײַגט זי — אֵין אֶסְתֵּר מַגֶּדֶת... האָב איך מיך מְיַשֵּׁב געווען: זאָגסט ניט, דאַרף מען ניט; ער איז דאָך דײַן שלים־מַזל, ניט מײַנער. אַ שיינע ריינע כַּפָּרָה! נאָר אינעווייניק אין האַרצן טראָג איך אַ ווייטיק, איך בין פֿאָרט אַ פֿאָטער, ווי מיר זאָגן אינעם דאַווענען: כְּ רַ חֵ ם אָ ב עַ ל בָּ נִ י ם — אַ פֿאָטער בלײַבט אַ פֿאָטער.

בְּקִיצוּר, געווען איז דאָס הושַׁענָא־רַבָּה אױף דער נאַכט. יוֹם־טֹוב איז באַ מיר אַ מִנְהָג, איך רו מיך אָפּ, און אויך דאָס פֿערדל רוט זיך באַ מיר אויס, ווי אין דער תּוֹרָה שטייט געשריבן: אַ תָּ ה — דו, וְ שׁ וֹ רְ ךָ — און דײַן ווײַב, וַ חֲ מ וֹ רְ ךָ — און דײַן פֿערדל... און אַגַב איז שוין אין בויבעריק כמעט נישטאָ וואָס צו טאָן: טוט מען אַ בלאָז מיטן שׁוֹפָר, אַזוי צעלויפֿן זיך אַלע דאַטשניקעס, ווי די מײַז אין אַ הונגער, און בויבעריק ווערט אַ פּוסטקע. דעמאָלט האָב איך ליב צו זיצן אינדערהיים, באַ זיך אױף דער פּריזבע. פֿאַר מיר איז עס דאָס בעסטע שטיקל צײַט.

די טעג זײַנען געשענקטע. די זון באַקט שוין ניט, ווי אַ קאַלך־אויוון, נאָר זי גלעט מיט אַ מין ווייכקייט. מְחַיֶה נְפָשוֹת. דער וואַלד איז אַלץ נאָך גרין, די סאָסנעס הערן ניט אויף צו שמעקן מיט סמאָלע, און עס דאַכט זיך מיר, אַז דער וואַלד קוקט יָום־טָובדיק, ווי גאָטס אַ סוּכָּה, אַ סוכה פון גאָט. אָט דאָ, טראַכט איך מיר, האַלט גאָט סוּכּוֹת; דאָ, ניט אין שטאָט, ווו סע טאַרעראַמט, און מענטשן לויפן הין און הער, פינען מיט דער נְשָמָה, יאָגן זיך נאָכן שטיקל ברויט, און מע הערט נאָר געלט און געלט און געלט!... און ווער שמועסט אַף דער נאַכט, הושַענָא־רַבָּה, לְמָשָל, — איז דאָך גאָר אַ גַן־עֵדן: דעמאָלט איז דער הימל בלוי, די שטערן פינקלען, שעמערירן, בײַטן זיך, פינטלען, ווי, לְהַבדִיל, אַ מענטש מיט די אויגן; און אַמאָל, מאַכט זיך, פליט דורך אַ שטערן פײַל אויסן בויגן, לאָזט איבער נאָך זיך אַף אַ רֶגעלע אַ גרינעם פּאַס — דאָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שטערנדל, געפאַלן עמעצנס מַזל. וואָרעם וויפל שטערן, אַזויפיל מַזָלוֹת... ייִדישע מַזָלוֹת... „עס זאָל כאָטש ניט זײַן מײַן פינצטער מַזל“, — טראַכט איך מיר, און עס קומט מיר אָפּן געדאַנק האָדל. שוין פון עטלעכע טעג, אַז זי איז עפּעס ווי אויפגעמונטערט, לעבעדיקער געוואָרן, גאָר אַן אַנדער פָּנִים באַקומען. עמעצער האָט איר געבראַכט אַ בריוול, אָפּנים, פון אים טאַקע, פון איר שלים־מַזל. ווילן ווילט זיך מיר זייער וויסן, וואָס ער שרײַבט איר, נאָר פרעגן וויל איך נישט; זי שווײַגט, שווײַג איך אויך, פַּתַח שִין שאַ! טֵבִיָה איז נישט קיין ייִדענע; טֵבִיָה האָט צײַט...

דערווײַל, אַזוי ווי איך טראַכט פון האָדלען, קומט זי אָן, האָדל הייסט עס, זעצט זיך צו לעבן מיר אַף דער פריזבע, קוקט זיך ארום אַף אַלע זײַטן און רופט זיך אָן צו מיר שטילערהייט: „הערסטו, טאַטע? איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן: הײַנט געזעגענען מיר זיך אָפּ מיט דיר... אַף שטענדיק“...

אַזוי זאָגט זי צו מיר שטיל, קוים וואָס מע הערט, און קוקט אַף מיר מיט אַ מאָדנעם מין קוק, מיט אַזאַ קוק, וואָס איך וועל אים אייביק נישט פאַרגעסן. און בְּשַעַת־מַעֲשֶׂה פליט מיר דורך אַ מַחשָבָה אין קאָפּ: „זי וויל זיך טרינקען“... וואָס איז מיר אײַנגעפאַלן טרינקען? ווײַל עס האָט זיך געטראָפן, ניט דאָ געדאַכט, אַ מַעֲשֶׂה: אַ מיידל נישט ווײַט פון אונדז האָט זיך פאַרקאָכט אין אַ דאָרף־שייגעץ און האָט זיך צוליב דעם דאָרף־שייגעץ... איר ווייסט דאָך שוין וואָס. איז די מאַמע פאַר

בְּרוּת קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן, און דער טאַטע האָט זיך אויס־געבראַכט, געוואָרן אַ קַבְּצָן. און דער דאָרף־שייגעץ האָט זיך מְיַישֵׁב געווען און האָט חַתְלָירע געהאַט פּאַר אַן אַנדערע. איז זי אַוועקגעגאַנגען צום טײַך, דאָס מיידל הייסט דאָס, און האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין וואַסער אַרײַן און האָט זיך דערטרונקען...

„וואָס הייסט, זאָג איך, דו געזעגנסט זיך אָפּ מיט מיר אויף שטענ־דיק?" — אַזוי מאַך איך צו איר און קוק אַראָפּ, זי זאָל ניט זען, ווי איך בין טויט. „דאָס הייסט, זאָגט זי, איך פאָר, זאָגט זי, אַוועק, מאָרגן, זאָגט זי, גאַנץ פרי, מיר וועלן זיך שוין מער קיינמאָל ניט זען... קיינ־מאָל ניט"...

דערהערט די דאָזיקע ווערטער, איז מיר געוואָרן אַביסל גרינגער אויף דער נְשָׁמָה. דאַנקען גאָט כאָטש דערפאַר, טראַכט איך מיר, ווי זאָגט ער: גַּם זוּ לְטוֹבָה — עס קאָן זײַן ערגער, בעסער האָט קיין שיעור ניט... „וווהין, לְמָשָׁל, פאָרסטו, אויב איך האָב, זאָג איך, די זְכִיָּה צו וויסן?" „איך פאָר, זאָגט זי, צו אים". „צו אים?" — זאָג איך. — ווו איז ער דען אַצינדערט?" „לְעֵת־עַתָּה, זאָגט זי, זיצט ער נאָך; נאָר אין גיכן שיקט מען אים אַוועק". „פאָרסטו, הייסט דאָס, זיך געזעגענען מיט אים?" — אַזוי זאָג איך צו איר און מאַך זיך תָּמעוואַטע. „ניין, זאָגט זי, איך גיי אים נאָך גלײַך אַהין". „אַהין?" — זאָג איך. — ווער איז געוועזן דער אַהין? וואַזוי הייסט דאָס אָרט?" „מע ווייס נאָך נישט אַקוראַט, זאָגט זי, וואַזוי דאָס אָרט הייסט, נאָר ווײַט איז דאָס זייער, זאָגט זי, ווײַט מיט סַכָּנַת־נְפָשׁוֹת"...

אַזוי זאָגט זיך צו מיר, האָדל הייסט עס, און עס מאַלט זיך מיר אויסעט, אַז זי רעדט דאָס מיט גַדְלוּת, מיט גרויסקייט, גלײַך ווי ער וואָלט דאָ אָפּגעטאָן עפּעס אַזעלכעס, וואָס סע קומט אים דערפאַר אַ מע־דאַל פון אַ פּוד אײַזן!... וואָס ענטפערט מען איר, לְמָשָׁל, אויף אַזאַ זאַך? פאַר אַזאַ זאַך נעמט אַ פאָטער און בייזערט זיך אויס אויף אַ קינד, שענקט אַ פּאָר פעטש, אָדער ער בײַטלט אויס אַלע בייזע וויסטע חֲלוֹמוֹת. טֶבְיֶה איז אָבער ניט קיין יידענע. איך גיי מיט דעם גאַנג, אַז כַּעַס איז עֲבוֹדָה־זָרָה. רוף איך מיך אָן צו איר מיט אַ פָּסוּק, ווי געוויינלעך: „איך זע אָרויס, זאָג איך, טאָכטער מײַנע, אַז דו ביסט מְקַיֵּים, ווי אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן: עַל כֵּן יַעֲזֹב — וואָרפסט אַוועק, זאָג איך, צוליב אַ פּעפּערל, טאַטע־מאַמע, זאָג איך, און לאָזט

זיך אוועק אין אן אָרט, וואָס מע ווייס ניט ווו, ערגעץ אין די מִדְבָּרִיוֹת, אפּנים, אפן פארגליווערטן יַם, דאָרט, ווו אַלֶכּסַנְדֶר מוקדוֹן, זאָג איך, איז געפאָרן אפן אָקרענט און פארבלאָנזשעט אף א ווײַטער וויסטע, זאָג איך, צווישן ווילדע מענטשן, ווי איך האָב געלייענט, זאָג איך, אמאָל אין א מַעֲשֶׂה־ביכל״...

אזוי זאָג איך צו איר האַלב אף קאַטאָוועס און האַלב מיט כַּעַס, און דאָס הארץ בשַׁעַת־מַעֲשֶׂה וויינט. נאָר טֶבְיָה איז נישט קיין יוּדענע. טֶבְיָה האַלט זיך אײַן. און זי, האָדל הייסט עס, פאַלט נישט אראָפּ בא זיך; ענטפערט מיר אָפּ על רִאשוֹן רִאשוֹן, און שטיל, נישט געכאַפּט, און באַטראַכט. טֶבְיֶהס טעכטער קאָנען ריידן...

און כאָטש איך האַלט דעם קאָפּ אראָפּ און די אויגן צו, פונדעסט־וועגן דאַכט זיך מיר, אז איך זע זי, האָדלען הייסט דאָס, איך זע — איר פָּנִים איז פונקט אזוי ווי די לְבָנָה, בלאַס און מאַט, און דאָס קוֹל אירס, מאַלט זיך מיר אויס, איז עפּעס ווי פאַרדומפּן, ציטערט... זאָל איך איר, א שטייגער, פאַלן אפן האַלדז, בעטן, חַלֶשן פאַר איר, זי זאָל נישט פאָרן? ווייס איך, אז ס'איז ארויסגעוואָרפן. יִמַח שְׁמָם זאָלן זיי ווערן, טאָקע די טעכטער מײַנע, — פאַרקאָכן זיי זיך אין עמעצן, איז מיטן גוף און מיט דער נְשָׁמָה און מיטן הארצן און מיט לײַב און לעבן!

בְּקִיצוּר, מיר זײַנען אָפּגעזעסן אזוי אף דער פריזבע א היפּשע שטיק צײַט, לאָז זיך אײַך דאַכטן, כמעט די גאַנצע נאַכט. מער געשוויגן ווי גערעדט, און דאָס, וואָס מיר האָבן גערעדט, איז אויך געווען כִּמְעַט ווי נישט גערעדט, האַלבע ווערטער... זי האָט גערעדט, און איך האָב גערעדט. איך פרעג זי נאָר איין זאַך: ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, א מיידל זאָל נעמען און חַתוּנָה האָבן פאַר א בָּחוּר צוליב דעם, זי זאָל אים קאָנען נאָכגיין ערגעץ אין אַלדי שוואַרצע יאָר? ענטפערט זי מיר: „מיט א י ם איז אַלץ איינס, אפילו אין אַלדי שוואַרצע יאָר״... גיב איך איר, געוויינלעך, צו פארשטיין מיטן שֵׂכֶל, ווי נאַריש דאָס איז. גיט זי מיר צו פארשטיין מיט א י ר שֵׂכֶל, אז איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פארשטיין. ברענג איך איר א מָשָׁל מיט א הון, א קוואָקע, וואָס האָט אויסגעזעסן קאַטשקעלעך. די קאַטשקעלעך האָבן זיך נאָר אויפגע־כאַפּט אף די פיסלעך, האָבן זיי זיך געלאָזט אפן וואַסער, און די קוואָקע נעבעך קוואָקעט. „וואָס, זאָג איך, וועסטו זאָגן, דערויף, טאָכטער לעבן?״ „וואָס, זאָגט זי, זאָל איך דערויף זאָגן? ס'איז אַוַודַאי א רַחֲמָנוּת, זאָגט

זי, אַף דער קוואָקע; נאָר צוליב דעם, זאָגט זי, וואָס די קוואָקע קוואָקעט, זאָלן די קאַטשקעלעך ניט שווימען?״... איר פאַרשטייט דיבורים? טֶביֶהס טאָכטער רעדט נישט גלאַט...

און דערוויַיל די צייַט שטייט נישט. עס הייבט שוין אָן צו שאַריען אַף טאָג. די אַלטע איז שטוב וואָרטשעט. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געשיקט זאָגן, אַז ס'איז שוין צייַט מאַכן נאַכט, און געזען, אַז עס העלפט זיך נישט, האָט זי אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער און מאַכט צו מיר, מיט אַ שיינעם יְבָרֶכְךָ, געוויינלעך: „טֶביֶה! וואָס טראַכסטו זיך?״ „לאָז זייַן שטיל, זאָג איך, גאָלדע, ווי אין פָּסוּק שטייט: לָ מָ ה רָ גְ שׁ וּ! האָסט פאַרגעסן, אַפָּנים, אַז ס'איז הייַנט הוֹשַׁעְנָה־רַבָּה? הוֹשַׁעְנָה־רַבָּה, זאָג איך, ווערט אונדז אָנגעחַתמעט דאָס גוטע קוויטל, הוֹשַׁעְנָה־רַבָּה דאַרף מען זייַן אויף. פאָלג מיך, גאָלדע, זאָג איך, דו נעם, זיי מוחל, צעבלאָז נאָר דעם סאַמאָוואַר, זאָג איך, און לאָז זייַן טיי, און איך וועל גיין דערוויַילע שפּאַנען דאָס וועגעלע. מיר פאָרן מיט האָדלען צום באַן״. און ווי דער שטייגער איז, טאָק איך איר אָפּ אַ שפּאָגלנייַעם ליגן, אַז האָדל פאָרט אוועק קיין יעהופּעץ, און פון דאָרטן נאָך ווייַטער, אַלץ מְכּוֹחַ יענעם עֵסֶק, מכּוֹחַ דער יְרוּשָׁה הייסט דאָס, און עס קאָן געמאָלט זייַן, זאָג איך, אַז זי זאָל שוין דאָרטן בלייַבן איבערן גאַנצן ווינטער, און אפשר איבערן ווינטער מיטן זומער מיט נאָך אַ ווינטער; לָכֵן דאַרף מען איר, זאָג איך, מיטגעבן צֵידָה לַדֶרֶך, אַביסל גרעט, אַ קליידל, אַ פּאָר קישנס, ציכלעך, דאָס, יענץ און שְׁאָר־יְרָקוֹת.

אַזוי קאָמאַנדעווע איך און זאָג אָן, ס'זאָל נישט זייַן קיין געוויינען, ס'איז הוֹשַׁעְנָה־רַבָּה אַף דער וועלט. „הוֹשַׁעְנָה־רַבָּה, זאָג איך, טאָר מען ניט וויינען, ס'איז אַ בְּפֵירוּשׁער דין!״ הערט מען דאָך מיך מיטן דין מִסְתָּמָא, ווי די קאַץ, און מע וויינט דַווקא יאָ, און אַז סע קומט צום געזעגענען זיך, ווערט אַ יְלָלָה, אַלע וויינען — די מאַמע, די קינדער, און טאָקע זי אַליין, האָדל הייסט דאָס, און וְעַל כּוּלָם, אַז ס'איז געקומען צו דער עלטערער טאָכטער מייַנע, צייטל מיין איך (אַף יָום־טֶוב קומט זי צו מיר מיט איר באַשערטן, מיט מאָטל קאַמזויל), האָבן זיך ביידע שוועסטער אַ וואָרף געטאָן איינע דער אַנדערער אַפן האַלדז — מע האָט זיי קוים אָפּגעריסן...

נאָר איך איינער האָב מיך געהאַלטן שטאָל און אייַזן; דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי — שטאָל און אייַזן; אינעווייניק קאָכט ווי

אַ סאַמאָוואַר, נאָר יענעם אַרויסבאַווײַזן — פּע! טבֿיה איז דאָך נישט קיין ייִדענע... דעם גאַנצן וועג קיין בויבעריק שווייגט מען, און אַז מיר האַלטן שוין נישט ווײַט פֿון דער באַן, רוף איך מיר אָן צו איר, זי זאָל מיר זאָגן דאָס לעצטע מאָל, וואָס פֿאַרט האָט ער געטאָן אַזעלכעס, פּעפּערל הייסט דאָס?... „איטלעכע זאַך, זאָג איך, באַדאַרף דאָך האָבן עפּעס אַ טעם"... ווערט זי אָנגעצונדן און שווערט מיר מיט כּל השבֿועות שבעולם, אַז ער איז ריין, ווי גין־גאָלד. „ער איז, זאָגט זי, אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי פֿאַר זיך אָרט אים נישט, דאָס גאַנצע טועכץ זײַנס איז נאָר, זאָגט זי, יענעמס טובֿה, דער וועלטס טובֿה — און דער עיקר פֿאַר יגיע־כּפּימניקעס, די בעלי־מלאָכות" — און גייט זײַט אַ חכם און טרעפֿט, וואָס דאָס הייסט! „זאָרגט ער זיך, זאָג איך צו איר, הייסט דאָס, פֿאַר דער וועלט? למאַי־זשע, זאָג איך, זאָרגט זיך נישט די וועלט פֿאַר אים, אַז ער איז יאָ אַזאַ ווױלער בחור? זאָלסט אים כאָטש לאָזן גריסן, זאָג איך, דעם אלכּסנדר מוקדון זײַנעם, זאָלסט אים זאָגן, זאָג איך, אַז איך פֿאַרלאָז מיך אויף זײַן יושר, ער איז דאָך אַ מענטש פֿון סאַמע יושר, זאָג איך, אַז ער וועט מײַן טאָכטער מסתּמא נישט פֿאַרפֿירן, און שרײַבן אַמאָל, זאָג איך, אַ בריוול דעם אַלטן טאַטן"...

און אַזוי ווי איך רייד, פֿאַלט זי מיר נישט פּלוצים אויפֿן האַלדז און הייבט נישט אָן צו וויינען? „לאָמיר זיך, זאָגט זי, געזעגענען. זײַ געזונט, טאַטע, גאָט ווייס, זאָגט זי, ווען מיר וועלן זיך זען!?"... אָן עק! אָט דאָ האָב איך מיך שוין נישט געקאָנט אײַנהאַלטן... עס איז מיר געקומען אויפֿן געדאַנק, פֿאַרשטייט איר, טאַקע די אייגענע האָדל, בשעת זי איז נאָך געווען אַ ברעקל... אַ קינד הייסט דאָס... זי געהאַלטן אויף די הענט... אויף די הענט געהאַלטן... האָט קיין פֿאַריבל נישט, פּאַניע, וואָס איך האָב מיך... מעשׂה ייִדענע... איר זאָלט וויסן, הערט איר, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ האָדל, דאָס איז!... איר זאָלט זען די בריוולעך, וואָס זי שרײַבט... ס'איז אַ האָדל פֿון גאָט!... זי איז בײַ מיר אָט־אַ־דאָ־אַ, איז זי בײַ מיר... טיף, טיף... איך קאָן עס אײַך אַזויפֿיל נישט אַרויסגעבן

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווייסט איר וואָס, פּאַניע שלום־עליכם? לאָמיר בעסער ריידן פֿון עפּעס פֿרייליכערס: וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח דער כאָליערע אין אָדעס?...

# חַוֶה

געשריבן אין יאָר 1906.

# חַוֶה

— הוֹדוּ לַה׳ כִּי טוֹב — וויאַזוי גאָט פֿירט, אַזוי איז גוט. דאָס הייסט, עס באַדאַרף זײַן גוט, וואָרעם פּרוּווט זײַט אַ חָכָם און מאַכט בעסער! אָט האָב איך געוואָלט זײַן אַ קלוגער, געדרייט דעם פָּסוּק אַהער, געדרייט דעם פָּסוּק אַהין, געזען, עס העלפֿט נישט, האָב איך צוגענומען די האַנט פֿונעם האַרצן און האָב געזאָגט צו זיך אַליין: טֶבְיֶה, ביזט אַ נאַר! דו וועסט די וועלט נישט איבערמאַכן. דער אייבערשטער האָט אונדז געגעבן צַעַר־גִידוּל־בָּנִים, איז די טײַטש: פֿון קינדער האָט מען צָרוֹת און מע מוז דאָס אָננעמען פֿאַר ליב. אָט, לְמָשָׁל, האָט זיך מײַן עלטערע טאָכטער, צייטל הייסט עס, פֿאַרקאָכט אינעם חַיִּיט מאָטל קאַמזויל, האָב איך עפּעס צו איר? אֱמֶת, ער איז טאַקע אַ פּראָסטער נֶפֶשׁ, פֿאַרשטייט נישט אַזוי שטאַרק דרִיבניטשקע, די קליינע אוֹתִיוֹת, הייסט עס, נאָר וואָס קאָן מען טאָן? די גאַנצע וועלט, ווי זאָגט איר, קאָן דאָך ניט זײַן געבילדעט! דערפֿאַר איז ער אַן ערלעך מענטשל און האָרעוועט נעבעך מיטן בלוטיקן שווייס. זי האָט שוין מיט אים, איר זאָלט אָנקוקן, קיין עַיִן־הָרָע, אַ פּולע שטוב מיט פּופּקעס, און ביידע ווערן זיי פֿאַרשוואַרצט אין עוֹשֶׁר און אין כָּבוֹד — און רעדט מיט איר, זאָגט זי, אַז ס׳איז איר, קיין עַיִן־הָרָע, גוט ווי די וועלט, עס קאָן גאָר, זאָגט זי, ניט זײַן בעסער. איין שטיקל חִסָרוֹן נאָר, וואָס ס׳איז קיין ברויט נישטאָ... עַד כָּאן הַקָפָה א׳ — דאָס האָט איר אײַך נומער איינס. נו, און פֿון דער צווייטער טאָכטער, פֿון האָדלען הייסט דאָס, באַדאַרף איך אײַך ניט דערציילן, איר ווייסט שוין. זי האָב איך פֿאַרשפּילט, פֿאַרלאָרן אַף אייביק! גאָט ווייס, אויב מײַנע אויגן וועלן זי אַמאָל זען, סײַדן אַף יענער וועלט שוין, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר... רייד איך פֿון איר, פֿון האָדלען הייסט עס, קאָן איך נאָך עַד־הַיוֹם נישט קומען צו זיך, ס׳איז אַן עק פֿון מײַן לעבן! פֿאַרגעסן, זאָגט איר? ווי קאָן מען פֿאַרגעסן אַ לעבעדיקן מענטשן? וּבִפְרַט אַזאַ

קינד, ווי האָדל? איר זאָלט זען די בריוולעך, וואָס זי שרײַבט צו מיר, קאָן מען צעגיין. עס גייט זיי, שרײַבט זי מיר, דאָרטן זייער גוט. ער זיצט, און זי פּאַרדינט. זי האָשט גרעט און לייענט ביכלעך און זעט זיך מיט אים אַלע וואָך, און האָט, זאָגט זי, אַ האָפענונג, אַז עס ווערט זיך דאָ, באַ אונדז, איבערקאָכן, עס וועט אויפגיין די זון און עס וועט ווערן ליכטיק, וועט מען אים אומקערן צוריק מיט נאָך אַ סך אַזעלכע, ווי ער, און דעמאָלט וועלן זיי זיך ערשט, זאָגט זי, נעמען צו דער רעכ־טער אַרבעט און איבערקערן די וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף? נו? ווי געפעלט דאָס אײַך? גוט? האָ?... וואָס־זשע טוט אָבער דער רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם? ער איז דאָך, ווי זאָגט איר, אַן אֵל רַחוּם וְחַנוּן, זאָגט ער צו מיר: „וואַרט אויס, טֶבְיֶה, אָט מאַך איך אַזוי, אַז דו וועסט פאַרגעסן אָן אַלע דײַנע צָרוֹת!״... און כַּךְ הֲוָה, איר מעגט דאָס האָרכן. קיין אַנדערן וואָלט איך עס ניט דערציילט, וואָרעם דער ווייטיק איז גרויס און דער בִזָיוֹן איז נאָך גרעסער! נאָר, ווי שטייט דאָרט באַ אונדז געשריבן: הַ מְ כַ סֶ ה אֲ נִ י מֵ אַ ב רָ הָ ם — פאַר אײַך איז דען פאַראַן באַ מיר אַ סוֹד? וואָס איך האָב — דערצייל איך אײַך. נאָר וואָס דען? איין זאַך וועל איך אײַך בעטן: צווישן אונדז זאָל דאָס בלײַבן. איך זאָג אײַך נאָך אַמאָל: דער ווייטיק איז גרויס, נאָר דער בִזָיוֹן איז נאָך גרעסער!

בְּקִיצוּר, וויאַזוי שטייט דאָרט אין פֶּרֶק: רָ צָ ה הַ קָ ד וֹ ש בָּ רוּ ךְ ה וּ א לְ זַ כּ וֹ ת — גאָט האָט געוואָלט אַ טוֹבָה טאָן טֶבְיֶהן, גייט ער און בענטשט אים מיט זיבן קינדער נְקֵבוֹת, טעכטער הייסט עס, אַלע אויסגעשפּילטע, געראָטענע, קלוגע און שיינע, פרישע, געזונטע, איך זאָג אײַך — סאָסנעס! אוי, הַלְוַאי וואָלטן זיי בעסער געווען מִיאוּסע פּאַסקודניצעס, וואָלט אֶפְשָׁר געווען בעסער פאַר זיי און געזינטער פאַר מיר. וואָרעם וואָס קומט אַרויס, איך בעט אײַך, פון אַ גוט פערדל, אַז סע שטייט אין שטאַל? וואָס קומט אַרויס פון שיינע טעכטער, אַז מע ליגט פאַרשטעקט מיט זיי אין אַ העק און מע קוקט נישט אָן קיין לעבע־דיקן מענטשן, אַ חוץ אַנטאָן פּאָפּערילע, דעם גוייִשן ראָש־הַקָהָל פון דאָרף, און דעם שרײַבער כוועדקע גאַלאַגאַן, אַ הויכער גויעץ מיט אַ פּאַט־לע און מיט לאַנגע שטיוול, און דעם גַלָח, יִמַח שְׁמוֹ וְזִכְרוֹ. איך קאָן נישט הערן דעם נאָמען זײַנעם, נישט מַחֲמַת דעם, וואָס איך בין אַ ייִד און ער איז אַ גַלָח; אַדְרַבָּה, מיר זײַנען זייער גוט באַקאַנט צווישן זיך

שוין אַ שאָק מיט יאָרן, דאָס הייסט, אויף קיין שׂמחות איינס צום אַנדערן גייט מען נישט, און גוט־יום־טוב בעטן אַוודאי ניט; גאָרנישט, מהכּתיתי, מע באַגעגענט זיך, גוט־מאָרגן, גוט־יאָר, וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער וועלט? אַרײַנלאָזן זיך מיט אים אין ווײַטע דרכים האָב איך פײַנט, וואָרעם באַלד עפּעס, הייבט זיך אָן אַ סדרה: אײַער גאָט, אונדזער גאָט. לאָז איך מיך ניט און שלאָג אים איבער מיט אַ גלײַכווערטל און זאָג אים, אַז ס׳איז פֿאַראַן בײַ אונדז אַ פּסוק; שלאָגט ער מיך איבער מסתּמא און זאָגט, אַז אַ פּסוק ווייס ער גלײַך מיט מיר, און אפשר נאָך בעסער, און הייבט אָן צו זעצן אויף אויסנווייניק אונדזער חומש, ווי געוויינלעך, אַ גוי: „בערעשיט באַרא אלאָקים" — אַלעמאָל, אַלעמאָל דאָס אייגענע. שלאָג איך אים איבער מסתּמא און זאָג אים, אַז ס׳איז פֿאַראַן בײַ אונדז אַ מדרש. „אַ מדרש, זאָגט ער, ווערט שוין אָנגערופֿן תּ ל - מ ו ד, און תּ ל - מ ו ד האָט ער פֿײַנט, ווײַל תּ ל - מ ו ד איז, זאָגט ער, לויטער שווינדל"... ווער איך שוין מסתּמא רעכט אין כּעס און הייב אים אָן אויסצוזאָגן וואָס עס קומט מיר אויף דער צונג. מיינט איר, אַז עס אַרט אים עפּעס? גאָרנישט; קוקט אויף מיר און לאַכט, און קעמט זיך בשעת־מעשׂה די באָרד. נישטאָ, הערט איר, קיין ערגערס אויף דער וועלט, ווי אַז איר זידלט אַ מענטשן, מאַכט אים מיט דער בלאָטע גלײַך, און ער שווײַגט. אין אײַך ווערט די גאַל צעפּיקעט, און יענער זיצט און שמייכלט! דעמאָלט האָב איך דאָס ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר אַצינד ווייס איך, וואָס דאָס שמייכל האָט באַדײַט...

בקיצור, איך קום צו פֿאָרן אײַנמאָל אַהיים, אַרום פֿאַרנאַכטלעך שוין, באַגעגן איך דעם שרײַבער כוועדקע שטייט אין דרויסן מיט מײַן חוה, די דריטע טאָכטער מײַנע, די צווייטע פֿון האָדלען הייסט עס. מיך דער־זען, האָט זיך מײַן בחור געגעבן אַ דריי־אויס, אַראָפּגענומען פֿאַר מיר דאָס היטל און אַוועק. רוף איך מיך אָן צו מײַן חוהן: „וואָס האָט דאָ געטאָן כוועדקע?" זאָגט זי: „גאָרניט"... זאָג איך: „וואָס הייסט גאָרניט?"... זאָגט זי: „מיר האָבן געשמועסט"... זאָג איך: „וואָס פֿאַר אַ מחותּן ביזטו מיט כוועדקען?"... זאָגט זי: „מיר זײַנען באַ־קאַנט שוין פֿון לאַנג"... זאָג איך: „מזל־טוב דיר מיט דײַן באַקאַנט־שאַפֿט! אַ שיינער חבֿר כוועדקע!"... זאָגט זי צו מיר: „דו קענסט אים דען? דו ווייסט דען ווער ער איז?"... זאָג איך צו איר: „ווער ער איז, ווייס איך ניט, כ׳האָב זײַן יחוס־בריוו ניט געזען; נאָר פֿאַר־

שטיין פֿאַרשטיי איך, אַז ער דאַרף שטאַמען פֿון סאַמע גדוֹלים; דער טאַטע זײַנער, זאָג איך, האָט געמוזט זײַן אָדער אַ פּאַסטוך, אָדער אַ סטרוזש, אָדער אַזוי אַ שיכּור״... רופֿט זי זיך אָן צו מיר, חוה הייסט עס: „וואָס זײַן טאַטע איז געווען ווייס איך ניט און וויל ניט וויסן, בײַ מיר זײַנען אַלע מענטשן גלײַך; נאָר אַז ער אַליין איז אַ מענטש ניט קיין געוויינלעכער — דאָס ווייס איך פֿאַר געוויס״... „דהײַנו, זאָג איך, וואָס פֿאַר אַ מין סאָרט מענטש איז ער? לאָם איך הערן״... „איך וואָלט דיר, זאָגט זי, געזאָגט, וועסטו ניט פֿאַרשטיין. כוועדקע, זאָגט זי, דאָס איז דער צווייטער גאָרקי״... „דער צווייטער גאָרקי? — זאָג איך. — ווער־זשע איז געווען, זאָג איך, דער ערשטער גאָרקי?״... „גאָרקי, זאָגט זי, דאָס איז הײַנט כּמעט דער ערשטער מענטש אויף דער וועלט״... „ווו זיצט ער, זאָג איך, דער תּנא דײַנער, וואָס איז זײַן געשעפֿט און וואָס פֿאַר אַ דרשה האָט ער געדרשנט?״... מאַכט זי צו מיר: „דער גאָרקי — דאָס איז אַ באַרימטער שרײַבער, אַ שריפֿט־שטעלער, אַ מענטש, הייסט דאָס, וואָס מאַכט ביכער, און אַ טײַערער, אַ זעלטענער, אַן ערלעכער מענטש, שטאַמט אויך פֿון פּראָסטן שטאַנד, נישט געלערנט אין ערגעץ, נאָר פֿון זיך אַליין... אָט דאָס איז זײַן בילד״... אַזוי מאַכט זי צו מיר, חוה הייסט עס, און נעמט אַרויס פֿון קעשענע אַ פּאָרטרעטל און ווײַזט דאָס מיר. „אָט דאָס איז ער, זאָג איך, דער צדיק דײַנער, רב גאָרקי? איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז איך האָב אים ערגעץ געזען, זאָג איך, אָדער בײַ דער באַן טראָגן זעק, אָדער אין וואַלד שלעפּן קלעצער״... „איז דאָס בײַ דיר, זאָגט זי, אַ חסרון, זאָגט זי, אַז אַ מענטש האָרעוועט מיט זײַנע אייגענע הענט? דו אַליין האָרעוועסט דען ניט? און מיר האָרעווען ניט?״ „יאָ, יאָ, זאָג איך. ביסט גערעכט, זאָג איך, ס׳איז אַ בפירושער פּסוק בײַ אונדז: יְגִיעַ כַּפֶּיךָ כִּי תֹאכֵל — אַז דו וועסט ניט האָרעווען, וועסטו ניט עסן... נאָר פֿונדעסטוועגן, זאָג איך, פֿאַרשטיי איך ניט, וואָס האָט דאָ צו טאָן כוועדקע? איך וואָלט בעסער, זאָג איך, געווען צופֿרידן, ווען דו זאָלסט זײַן באַקאַנט מיט אים פֿון דערווײַטן; דו באַדאַרפֿסט ניט פֿאַרגעסן, זאָג איך, מֵאַיִן בָּאתָ וּלְאָן אַתָּה הוֹלֵךְ — ווער ביסטו און ווער איז ער״... מאַכט זי צו מיר: „גאָט האָט באַשאַפֿן אַלע מענטשן גלײַך״... „יאָ, יאָ, זאָג איך, גאָט האָט באַשאַפֿן אָדָם הָראשונען נאָך זײַן געשטאַלט; מע טאָר אָבער ניט פֿאַרגעסן, אַז איטלעכער דאַרף זוכן

זײַן גלײַכן, ווי אין פסוק שטייט בײַ אונדז געשריבן: אִ י שׁ כִּ מַ תְּ נַ ת יָ ד וֹ"... אַן אַנטיק! — זאָגט זי צו מיר. — אױף אַלצדינגס האָסטו אַ פָּסוּק! אפשר געפינט זיך, זאָגט זי, בײַ דיר אַ פָּסוּק וועגן דעם, וואָס מענטשן, זאָגט זי, האָבן גענומען און האָבן זיך אַליין, זאָגט זי, אײַנגעטיילט אױף ייִדן און גויִים, אױף בַּעֲלֵי־בָּתִּים און קנעכט, אױף פְּרִיצִים און בעטלערס?"... „טע־טע־טע! — זאָג איך — ביסט מיר שוין, דאַכט מיר, פאַרפאַרן, טאָכטער, אין אֶלֶף הַשִּׁישִׁי אַרײַן!" און איך גיב איר צו פאַרשטיין, אַז אַזוי פירט זיך שוין אױף דער וועלט מִשֵּׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית. פרעגט זי מיך: „לְמַאי זאָל זיך אַזוי פירן אױף דער וועלט?"... זאָג איך: „דערפאַר, וואָס אַזוי האָט גאָט באַשאַפן זײַן וועלט"... זאָגט זי: „לְמַאי האָט גאָט אַזוי באַשאַפן זײַן וועלט?"... זאָג איך: „ע! אַז מיר וועלן אָנהייבן פרעגן קֻשְׁיוֹת — לְמַאי אַזוי און לְמַאי אַזוי, איז אֵ י ן לְ דָ בָ ר סָ ו ף — אַ מַעֲשֶׂה אָן אַן עק!"... זאָגט זי מיר: „דערױף האָט דאָך אונדז גאָט געגעבן אַ פאַרשטאַנד, אַז מיר זאָלן פרעגן קֻשְׁיוֹת"... זאָג איך: „בײַ אונדז איז פאַראַן אַ מִנְהָג אַזעלכער, אַז אַ הון, זאָג איך, הייבט אָן צו קרייען ווי אַ האָן, זאָל מען זי באַלד אַוועקטראָגן צום שוֹחֵט, ווי מיר זאָגן די ברכות: הַ נּ וֹ תֵ ן לַ שֶּׂ כְ ו י בִּ י נָ ה". — „טאָמער וואָלט אפשר גאָר גערוען גענוג זיך צו גאָרגלען דאָרטן? — רופט זיך אָן מײַן גאָלדע פון שטוב אַרויס. — דער באָרשט, זאָגט זי, שטייט אױפן טיש שוין פון אַ שָׁעָה, און ער זינגט גאָר זְמִירוֹת!"... „אָט האָסטו דיר, זאָג איך, די אַנדערע טעג יוֹם־טוֹב! ניט אומזיסט, זאָג איך, האָבן אונדזערע חֲכָמִים געזאָגט: שִׁ ב עָ ה דְ בָ רִ י ם בְּ ג וֹ לֶ ם — אַ ייִדענע האָט אין זיך נײַן מאָס רייד. מע רעדט תּוֹך־זאַכן, איז זי דאָ מיט איר מילכיקן באָרשט!"... רופט זיך אָן צו מיר גאָלדע: „דער מילכיקער באָרשט, זאָגט זי, איז אפשר אַזאַ תּוֹך־זאַך, ווי אַלע דײַנע תּוֹך־זאַכן"... „מַזל־טוב! האָט איר אײַך, זאָג איך, אַ נײַעם פילאָזאָף, גלײַך פון אונטערן אויוון אַרויס! קאַרג, זאָג איך, וואָס די טעכטער זײַנען געוואָרן אויפגעקלערטע קעפּ, האָט שוין טֶבְיֶהס ווײַב אויך אָנגעהויבן פלִיען דורכן קוימען אין הימל אַרײַן!"... „אַז ס'איז יאָ, זאָגט זי, געקומען צו רייד הימל, טאָ ליג שוין אין דער ערד!"... ווי געפעלט אײַך, אַ שטייגער, אַזאַ מין בָּרוּך־הַבָּא אױפן ניכטערן האַרצן?...

בְּקִיצוּר, לאָמיר, ווי זאָגט איר, איבערלאָזן דעם בֶּן־מֶלֶךְ און זיך נעמען צו דער בַּת־מַלְכָּה, איך מיין דעם גַּלָּח, יִמַּח שְׁמוֹ וְזִכְרוֹ! איינמאָל

פארנאכט פאר איך מיר אהיים מיט די ליידיקע קריגלעך און האלט שוין באם ארײַנפארן אין דארף ארײַן, באגעגן איך אים פארן מיט זײַן אײַזערנער געקאוועטער בריטשקע, טרײַבט אן אליין מיט זײַן כּבֿוד די פערדלעך, און די צעקעמטע בארד זײַנע איז צעשמיסן פונעם ווינט. „צו דײַן קאפּ, טראכט איך מיר, א שיין באגעגעניש!“... „א גוטער אוונט! — מאכט ער צו מיר. — האסט מיך ניט דערקענט, זאגט ער, צי וואס?“ „וועסט גיך רײַך ווערן, זאג איך צו אים און נעם אראפּ דאס היטל און וויל פארן ווײַטער. מאכט ער צו מיר: „שטיי א ווײַלע, טעוועל, וואס האסטו קיין צײַט ניט? איך דארף דיר עפּעס זאגן א צוויי ווערטער“ „אך, זאג איך, אבי נאר עפּעס גוטס, איז מהכתּיתי, און אויב נישט, מעג דאס, זאג איך, בלײַבן אף אן אנדערש מאל“... „וואס הייסט, זאגט ער, בא דיר אן אנדערש מאל?“... „אן אנדערש מאל, זאג איך, הייסט בא מיר, ביז משיח וועט קומען“... „משיח, מאכט ער צו מיר, איז דאך שוין געקומען“... „דאס האב איך שוין געהערט, זאג איך, פון דיר ניט איין מאל; דו זאג מיר נאר, פּאטערל, עפּעס נײַס“... „אט דאס, זאגט ער, מיין איך טאקע דיר זאגן; איך וויל מיט דיר שמועסן, זאגט ער, טאקע פון דיר אליין, דאס הייסט, פון דײַן טאכטער“... דא האט מיר באלד א טיאכקע געטאן דאס הארץ: וואס פאר א מחותּן איז ער מיט מײַן טאכטער? און איך רוף מיך אן צו אים: „מײַנע טעכטער, זאג איך, זײַנען חלילה נישט אזעלכע, וואס מע זאל דארפן פאר זיי ריידן; זיי קאנען שוין, זאג איך, אליין באשטיין זייער שטעטל“... „דאס איז, אבער, מאכט ער, אזא מין ענין, וואס זי אליין קאן נישט ריידן, עס מוז ריידן אן אנדערער, מחמת דא האנדלט זיך וועגן א תּוך־זאך, זאגט ער, טאקע וועגן איר תּכלית“... „וועמען גייט עס אן, זאג איך, דער תּכלית פון מײַן קינד? מיר דאכט, זאג איך, אז ווי באלד מע שמועסט פון תּכלית, בין איך מײַן קינד א פאטער ביז הונדערט צוואנציק יאר, צי ניין?“... „אמת, זאגט ער, דו ביסט דײַן קינד א פאטער; דו ביסט אבער, זאגט ער, אף דײַן קינד א בלינדער, דײַן קינד, זאגט ער, רײַסט זיך אין אן אנדער וועלט ארײַן, און דו פארשטייסט זי ניט, אדער דו ווילסט זי ניט פארשטיין“... „אויב איך פארשטיי זי ניט, זאג איך, אדער איך וויל זי ניט פארשטיין — דאס איז אן אנדער זאך; וועגן דעם, זאג איך, קאנען מיר אביסל שמועסן; נאר וואס קער זיך דאס אן, פּאטערל, מיט דיר?“... „עס קער זיך, זאגט ער,

מיט מיר אָן זייער שטאַרק, זאָגט ער, ווײַל זי איז איצטער אין מײַן רשות״... „וואָס הייסט, זאָג איך, זי איז אין דײַן רשות?״ ... „דאָס הייסט, זי איז איצטער אונטער מײַן השגחה״, מאַכט ער און קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן און צעקעמט זיך די שיינע צעלאָזטע זקנה. טו איך מסתמא אַ שפּרונג אונטער: „ווער? מײַן קינד איז אונטער דײַן השגחה? מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט?״ — זאָג איך און פֿיל, אַז איך הייב אָן אַרײַן אין כּעס. מאַכט ער צו מיר גאַנץ קאַלטבלוטיק מיט אַ שמייכעלע: „נאָר ניט געהיצט זיך, טעוועל! פּאַוואָלי וועלן מיר, זאָגט ער, די זאַך זיך איבערלייגן. דו ווייסט, איך בין דיר, זאָגט ער, חלילה קיין שונא נישט, כאָטש דו ביסט אַ ייִד; דו ווייסט, זאָגט ער, אַז איך האַלט פֿון ייִדן, און עס טוט מיר וויי דאָס האַרץ אויף זיי פֿאַר זייער עקשנות, וואָס זיי האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט און ווילן ניט פֿאַרשטיין, אַז מע מיינט דאָס פֿון זייער טובֿה וועגן״... „פֿון טובֿות, זאָג איך, זאָלסטו מיט מיר, פּאָטערל, איצטער נישט ריידן, מחמת איטלעכס וואָרט, וואָס איך הער פֿון דיר אַצינד, איז פֿאַר מיר אַ טראָפּן סם־המוות, זאָג איך, אַ פּיסטויל אין האַרצן אַרײַן. אויב דו ביסט מיר אַזאַ גוטער פֿרײַנט, ווי דו זאָגסט, וועל איך פֿון דיר בעטן נאָר איין טובֿה: מײַן טאָכטער זאָלסטו לאָזן צורו״... „ביסט אַ נאַרישער מענטש, מאַכט ער צו מיר, עס וועט דײַן טאָכטער חלילה קיין שלעכטס ניט געשען; עס שטייט איר איצטער פֿאָר אַ גליק, זאָגט ער; זי נעמט, זאָגט ער, אַ חתן — אויף מיר אַזאַ יאָר״... „אָמן! — זאָג איך בלומרשט מיט אַ געלעכטערל, און אין האַרצן ברענט אַ גיהנום! — ווער איז ער, למשל, דער חתן, זאָג איך, אויב איך בין זוכה, זאָג איך, צו וויסן?״... „דו דאַרפֿסט אים קענען, זאָגט ער, ער איז אַ בראַווער, אַן אָרנטלעך מענטשל, און גאַנץ פֿײַן געבילדעט, אַפֿילו פֿון זיך אַליין, און איז פֿאַרקאָכט אין דײַן טאָכטער, און וויל מיט איר חתונה האָבן און קאָן נישט, ווײַל ער איז נישט קיין ייִד״... „כוועדקע!״... — טראַכט איך מיר, און עס טוט מיר אַ זעץ אין קאָפּ אַרײַן אַ מאָרנע היץ, און עס באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שווייס, קוים וואָס איך זיץ אײַן אויפֿן וועגעלע. נאָר אַרויסבאַווײַזן דאָס פֿאַר אים — נישט דערלעבן וועט ער דאָס! און איך נעם דאָס פֿערדל פֿאַר די לייצעס, טו דאָס אַ שמיצל פֿון אונטן אַרויף, און הָ לַ ך מ׳ שֶׁ ה מָ ר דְּ כַ י — פּאַשאָל אָן אַ זײַ־געזונט אַהיים... איך קום צו פֿאָרן אַהיים, אײַ־אײַ־אײַ, אַן איבערקערעניש! די קינדער ליגן מיט די פּנימער אין די קישנס און

וויינען, מײַן גאָלדע איז מער אױף יענער װעלט אײדער אױף דער װעלט... איך זוך חוהן, װוּ איז חוה? — נישטאָ חוה!... פרעגן װוּ איז חוה, וויל איך נישט. איך פאַרשפּאָר שוין פרעגן, אַז אַך און װיי איז מיר! און איך פיל דעם טעם פון חיבוט־הקבר, און עס ברענט אין מיר אַ פײַער, איך ווייס ניט אױף װעמען... איך װאָלט עפּעס גאַר גענומען און זיך אַליין אויסגעפּאַטשט... און איך צעשרײַ מיך אױף די קינדער און לאָז אויס מײַן ביטער האַרץ צום װײַב. איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען. גיי איך אַרויס אין שטאַל צום פערד, דעם געבן עסן, און טרעף דאָס שטיין אַריבערגעפּוצעװעט מיט איין פוס אױף יענער זײַט קלאָץ. כאַפּ איך אַ שטעקן און הייב דעם אָן אײַנטיילן, שיילן די פעל, ברעכן די ביינער: „פאַרברענט זאָלסטו װערן, שלים־מזל מײַנער! זאָלסטו אַזוי לעבן, װי איך האָב פון דײַנעטװעגן אַ האָבערל אפילו! צרות, אויב דו ווילסט, קאָן איך דיר געבן, שלעק, מיט אַנגסטן, מיט מכות, מיט בכורות!"...

אַזוי רייד איך צום פערדל און באַטראַכט מיך אָבער באַלד, אַז ס'איז אַ צער־בעלי־חיים, גאָט די נשמה שולדיק, װאָס האָב איך צו דעם? און איך שיט דעם אונטער אַביסל געהאַקטע שטרוי און זאָג דעם צו, אם־ירצה־השם, שבת װײַזן אַ הא אין סידור, און קום אַרײַן צוריק אין שטוב אַרײַן, באַגראָב זיך און ליג אין געהאַקטע װונדן, און דער קאָפּ — דער קאָפּ װערט מיר שיער צעשפּרונגען, טראַכטנדיק און קלערנדיק דעם פּשט, װאָס זאָל דאָס באַדײַטן? „מה פּשעי ומה חטאתי — מיט װאָס האָב איך, טביה, פאַרזינדיקט מער פון דער גאַנצער װעלט, װאָס מע באַשטראָפט מיך מער פון אַלע ייִדן? אוי, רבונו־של־עולם, רבונו־של־עולם! מה אנו ומה חיינו — װער בין איך אַזוינס, װאָס דו טראָגסט מיך אָפּן קאָפּ כסדר, האָסט מיך אין זינען און לאָזט נישט אויס װוּ ערגעץ אַ שלאַק, אַ צרה, אַן אַנשיקעניש?!"...

און אַזוי װי איך טראַכט מיר אַזוי, ליגנדיק אױף הייסע קוילן, הער איך, װי מײַן װײַב נעבעך קרעכצט, רײַסט אויס אַ שטיק האַרץ. „גאָלדע, זאָג איך, דו שלאָפסט?"... „ניין, זאָגט זי, װאָס איז דען?"... „גאַרנישט, זאָג איך, מיר זײַנען גוט אין דער ערד; אפשר װייסטו, זאָג איך, אַן עצה, װאָס טוט מען?"... „פרעגסט בא מיר, זאָגט זי, עצות, אַז אַך און װיי איז מיר? אַ קינד שטייט אויף, זאָגט זי אינדערפרי, אַ געזונטע, אַ שטאַרקע, טוט זיך אָן, זאָגט זי, פאַלט מיך אַרום קושן און

האַלדזן און וויינען און זאָגט נישט וואָס; איך האָב געמיינט, זי איז חָלִילָה פונעם זינען! פרעג איך זי: „וואָס איז דיר, טאַכטער?" זאָגט זי גאָרנישט און כאַפּט זיך אַרויס אַף אַ ווײַלע צו די בְּהֵמוֹת און ווערט פאַרשוווּנדן. איך וואַרט אַ שָׁעָה, איך וואַרט צוויי, איך וואַרט דרײַ — ווּ איז חַוָּה? נישטאָ חַוָּה! רוף איך מיך אָן צו די קינדער: „אַנו, טוט נאָר אַ שפּרונג אַף אַ מינוטקעלע צום גַלָח"... „פון וואַנען, זאָג איך, האָסטו געוווּסט, גאָלדע, אַז זי איז באַם גַלָח?"... „פון וואַנען האָב איך געוווּסט? — זאָגט זי. — אַז אָך און וויי איז מיר! וואָס איז, זאָגט זי, איך האָב קיין אויגן ניט? צי איך בין איר קיין מאַמע ניט?"... „אַז דו האָסט אויגן, זאָגן איך, און דו ביסט איר אַ מאַמע, וואָס־זשע האָסטו געשוויגן און האָסט ניט געזאָגט מיר?"... „דיר זאָל איך זאָגן? ווען ביסטו אינדערהיים? — זאָגט זי. — און אַז איך זאָג דיר, הערסטו מיך דען? דיר אַז מע זאָגט, זאָגט זי, ענטפערסטו באַלד מיט אַ פָּסוּק; פאַרהאַקסט דעם קאָפּ מיט פְּסוּקִים און דערמיט קומסטו אָפּ"...

אַזוי מאַכט זי צו מיר, גאָלדע הייסט עס, און איך הער, ווי זי וויינט אין דער פינצטער... אַביסל איז זי גערעכט, טראַכט איך מיר, וואָרעם וואָס פאַרשטייט אַ יִדענע? און עס טוט מיר וויי אַף איר דאָס האַרץ, איך קאָן נישט הערן, ווי זי קרעכצט און ווי זי וויינט. רוף איך מיך אָן צו איר: „זעסטו, גאָלדע, ביסט ברוֹגז, זאָג איך, לְמַאי איך האָב אַף אַלצדינג אַ פָּסוּק; עס שטייט באַ אונדז געשריבן, זאָג איך, כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים — אַ טאַטע האָט ליב אַ קינד. פאַרוואָס שטייט ניט, זאָג איך, כְּרַחֵם אֵם עַל בָּנִים — אַז אַ מאַמע האָט ליב איר קינד? ווײַל אַ מאַמע איז ניט קיין טאַטע; אַ טאַטע, זאָג איך, קאָן אַנדערש ריידן מיט אַ קינד. אַט וועסטו זען, זאָג איך, אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, מאָרגן זע איך מיך מיט איר"... „הַלְוַאי, זאָגט זי, זאָלסטו זיך קאָנען זען מיט איר, און מיט אים אויך, ער איז אַ מענטש, זאָגט זי, ניט קיין שלעכטער, כאָטש אַ גַלָח, נאָר אַף אַ מענטשן האָט ער, זאָגט זי, רַחֲמָנוּת. דו וועסט אים בעטן, פאַלן צו די פיס, אפשר וועט ער רַחֲמָנוּת האָבן"... „ווער, זאָג איך, דער כּוֹמֶר, יִמַּח שְׁמוֹ?... איך זאָל מיך בוקן, זאָג איך, צום גַלָח? ביסט מְשוּגָע, זאָג איך, צי חֲסַר־דֵעָה? אַל תִּפְתַּח פֶּה לְשָׂטָן, זאָג איך, — ניט דערהאַרן וועלן דאָס מײַנע שׂוֹנְאִים!"... „אָ! זעסטו? עס הייבט זיך אָן, זאָגט זי, מיט דיר!"... „וואָס דען, זאָג איך, האָסטו געמיינט? איך וועל מיך לאָזן

פירן פון א יידענע? איך וועל, זאָג איך, לעבן מיט דײַן ווײַבערשן שׂכל?"... אָט אין אַזעלכע שמועסן גייט אַוועק בײַ אונדז די נאַכט. קוים דערלעבט דעם ערשטן קריי פונעם האָן, הייב איך מיך אויף, דאַוון אָפּ, נעם מיט זיך די בײַטש און לאָז מיך אַוועק מסתּמא גלײַך צום גלח אין הויף אַרײַן. ווי זאָגט איר, אַ יידענע איז טאַקע אַ יידענע, נאָר ווּהין דען האָב איך געזאָלט גיין? אין דער ערד אַרײַן?...

בקיצור, געקומען צו אים אין הויף אַרײַן, באַגעגענען מיך די כּלבים זײַנע מיט אַ שיינעם גוט-מאָרגן און ווילן מיר צורעכט מאַכן די קאַפּאָטע און פאַרזוכן די ליטקע פון מײַנע יידישע פיס, צי זיי זײַנען עפּעס גוט פאַר זייערע הינטישע ציין?... אַ גליק, וואָס כ'האָב מיטגענומען די בײַטש, האָב איך זיי געגעבן צו פאַרשטיין דעם פּסוק לא יחרץ כּלב לשונו — נעכײַ סאָבאַקאַ דאַראָם נע ברעשע, דאָס הייסט: לאָז אַ הונט ניט בילן אומזיסט... אויף זייער געשריי מיט מײַן געפּילדער איז אַרויסגעלאָפן דער גלח מיט דער גלחטע, קוים צעטריבן די פּריילעכע כאַליאַסטרע און אַרײַנגערופן מיך אין שטוב אַרײַן, מיך אויפגענומען פאַר זייער אַ שיינעם גאַסט, געוואָלט שטעלן פון מײַנעטוועגן דעם סאַמאָוואַר. זאָג איך, אַז דער סאַמאָוואַר איז לאָו דווקא, איך האָב מיט אים עפּעס צו ריידן, זאָג איך, אונטער פיר אויגן. האָט זיך דער כּומר אָנגעשטויסן, וואָס איך מיין, האָט אַ ווונק געטאָן צו זײַן פּלוניתטע, זי זאָל מוחל זײַן צימאַכן די טיר פון יענער זײַט — און איך בין צוגעטראָטן צום ענין גלײַך, אָן שום הקדמות, ער זאָל מיר זאָגן קודם, צי גלייבט ער אין גאָט?... און נאָכדעם זאָל ער מיר זאָגן, אויב ער פילט דעם טעם, וואָס הייסט צעשיידן אַ טאַטן מיט אַ קינד וואָס מען האָט דאָס ליב?... און ווידער זאָל ער מיר זאָגן וועלכעס הייסט נאָך זײַן שׂכל אַ מצווה און וועלכעס הייסט אַן עבֵירה?... און נאָך אַ זאַך וואָלט איך וועלן ער זאָל מיר קלאָר מאַכן: וואָס פאַר אַ פּנים האָט בײַ אים אַ מענטש וואָס כאַפּט זיך אַרײַן צו יענעם אין שטוב אַרײַן און וויל מאַכן אַן איבערקערעניש, איבערשטעלן די בענקלעך, מיט די טישלעך, מיט די בעטן?...

אוודאי בלײַבט ער זיצן געפּלעפט און מאַכט צו מיר: „טעוועל, זאָגט ער, ביסט אַ קלוגער מענטש, זאָגט ער, און נעמסט און שטעלסט אַוועק, זאָגט ער, מיטאַמאָל אַזויפיל שאלות און ווילסט, זאָגט ער, איך זאָל דיר ענטפערן אין איין קלאַפּ? האָב צײַט, זאָגט ער, איך וועל דיר

ענטפערן על רִאשון ראשון ועל אַחרון אַחרון"... „ניין, זאָג איך צו אים, דו וועסט מיר, פֿאָטערל געטרײַער, נישט ענטפערן קיינמאָל נישט. ווייסטו, פֿאַרוואָס? ווײַל אַלע דײַנע מַחשָבות ווייס איך פֿון פֿריִער. דו ענטפֿער מיר, זאָג איך, בעסער דערויף: איך האָב נאָך אַ האָפֿענונג צו זען מײַן קינד צוריק, אָדער ניין?"... כאַפּט ער זיך אויף: „וואָס הייסט — צוריק? דײַן טאָכטער וועט חָלִילָה גאָרנישט געשען, אַדרַבָּה!"... „איך ווייס, זאָג איך, איך ווייס, איר ווילט זי מאַכן גליקלעך! איך רייד נישט פֿון דעם, זאָג איך; איך וויל וויסן, וווּ איז ערגעץ מײַן קינד, און צי קאָן איך זיך מיט איר זען?"... „אַלצדינג יאָ, מאַכט ער צו מיר, נאָר דאָס נישט"... „אָט אַזוי זשע רייד, זאָג איך, דְבָרִים בְּרוּרִים, קורצע דיבורים! זײַ געזונט, זאָג איך, און לאָז דיר גאָט באַצאָלן, זאָג איך, בְּכֵפֶל־כִּפְלַיִם!"...

און איך קום צוגיין אַהיים און טרעף מײַן גאָלדע ליגט צונויפֿגע־קוטשעבורעט, ווי אַ שוואַרצער קנויל, אין בעט און האָט שוין מער קיין טרערן ניט אין די אויגן. רוף איך מיך אָן צו איר: „שטיי אויף, מײַן ווײַב, טו אויס, זאָג איך, די שיך, און לאָמיר זיך אַוועקזעצן שִבעָה, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן, ד' נָ תַ ן ד' לָ קָ ח — מיר זײַנען ניט די ערשטע, מיר זײַנען ניט די לעצטע. עלעהיי, לאָז זיך אונדז אויס־דאַכטן, זאָג איך, אַז מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין חַוָה, אָדער לאָז זיך אונדז דאַכטן, זאָג איך, עלעהיי האָדל, וואָס איז אַוועק פֿון אונדז הינטער די הָרֵי־חוֹשֶך, גאָט ווייס, אויב מיר וועלן זי אַמאָל זען... גאָט, זאָג איך, איז אַן אֵל רַחוּם וְחַנוּן, ער ווייס וואָס ער טוט!"...

אַזוי רייד איך מיר אויס דאָס האַרץ און פֿיל, אַז די טרערן שטיקן מיך, שטייען מיר, ווי אַ ביין אין האַלדז. נאָר טֶבְיֶה איז ניט קיין יִדענע, טֶביֶה האַלט זיך אײַן! מאַלט אײַך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי, וואָרעם, ערשטנס, דער בִּזָיוֹן!... וְהַשֵנִית, ווי קאָן איך זיך אײַנהאַלטן, אַז מע פֿאַרלירט לעבעדיקערהייט אַזאַ קינד, אַזאַ בריליאַנט, וואָס איז אַזוי אײַנגעבאַקן אין האַרצן אי באַ מיר, אי באַ דער מוטער, כִּמעַט מער ווי אַלע קינדער, איך ווייס ניט פֿאַרוואָס? אפשר דערפֿאַר, וואָס זי האָט קינדווײַז זייער אַ סך געקרענקט, איבערגעטראָגן אויף זיך כָּל הַצָרוֹת שֶבָּעוֹלָם; מיר זײַנען אַמאָל אויסגעזעסן איבער איר גאַנצע נעכט, עט־לעכע מאָל אָפּגעשריגן, פּשוט אָפּגעשריגן פֿונעם טויט, אָפּגעחִיהטשעט, ווי מע חִיהטשעט אָפּ אַ קליין צעטראָטן הינדעלע, וואָרעם אַז גאָט וויל,

מאַכט ער פון טויט לעבעדיק, ווי מיר זאָגן אין הַלֵּל: לֹא אָמוּת כִּי אֶחְיֶה — אַז ס׳איז ניט באַשערט שטאַרבן, שטאַרבט מען ניט... און אֶפְשָׁר איז דאָס דערפאַר, וואָס זי איז אַ גוט קינד, אַ געטרײַס, האָט אונדז פון תָּמִיד אָן ליב געהאַט ביידן דאָס חִיּוּת מיט דער נְשָׁמָה. אײַ די קַשְׁיָא: ווי קומט דאָס, זי זאָל אונדז אַזעלכעס טאָן? איז, ערשטנס, אונדזער מַזָּל אַזוי. איך ווייס ניט, וואָזוי איר — איך גלייב אין הַשְׁגָּחָה. וְהַשֵּׁנִית, איז דאָס אַ קְלִיפָּה, אַן אָפּגעטאָנענע זאַך, הערט איר, אַ מין כִּישּׁוּף! איר מעגט אײַך לאַכן פון מיר, און איך זאָג אײַך, אַז איך בין גאָר ניט אַזאַ גראָבער נאַר, איך זאָל גלייבן אין שרעטעלעך, לֵצִים, דאָמעוויקעס וּכְדוֹמֶה אַזעלכע שְׁטוּתְעריַיען; נאָר אין כִּישּׁוּף, זעט איר, גלייב איך, וואָרעם וואָס דען איז דאָס, אַז ניט קיין כִּישּׁוּף? אָט וועט איר הערן ווײַטער, וועט איר אַליין אויך זאָגן דאָס אייגענע...

בקיצור, אַז די הייליקע סְפָרִים זאָגן: בַּעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה חַי — אַ מענטש נעמט זיך ניט אַליין דאָס לעבן, איז דאָס נישט אומזיסט. ס׳איז גאָר נישטאָ די מַכָּה אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיך ניט פאַרהיילן, און אַזאַ צָרָה, וואָס מע זאָל זי נישט פאַרגעסן. דאָס הייסט, פאַרגעסן פאַרגעסט זיך נישט, נאָר וואָס זאָל מען טאָן? אָדָם כַּבְּהֵמָה נִדְמֶה — אַ מענטש באַדאַרף אַרבעטן, האָרעווען, פאַרשוואַרצט און אויסגעריסן ווערן צוליב דעם שטיקל ברויט. מיר האָבן זיך גענומען, וואָס טויג אײַך, אַלע צו דער אַרבעט, מײַן ווײַב און קינדער צו די קריגלעך, איך צום פערד־און־וועגעלע, און עוֹלָם כְּמִנְהָגוֹ — די וועלט בלײַבט ניט שטיין. אָנגעזאָגט האָב איך אין שטוב, אַז חַוָּה לֹא יִזָּכֵר וְלֹא יִפָּקֵד — נישטאָ חַוָּה! אויסגעמעקט — און שווײַן! און כ׳האָב מיר צונויפגעשלאָגן אַביסל מילכיקס, פרישע סְחוֹרָה, און האָב מיך געלאָזט קיין בויבעריק צו מײַנע קוֹנִים.

געקומען קיין בויבעריק — אַ שִׂמְחָה, אַ גְדוֹלָה: וואָס מאַכט אַ ייִד רֶב טֵבִיָּה? פאַרוואָס זעט מען אײַך ניט? „וואָס זאָל איך מאַכן? — זאָג איך. — ס׳איז חַדֵּשׁ יָמֵינוּ כְּקֶדֶם — דער אייגענער שְׁלִים־מַזָּל, וואָס פריִער; אַ בְּהֵמָהלֶע, זאָג איך, איז בײַ מיר געפאַלן״... „וואָס איז די מַעֲשֶׂה, זאָגן זיי, וואָס מיט אײַך טרעפן זיך אַלע נִסִּים?“ און דער עוֹלָם פרעגט מיך אויס, איטלעכער באַזונדער, וואָס פאַר אַ בְּהֵמָהלע איז בײַ מיר געפאַלן? וויפל האָט דאָס מיך געקאָסט? און וויפל בְּהֵמָהלעך איז מיר נאָך געבליבן? און מע לאַכט, מען איז פריילעך, ווי, גע־

ווײַנלעך, נְגִידים מאַכן זיך לוסטיק איבער אַן אָרעמאַן, אַ שְׁלִים־מַזל, נאָכן עסן, אַז ס׳איז גוט אויפן הארצן און אין דרויסן איז שײן און הײס און גרין, און עס גלוסט זיך דרימלען... טֵבִיֶה איז אָבער אַ מענטש, וואָס לאָזט זיך טרײַבן קאַטאָוועס. אַ קרענק וועט בײַ מיר יענער וויסן, וואָס בײַ מיר אויפן הארצן טוט זיך! און אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט אַלע קוֹנים, לאָז איך מיך צוריק מיט די ליידיקע קריגלעך אַהיים, איבערן וואַלד, לאָז־אָפּ דאָס פערדל, ס׳זאָל זיך גײן פּאַוואָליע און כאַפּן בִּגְנֵבָה אַ שטשיפּל גראָז, און אַלײן פאַרטיף איך מיך אין מײַנע מַחשָׁבוֹת און גערדאַנקען, טראַכט איבער פון וואָס איר ווילט: פונעם לעבן און פונעם טויט, פון דער וועלט און פון יענער וועלט, און וואָס איז אַזעלכעס וועלט, און וואָס לעבט אַ מענטש, וּכְדוֹמֶה אַזעלכע זאַכן, בכדי איך זאָל מיר צעשלאָגן די רַעיוֹנוֹת, דאָס הייסט, איך זאָל נישט קלערן פון איר, פון חַוָהן הייסט עס. און ווי אויף צו לְהַכעִיס, קריכט מיר אין קאָפּ אַרײַן דַווקא זי, חַוָה הייסט עס. זי קומט מיר אַקעגן מיט איר געשטאַלט, הויך און שײן און פריש, ווי אַ סאָסנע, אָדער גאָר ווי זי איז נאָך געווען אַ קלײניטשקע, אַ קראַנקעטשקע, אַ פִּגִירָהלע, ווי אַן עוֹפֶהלע בײַ מיר אויף די הענט, דאָס קעפּל אַרויפגעוואָרפן אויף מײַנע פּלײיצעס: „וואָס ווילסטו, חַוָהלע? געבן דיר אַ שטיקעלע פּאַפּע? אַביסעלע מאַני?"... און איך פאַרגעס אויף אַ ווײַלע, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן, און עס ציט מיר צו איר דאָס האַרץ, און די נְשָׁמָה נאָגט, בענקט נאָך איר... נאָר דערמאָן איך מיך, און עס גײט מיך איבער דער כּוֹחַ־הַדָם, און אַ פײַער צינדט זיך אָן בײַ מיר אין האַרצן אויף איר און אויף אים און אויף דער גאַנ־צער וועלט און אויף זיך אַלײן, פאַרוואָס איך קאָן זיך נישט פאַרגעסן אויף קײן מינוט; פאַרוואָס זאָל איך זי נישט קאָנען אויסמעקן, אַרויס־רײַסן פונעם האַרצן? זי האָט דאָס דען בײַ מיר נישט פאַרדינט? דע־רויף טאָקע דאַרף טֵבִיֶה זײַן אַ ייִד שֶׁבִּיִד, כָּל יָמָיו פאַרשוואַרצט ווערן, אַקערן מיט דער נאָז די ערד, מְגַדֵל זײַן קינדער, בִּכְדֵי זײ זאָלן נאָכדעם נעמען מיט אײן מאָל און אָפּרײַסן זיך מיט גוואַלט, אָפּפאַלן, ווי אַ שיש־קע פונעם בוים, און פאַרטראָגן ווערן מיטן ווינט און מיטן רויך?... אָט, לְמָשָׁל, — אַזוי קלער איך מיר, — וואַקסט אַ בוים, אַ דעמב אין וואַלד, קומט צוגײן אַ גֶפֶש מיט אַ האַק, נעמט אָפּ אַ צווײַג און נאָך אַ צווײַג און נאָך אַ צווײַג — וואָס איז דער בוים אָן די צווײַגן, משטײנס געזאָגט? נעם שוין בעסער, דו בֶן־אָדָם, און האַק אונטער דעם בוים

אינגאנצן — און אַן עק לאָז דאָס האָבן. צו וואָס זאָל סטאַרטשען אַ נאַ־קעטער דעמב אין וואַלד ? ! ...

און אַזוי ווי איך טראַכט מיר אַזוי די דאָזיקע מַחשָבות, דערפיל איך פּלוצים, אַז מײַן פערדל האָט זיך אָפּגעשטעלט — סטאָפּ ! וואָס איז דאָס ? איך הייב אויף די אויגן, איך טו אַ קוק — חַוָה ! ... די אייגענע חַוָה, וואָס פריִער, נישט געמינערט אַ האָר, אפילו די מַלבושים נישט איבערגעביטן ! ... דאָס ערשטע, וואָס קומט מיר אױף די געדאַנקען — איז אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן און אַרומכאַפּן זי קושן ... נאָר באַלד טוט מיך צוריק אַ ציִ אַ געדאַנק : „טֶביָה ? וואָס ביסטו, אַ יִדענע ?" און איך טו אַ ציִ דאָס פערדל : „וויִאָ, שלים־מַזל !" — און נעם מיך רעכטס. איך טו אַ קוק — מײַנע אויך רעכטס, מאַכט עפּעס צו מיר מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט : „שטיי אַ ווײַלע, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן" ... און עס טוט זיך מיר אַ ריס־אָפּ אינעווייניק און אַ צופּ באַם האַרצן, און איך לאָז־אָפּ הענט און פּיס ; אָט־אָט טו איך אַ שפּרונג אַראָפּ פונעם וואָגן ! נאָר איך האַלט מיך אײַן, טו אַ ציִ דאָס פערדל און נעם מיך לינקס — מײַנע אויך לינקס, קוקט אױף מיר מְשונֶה־ווילד, דאָס פָּנים טויט ... וואָס טוט מען ? — טראַכט איך מיר. — זאָל איך בלײַבן שטיין, צי איך זאָל פאָרן ווײַטער ? און איידער איך קוק מיך נאָך אַרום — אהאַ, זי האַלט שוין דאָס פערדל באַם צוים און מאַכט צו מיר : „טאַטע ! זאָל איך שטאַרבן, אויב דו וועסט זיך רירן פונעם אָרט ! איך בעט דיך, הער מיך אויס פריִער, טאַטע־פאָטער !" ... „ע ! — טראַכט איך מיר. — ווילסט מיך נעמען מיט גוואַלט ? ניין, נְשָמָה מײַ־נע ! ווי באַלד אַזוי, איז אַ סִימָן, אַז דו קענסט נִיט דעם טאַטן דײַ־נעם" ... — און דאַווײַ שמײַסן דאָס פערדל אױף וואָס די וועלט שטייט. און מײַן פערדל פאָלגט, שפּרינגט, נאָר עס דרייט צוריק דעם קאָפּ, מאַכט בשעת־מעשה מיט די אויערן. „וויִאָ, זאָג איך צו דעם, אַ ל תְ ס תַ כ ל בְ קַ נ קַ ן — קוק נישט, חכם מײַנער, אַהין, וווּ מע דאַרף ניט" ... און אַליין, מיינט איר, ווילט זיך מיר ניט אויסדרייען דעם קאָפּ צוריק און אַ קוק טאָן, כאָטש איין קוק טאָן אַהין, אױף יענעם אָרט, וווּ זי איז שטיין געבליבן ? ... נאָר ניין, טֶביָה איז ניט קיין יִדענע. טביה ווייס, ווי אַזוי מען איז זיך נוֹהֵג מיטן שָטָן מְקַטְרֵג ...

בְקִיצוּר, איך וויל אײַך נישט מער, ווי זאָגט ער, מַאֲריך יָמִים זײַן, אָן עֲבֵירָה אײַער צײַט. אויב ס׳איז מיר באַשערט געווען חִבּוּט־הַקֶבֶר,

בין איך שוין געווים דערמיט אָפּגעקומען, און דעם טַעַם פון גֵיהִנֹום מיט כַּף־הַקֶלַע, מיט די אַלע איבעריקע געברענטע לײַדן, וואָס ווערן באַשריבן בײַ אונדז אין די הייליקע סְפָרים, פרעגט מיך, וועל איך אײַך זאָגן! דעם גאַנצן וועג, וואָס איך פֿאָר, ווײַזט מיר אויס, אַז זי לויפֿט מיר נאָכן וואָגן און שרײַט: „הער מיך אויס, טאַטע־פֿאָטער!"... און עס פּליט מיר דורך אַ געדאַנק: „טֵבִיָה! דו שטעלסט אַף זיך צופֿיל! וואָס וועט דיך אַרן, אַז דו וועסט זיך אָפּשטעלן אַף אַ ווײַלע, אויסהערן וואָס וויל זי? אֶפשָׁר האָט זי דיר צו זאָגן אַזעלכעס, וואָס דו דאַרפֿסט דאָס וויסן? אֶפשָׁר, אַ קַשְׁיָא אַף אַ מַעֲשֶׂה, האָט זי חֲרָטָה און וויל זיך אומקערן צוריק? אֶפשָׁר ליגט זי בײַ אים אין דער ערד און בעט בײַ דיר, דו זאָלסט איר העלפֿן אַרויס פון גֵיהִנֹום?... אֶפשָׁר און אֶפשָׁר און נאָך אַ סך אַזעלכע אֶפשָׁרס פּליִען מיר דורך אין קאָפּ, און זי שטעלט זיך מיר פֿאָר אַלס אַ קינד, און איך דערמאָן מיך אָנעם פָּסוּק „כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים" — נישטאָ קיין שלעכט קינד בײַ אַ טאַטן, און איך פּײַניק מיך, און איך זאָג אַף זיך אַליין, אַז איך בין אַ סְ ו ר לְ רַ חֵ ם — נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט מיך! וואָס? וואָס קאָכסטו, דו משוגענער עַקשן? וואָס טאַראַבאַנעסטו? נעם, דו אַכְזָר איינער, פֿאַרקערעווע דאָס וועגעלע צוריק און בעט זיך מיט איר איבער, זי איז דײַן קינד, נישט קיינעמס!... און עס קריכן מיר אין קאָפּ אַרײַן מְשוּנֶה־מאָדנע מַחשָׁבוֹת און געדאַנקען: וואָס איז דאָס אַזעלכעס ייִד און וואָס איז ניט ייִד?... און פֿאַרוואָס האָט גאָט באַשאַפֿן ייִדן און ניט־ייִדן?... און אַז גאָט האָט שוין יאָ באַשאַפֿן ייִדן און ניט־ייִדן, פֿאַרוואָס זשע זאָלן זיי זײַן אַזוי אָפּגעטיילט איינס פֿון דאָס אַנדערע, נישט קאָנען אָנקוקן איינס דאָס אַנדערע, גלײַך ווי דער איז פֿון גאָט און יענער איז ניט פֿון גאָט?... און עס פֿאַרדריסט מיך, לְמַאי איך בין נישט אַזוי קלאָר, ווי אַנדערע, אין סְפָרים און אין ביכער, איך זאָל קאָנען געפֿינען דערויף עפּעס אַ רעכטן תּירוּץ... און בְּכְדֵי זיך צעשלאָגן די רַעיוֹנוֹת, הייב איך אָן אַף אַ נִיגוּן: אַשרֵי יוֹשְׁבֵי בֵיתֶךָ עוֹד יְהַלְלוּךָ סֶלָה! איך דאַוון, הייסט דאָס, מִנחָה אַף אַ קוֹל און מיט אַ נִיגוּן, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. נאָר וואָס קומט אַרויס פֿונעם דאַוונען און פֿונעם זאָגן, אַז אינעווייניק אין האַרצן זינגט זיך אַן אַנדער נִיגוּן: „חַ ־ וָ ה! חַ ־ וָ ה! חַ ־ וָ ה!"... און וואָס איך זינג העכער דעם „אַשרֵי", זינגט זיך מיר „חַוָה" נאָך העכער, און וואָס מער איך וויל זי פֿאַרגעסן, אַזוי מער און אַזוי שאַרפֿער שטייט זי

מיר פאַר די אויגן, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך הער איר קול, ווי זי רופט צו מיר: „הער מיך אויס, טאַטע־פּאַטער!"... און איך פאַרשטעל מיר די אויערן, איך זאָל זי ניט הערן, און איך מאַך צו די אויגן, איך זאָל זי ניט זען, און איך זאָג די שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה און הער ניט, וואָס איך זאָג, און שלאָג זיך אָשַׁמְנוּ און ווייס ניט, פאַרוואָס, און מײַן לעבן איז צערודערט, און אַליין בין איך צערודערט, און זאָגן זאָג איך ניט קיינעם פון מײַן באַגעגעניש, און רייד נישט מיט קיינעם פון איר, און פרעג זיך ניט נאָך אַף איר בײַ קיינעם, כאָטש איך ווייס, איך ווייס גאַנץ גוט, וווּ זי איז און ווו ער איז און וואָס זיי טוען, נאָר אַ מַכָּה וועט בײַ מיר עמעצער וויסן. ניט דערלעבן וועלן דאָס מײַנע שׂוֹנְאִים, אַז איך זאָל מיך פאַר עמעצן באַקלאָגן. אָט אַזאַ מענטש איז טֵבְיֶה!...

איך וואָלט אַ פַּעֲלן געוועזן וויסן, צי אַלע מאַנצבילן זײַנען אַזוי, צי נאָר איך בין אַזאַ מְשוּגענער? אַ שטייגער, כּדוֹמֶה לְמָשָׁל, אַמאָל טרעפט זיך... איר וועט ניט לאַכן פון מיר? איך האָב מוֹרָא, איר וועט לאַכן פון מיר... אַמאָל טרעפט זיך, איך טו מיך אָן אין דער שַׁבְּתדיקער קאַפּאָטע, און לאָז מיך צו דער באַן, און בין שוין גרייט זיך אויפזעצן פאָרן אַהין, צו זיי, איך ווייס, ווו זיי זיצן... איך גיי צו צום קאַסיר און הייס מיר געבן אַ בילעט. פרעגט ער מיך: וווּהין? זאָג איך: קיין יעהופּעץ... זאָגט ער: אַזאַ שטאָט איז בײַ מיר נישט פאַראַן... זאָג איך: בין איך ניט שולדיק... און איך קער מיך אום צוריק אַהיים, טו אויס די שַׁבְּתדיקע קאַפּאָטע און נעם מיך צוריק צו דער אַרבעט, צום ביסל מילכיקס און צום פערד־און־וועגעלע, ווי שטייט דאָרטן: אִ י שׁ לְ פָ עֳ ל וֹ וְ אָ דָ ם לַ עֲ ב וֹ דָ ת וֹ — דער שנײַדער צו דער שער און דער שוסטער צום וואַרשטעט... איאַ, איר לאַכט פון מיר? וואָס האָב איך אײַך גע־זאָגט? איך ווייס אַפילו, וואָס איר טראַכט; איר טראַכט זיך: „אָט דער טֶביה איז טאַקע עפּעס נאָר אַ חוּשים!"... דערפאַר רעכן איך, אַז עַ ד כַּ א ן א וֹ מ ְ ר ִ י ם בְּ שַׁ בָּ ת הַ גָּ ד וֹ ל — ס'זאָל זײַן הײַנטיקס מאָל גענוג, הייסט עס... זײַט מיר געזונט און שטאַרק און שרײַבט בריוועלעך. נאָר לְמַעַן־הַשֵּׁם, ניט פאַרגעסן, וואָס כ'האָב אײַך גע־בעטן: אַז ס'זאָל זײַן פַּתַּח שִׁין שאַ, איך מיין, איר זאָלט ניט מאַכן דער־פון קיין ביכל. און אויב עס וועט אײַך אויסקומען שרײַבן, זאָלט איר שוין שרײַבן פון אַן אַנדערן, ניט פון מיר; אָן מיר פאַרגעסט, ווי אין פּסוק שטייט: וַ יִּ שְׁ כָּ חֵ ה וּ — אויס טֶבְיֶה דער מילכיקער!...

# שפּרינצע

— אײַך קומט אַ גרויסן, אַ ברייטן שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, פאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, — עֲלֵיכֶם וְעַל בְּנֵיכֶם! אַ שאָק מיט יאָרן, אַז מיר האָבן זיך ניט געזען! ווײ־ווײ, וויפל וואַסערן עס זײַנען אָפּגעלאָפן! וויפל אַנגסטן מיר ביידע און כָּל יִשְׂרָאֵל זײַנען אויסגעשטאַנען אין די עטלעכע יאָר: אַ קעשעניוו, אַ קאָנסטיטוציע, מיט פּאָגראָמען, מיט צָרוֹת, מיט שלעק — אָך טי רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם, גאָטעניו נאָש!... מיר איז נאָר אַ חִידוּשׁ אויף אײַך, האָט קיין פּאַריבל ניט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, איר זײַט דאָך נישט געררוקט אויף אַ האָר, קיין עַיִן־הָרָע, קיין עַיִן־הָרָע! טוט אָבער אַ קוק אויף מיר: הֲרֵי אֲנִי כְּבֶן שִׁבְעִים — איך בין נאָך ניט אַלט קיין זעכציק, און זעט, ווי ווײַס טֶבִיָה איז געוואָרן! ס׳אַ ווערטעלע צַעַר־גִידוּל־בָּנִים, וואָס מע האָט פון קינדער! און ווער האָט נאָך אַזויפיל צַעַר־גִידוּל־בָּנִים פון קינדער וויפל איך? מיך האָט געטראָפן אַ נײַער שלאַק מיט מײַנע אַ טאָכטער שפּרינצע, וואָס גייט איבער אַלע צָרוֹת, וואָס איך האָב ווען איבערגעהאַט ביז אַהער, און זעט, פונדעסטוועגן, גאָרנישט, מע לעבט, ווי שטייט דאָרטן: בְּעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה חַי — כאָטש ווער צעזעצט, שׁוֹנְאֵי־צִיּוֹן, זינגענדיק דאָס לידל:

**וואָס טויג מיר מײַן לעבן, וואָס טויג מיר מײַן וועלט,**
**אַז כ׳האָב נישט קיין מַזָל, אַז כ׳האָב נישט קיין געלט?...**

בקיצור, ווי אַזוי שטייט דאָרט אין פּרק: רָצָה הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא לְזַכּוֹת — גאָט האָט געוואָלט אַ טוֹבָה טאָן זײַנע יִידן, האָט מען אָנגעשיקט אויף אונדז אַן אומגליק, אַ צָרָה, אַ קאָנסטיטוציע! אײַ, אַ קאָנסטיטוציע! עס איז געקומען מיטאַמאָל אַ מְהוּמָה אויף אונדזערע נְגִידִים, אַ לויפעניש פון יעהופּעץ קיין אויסלאַנד, כְּלוֹמֶרשט אין די וואַרעמע בעדער, נערוון, זאַלץ־ביטלעך, נעבעטיקע טעג... און ווי באַלד מע צעפּאַרט זיך פון יעהופּעץ, איז בויבעריק מיט איר לופט און מיט איר וואַלד און מיט אירע דאַטשעס טיף־טיף אין דער ערד, ווי מיר זאָגן

אין בָּרוּך־שֶׁאָמַר: בָּ ר וּ ך מְ רַ חֵ ם עַ ל הָ אָ רֶ ץ... נאָר וואָס דען? ס'איז דאָך אָבער דאָ א גרויסער גאָט אַף דער וועלט, וואָס גיט אכטונג אַף זײַנע אָרעמע לײַט נעבעך, זיי זאָלן זיך נאָך אביסל מוטשען אַף דער וועלט. האָבן מיר געהאַט אַ זומער — אײַ־אײַ־אײַ! איז מען זיך צונויפגעלאָפן צו אונדז קיין בויבעריק פון אדעס, און פון ראַסטאָוו, און פון קאַטערינאָסלאַוו, און פון מאָהליוו, און פון קעשעניוו אַלְפֵי אֲלָפִים נְגִידִים, גְּבִירִים אַדִּירִים! אַפָּנִים, אַז דאָרט איז די „קאָסנעטער־ציע" נאָך שטאַרקער, ווי בײַ אונדז אין יעהופּעץ, וואָרעם מע לויפט, מע הערט ניט אויף צו לויפן. אַנִי, די קַשְׁיָא: וואָס לויפן זיי עפּעס צו אונדז? איז דער תְּירוּץ: לְמַאי אונדזערע לויפן צו זיי? ס'איז שוין בײַ אונדז געוואָרן, בָּרוּךְ־הַשֵּׁם, אַזאַ מִנְהָג, אַז עס קומט די צײַט, וואָס מע הייבט אָן ריידן פון פּאָגראָמען, הייבן יִדן אָן צו לויפן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, ווי אין פָּסוּק שטייט: וַ יִּ סְ עוּ וַ יַּ חֲ נוּ, וַ יַּ חֲ נוּ וַ יִּ סְ עוּ — איז די טײַטש: פאָר דו צו מיר, וועל איך פאָרן צו דיר... דערווײַל איז בויבעריק, וואָס אַרט אײַך, געוואָרן אַ כְּרַךְ, אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, ווײַבער און קינדער, און קינדער האָבן ליב פּיקן, און מילכיקס דאַרף מען, און ווו קריגט מען מילכיקס, אַז ניט בײַ טֶבְיֶהן? וואָס טויג אײַך, טֶבְיֶה איז אַרײַן אין דער מאָדע. פון אַלע זײַטן: טֶבְיֶה און טֶבְיֶה! רֶב טֶבְיֶה, אַהער! רֶב טֶבְיֶה, צו מיר! אַז גאָט וויל, וואָס פרעגט איר?

וַיְהִי הַיּוֹם, טרעפט זיך אַ מַעֲשֶׂה, עֶרֶב־שָׁבֻועוֹת איז דאָס געוועזן, קום איך צו פאָרן מיט אביסל מילכיקס צו איינער פון מײַנע קוּנֶהטעס, אַ יונ־גע אַלְמָנָה און אַ רײַכע פון קאַטערינעסלאַוו, וואָס איז געקומען צו פאָרן מיט איר זונדל, אַראַנטשיק הייסט ער, קיין בויבעריק אפן זומער; און דאָס פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז דאָס ערשטע באַקאַנטשאַפט אירס אין בויבעריק איז געווען מִסְתָּמָא מיט מיר. „מע האָט מיר גערעקאָ־מאַנדירט, זאָגט זי, די אַלְמָנָה הייסט דאָס, אַז בײַ אײַך איז דאָס בעסטע מילכיקס". „ווי קאָן דאָס זײַן אַנדערש? — זאָג איך צו איר, צו דער אַלְמָנָה, הייסט דאָס. — ניט אומזיסט, זאָג איך, זאָגט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ, אַז אַ גוטער נאָמען לאָזט זיך הערן, ווי אַ שׁוֹפָר, איבער דער גאַנצער וועלט, און אויב איר ווילט, זאָג איך, וועל איך אײַך דערציילן, וואָס עס זאָגט דערויף דער מְדְרָשׁ". שלאָגט זי מיך איבער, די אַלְמָנָה הייסט דאָס, און זאָגט צו מיר, אַז זי איז אַן אַלְמָנָה, און איז אין די זאַכן,

זאָגט זי, נישט געניט. זי ווייס ניט, מיט וואָס מען עסט דאָס... דער עיקר, זאָגט זי, אַז די פּוטער זאָל זײַן פריש, און דער קעז זאָל זײַן גע־שמאַק... נו, גייט רעדט מיט אַ נְקֵבָה!...

בְּקִיצוּר, איז האָב אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו דער קאַטערינעסלאַווער אַלְמָנָה, וואָס אַרט אײַך, צוויי מאָל אין דער וואָך; אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, פּינקטלעך, ווי אַ לוּחַ, אַראָפּגעטראָגן דאָס ביסל מילכיקס. גאָרנישט אָנגעפרעגט זיך, צי מע דאַרף, צי מע דאַרף ניט, געוואָרן בײַ איר אַ היימישער מענטש, ווי געוויינלעך, אָנגעהויבן זיך צוקוקן, ווי־אַזוי עס פירט זיך בײַ איר, אַרײַנגעשמעקט אין קיך אַרײַן, געזאָגט אַ פּאָר מאָל, וואָס איך האָב געפונען פאַר נייטיק צו זאָגן. דאָס ערשטע מאָל, געוויינלעך, געכאַפּט אַ פְּסַק פון דער דינסט, איך זאָל זיך ניט מישן, ניט אַרײַנקוקן אין פרעמדע טעפּ, דאָס אַנדערע מאָל האָט מען זיך צו מײַנע ווערטער צוגעהערט, און דאָס דריטע מאָל טאַקע געהאַלטן זיך מיט מיר אַן עֵצָה, וואָרעם זי האָט אַרויסגעזען, די אַלְמָנָה הייסט דאָס, ווער טֵביה איז. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי האָט מיר אַנטפּלעקט איר צָרָה, איר קרענק, איר אומגליק — אַראַנטשיק! סטײַטש, ער איז שוין אַ בָּחוּר פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, זאָגט זי, און ווייס נאָר פערדלעך, נאָר לאָסיפּעדן, נאָר כאַפּן פישלעך, און ווײַטער, זאָגט זי, ווייס ער גאָרנישט! ער וויל נישט הערן, זאָגט זי, פון געשעפט, פון געלט; ס'איז אים געבליבן פון זײַן טאַטן, זאָגט זי, אַ שיינע יְרוּשָׁה, כּמעט אַ מיליאָן, ער זאָל דאָס אַפילו, זאָגט זי, אַרײַנשמעקן! עס ווייס נאָר אויסברענגען, זאָגט זי, אַן אָפענע האַנט בײַ אים! „ווו איז ער, זאָג איך, דער בָּחוּר? איר גיט אים נאָר, זאָג איך, אַהער צו מיר, איך וועל מיך מיט אים אַביסל, זאָג איך, דורכשמועסן, אים זאָגן אַביסל מוּסָר, אַ פּאָר פְּסוּקים, ברענגען אַ מִדְרָש״... לאַכט זי: „ווייס איך וואָס, זאָגט זי, איר ברענגט אים בעסער אַ פערדל, ניט קיין מִדְרָש!״...

בְּתוֹך כַּך, אַזוי ווי מירריידן אַזוי, וַ יְ ה י ה ו א ה י ל ד — קומט אָן דער בָּחוּר, אַראַנטשיק הייסט דאָס, אַ בָּחוּרעץ אַ סאָסנע, אַ געזונטער יונגאַטש, בלוט און מילך, און אַ ברייטן פּאַס טראָגט ער, איך בעט איבער אײַער כָּבוֹד, אויף די הויזן, מיט אַ זייגערל אַרײַנגעשטעקט אָט דאָ אין גאַרטל, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל אַריבער די עלנבויגנס. „ווו ביסטו געוועזן?״ פרעגט אים די מוטער. „זיך געשיפט מיט אַ שיפל, זאָגט ער, געכאַפּט פיש״... „אַ שיינע עוֹבָדָה, זאָג איך, פאַר אַזאַ בָּחוּרל.

ווי איר; דאָרט אין דער היים וועט מען אײַך צעטראָגן, זאָג איך, די ביינער, און איר דאָ וועט כאַפּן פּישלעך!" איך טו אַ קוק אױף מײַן אַלְמָנָה — רויט ווי אַ צוויק, אַלערליי פאַרבן. זי האָט געווים גערעכנט, אַז איר בֵּן וועט מן הַסְתָּם אָננעמען מיך פאַרן קאָלנער בְּיַד חֲזָקָה אַחַת, און וועט מיר געבן בְּאותות וּבְמוֹפְתִים שְׁתַּיִם — צוויי פּעטש הייסט עס, און וועט מיך אַרויסוואַרפן כְּחֶרֶס הַנִּשְׁבָּר! בלאָטע! טֶבְיֶה האָט פאַר אַזעלכע זאַכן קיין מוֹרָא ניט! איך, אַז איך האָב עפּעס, זאָג איך!

כַּךְ הֲוָה. מײַן בָּחוּר, אַז ער האָט דערהערט פון מיר אַזעלכע דיבורים, איז ער נאָר אָפּגעטראָטן אַביסל, פאַרלייגט די הענט אַרונטער, מיך באַטראַכט פון סאַמע קאָפּ ביז צו די שפּיץ פיס, אַרויסגעלאָזט עפּעס אַ מאָדנעם פּײַף און האָט זיך פּלוצים אַזוי צעלאַכט, אַז מיר ביידע האָבן מוֹרָא געהאַט, צי איז דער בָּחוּר חָלִילָה ניט מְשוּגָע געוואָרן אױף אַ מינוט? און וואָס זאָל איך אײַך זאָגן — מיר זײַנען פון דעמאָלט אָן געוואָרן מיט אים חָבֵר, די בעסטע גוטע פרײַנט! איך מוז אײַך זאָגן: מיר איז דער בָּחוּר געפעלן וואָס ווײַטער אַלץ מערער; אַפילו אַ שאַרלאַט און אַן אויסברענגער, און אַ האַנט שוין צו אַן אָפּענע, און אַ שטיקל חוּשִׁים דערצו. למשל, באַגעגענען אַן אָרעמאַן, אַרײַנלייגן די האַנט אין קעשענע, אַרויסנעמען און אַוועקגעבן, נישט געציילט. ווער טוט עס?... אָדער אַראָפּנעמען פון זיך אַ גוטן פּאַליטאָ, אַ גאַנצן, אַ נײַעם, און אַוועקגעבן יענעם — אַז מע שמועסט אַ חוּשִׁימדיקער!... אַ גאָטס רַחֲמָנוּת געווען אױף דער מוטער! זי פּלעגט זיך מיר קלאָגן: וואָס טוט מען? און בעטן מיך, איך זאָל מיט אים אַביסל שמועסן. האָב איך איר צוליב געטאָן: וואָס וועל איך איר זשאַלעווען? עס קאָסט מיך געלט? און איך האָב מיך אַוועקגעזעצט און איך האָב אים דערציילט מַעֲשִׂיוֹת, געבראַכט מְשָׁלִים, געריבן פְּסוּקִים, געהאַקט מִדְרָשִׁים, אַזוי ווי טֶבְיֶה קאָן. און ער האָט דַווקאַ ליב געהאַט מיך אויסהערן, אויספרעגן, ווי:אַזוי איך לעב, ווי:אַזוי איך פיל מיך אינדערהיים? „איך וואָלט אַ בַּעלן געווען, זאָגט ער, זײַן בײַ אײַך, רֶב טֶבְיֶה!"... זאָג איך צו אים: „אַז מען איז אַ בַּעלן זײַן בײַ טֶבְיֶהן, נעמט מען, זאָג איך, און מע פאָרט זיך דורך אַמאָל צו מיר אין כוטאָר אַרײַן; איר האָט דאָך, זאָג איך, גענוג פערדלעך, מיט לאָסיפּעדן. פאַר נויט, זאָג איך, זײַט איר ניט קליין זיך דורכגיין מיט די רַגְלַיִם, ס'איז ניט ווײַט, זאָג איך, מע דאַרף נאָר דורכשנײַדן, זאָג איך, דעם וואַלד"... „ווען, זאָגט ער, זײַט איר אינדער-

היים?" „מיך קאָן מען טרעפֿן, זאָג איך, אינדערהיים נאָר שַׁבָּת, אָדער
יָום־טָוב. שאַט, זאָג איך, ווייסט איר וואָס? אָט האָבן מיר, אִם־יִרְצֶה־
הַשֵּׁם, איבעראַכטאָג פֿריַיטיק שָׁבוּעָות; אויב איר ווילט, זאָג איך, מאַכן
אַ שפּאַציר צו אונדז אין כוטאָר אַריַין, וועט איַיך מיַין וויַיב, זאָג איך,
מְכַבֵּד זיַין מיט מילכיקע בלינצעס אַזעלכע, אֲשֶׁר לֹא פִּלִינצו אֲבוֹתֵינוּ
בְּמִצְרַיִם!" פֿרעגט ער מיך: „וואָס הייסט דאָס? איר ווייסט דאָך,
זאָגט ער, אַז איך בין אַף פְּסוּקִים שוואַך"... „איך ווייס, זאָג איך,
אַז איר זיַיט שוואַך; איר זאָלט געווען, זאָג איך, לערנען אין חֶדֶר, אַזוי
ווי איך, וואָלט איר, זאָג איך, אויך געוווּסט מַה דְּקאָמְרֵי רֶבִּיצַן"...
לאַכט ער און מאַכט צו מיר: „גוט, איר האָט מיך, זאָגט ער, פֿאַר
אַ גאַסט; איך קום, זאָגט ער, צו איַיך, רֶב טֶבְיֶה, דעם ערשטן טאָג
שָׁבוּעָות, מיט אַ פּאָר באַקאַנטע, אַף בלינצעס. נאָר איר זאָלט זען, זיי
זאָלן זיַין, זאָגט ער, היים!" „אֵשׁ לֶהָבָה, זאָג איך, מִ ן הַ שָּׁ פָּ ה
וְ לַ ח ג ץ — פֿון דער סקאָווערדע גליַיך אין מויל אַריַין!"... און איך
קום צו פֿאָרן אַהיים און רוף מיך אָן צו מיַינער: „גאָלדע, זאָג איך,
מיר האָבן געסט אַף שָׁבוּעָות!" זאָגט זי: „מַזל־טָוב דיר, וועמען איז?"
זאָג איך: „דאָס וועסטו וויסן שפּעטער; דו גרייט נאָר צו אייער, זאָג
איך, קעז און פּוטער איז דאָ, בָּרוּך־הַשֵּׁם, גענוג; וועסט מאַכן בלינצעס,
זאָג איך, פֿאַר דריַי פֿאַרשוין, נאָר אַזעלכע פֿאַרשוינען, זאָג איך, וואָס
האַלטן פֿון דער אֲכִילָה און הייבן נישט אָן צו וויסן, זאָג איך, וואָס
רַשִׁ"י מאַכט"... „אַוַודַאי, זאָגט זי, שוין צוגעטשעפּעט זיך אַ שְׁלִים־
מַזָל פֿון הונגעריקן לאַנד?" „ביסט אַ בְּהֵמָה, זאָג איך, גאָלדע! ערשטנס,
וואָלט נישט געווען, זאָג איך, אַזאַ אומגליק, ווען מיר זאָלן חָלִילָה אָנ־
האָדעווען, זאָג איך, אַן אָרעמאַן מיט שָׁבוּעָותדיקע בלינצעס; וְהַשֵּׁנִית,
זאָג איך, זיַי וויסן, זוּגָתִי הַיְקָרָה, הַצְנוּעָה וְהַחֲסִידָה מָרַת גאָלדע שֶׁתִּחְיֶה,
אַז איינער פֿון אונדזערע שָׁבוּעָותדיקע געסט וועט זיַין דער אַלְמָנֶהס
זונדל, זאָג איך, אָט דער, וואָס מע רופֿט אים אַראָנטשיק, איך האָב
דיר דערציילט פֿון אים". „אויב אַזוי, זאָגט זי, איז עפּעס אַנדערש"...
דער כּוֹחַ פֿון מיליאָנען! אַפֿילו מיַין גאָלדע, אַז זי דערשמעקט געלט,
ווערט זי גאָר אַן אַנדער מענטש. ס'איז אַזאַ וועלט, וואָס זאָלט איר
קלערן? ווי שטייט דאָרטן אין הַלֵּל: כֶּ סֶ ף וְ זָ הָ ב מַ עֲ שֵׂ י יְ דֵ י
אָ דָ ם — געלט באַגראָבט אַ מענטשן...

בקיצור, ס'איז געקומען דער ליכטיקער גרינער יָום־טָוב שָׁבוּעָות, ווי

שיין, ווי גרין, ווי ליכטיק און ווארעם בא מיר אין כוטאָר איז, אַז עס קומט שָבוּעוֹת, באַדאַרף איך אײַך ניט דערציילן. דער גרעסטער גְבִיר בא אײַך וואָלט זיך ווינטשן האָבן אַזאַ בלויען הימל, מיט אַזאַ גרינעם וואַלד, מיט אַזעלכע שמעקנדיקע סאָסנעס, מיט אַזאַ מְחַיֶהדיקן גראָז, פּאַשע פאַר די בְּהֵמָהלעך, וואָס שטייען און קײַען און קוקן אײַך אין די אויגן אַרײַן, ווי איינער רעדט: „גיט אונדז נאָר אַלע מאָל אַזאַ גראָז, קיין מילך וועלן מיר אײַך ניט זשאַלעווען!"... ניין, זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט, גיט מיר די בעסטע פַּרְנָסָה, איך זאָל אַרויספאָרן פון דאָרף אין שטאָט אַרײַן, וועל איך מיך מיט אײַך ניט בײַטן. ווו האָט איר אין שטאָט אַזאַ הימל? ווי זאָגן מיר אין הַלֵל: הַשָׁמַיִם שָׁמַיִם לַה' — ס'איז אַ הימל פון גאָט!... אין שטאָט, אַז איר פאַררײַסט דעם קאָפּ, וואָס זעט איר? אַ מויער, אַ דאַך, אַ קוימען, אָבער ווו האָט איר דאָרט אַזאַ בוים? און טאָמער האָט זיך פאַרוואַלגערט ערגעץ בא אײַך אַ ביימעלע, האָט איר דעם אָנגעטאָן פון אויבן אַ קאַפּאָטע!... הַכְּלָל, זיי האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּוואונדערן, מײַנע געסט, אַז זיי זײַנען געקומען צו מיר שָבוּעוֹת אין כוטאָר אַרײַן. אָנגעקומען זײַנען זיי, אַלע פיר בָּחוּרִים, רײַטנדיק אַף פערדלעך, סוּסִים איינס און איינס! און ווער שמועסט אַראָנטשיק — איז געזעסן אַף אַ פערדל, זאָג איך אײַך, אַ סוס, אַן אמתער מערין! איר קויפט אים ניט פאַר קיין דרײַ הונדערט קאַרבן!

„בָּרוּךְ הַבָּא, געסט! — זאָג איך צו זיי. — לְכָבוֹד שָבוּעוֹת, זאָג איך, זײַט איר דאָס געקומען רײַטנדיק? נִישְקָשֶה, זאָג איך, טְבִיָה איז נישט פון די גרויסע צַדִיקִים, און אַז מע וועט אײַך, זאָג איך, אִם־יִרְצֶה־הַשֵׁם, שמײַסן אַף יענער וועלט, וועט מיר ניט ווי טאָן... עי, גאָלדע! זע נאָר, עס זאָלן זײַן פאַרטיק די בלינצעס, און לאָז מען, זאָג איך, אַרויס־טראָגן דעם טיש אַהערצו אין דרויסן אַרויס, איך האָב, זאָג איך, אין שטוב גאָרנישט וואָס צו ווײַזן פאַר די געסט... עי, שפּרינצע! טײַבל! ביילקע! ווו זײַט איר דאָרט? רירט זיך!"... אָט אַזוי קאָמאַנדעווע איך מיט די קינדער, און עס ווערט אַרויסגעטראָגן אַ טיש, מיט בענק־לעך, מיט אַ טישטעך, מיט טעלער, לעפלען, גאָפּלען, זאַלץ, — און טאַ־קע באַלד נאָך דעם קומט אָן גאָלדע מיט די בלינצעס, הייסע, זודיקע, פון דער סקאָווערדע, מְחַיֶהדיקע, פעטע, כְּצַפִּיחִית בִּדְבָש! און מײַנע אוֹרְחִים קאָנען זיך גאָרנישט אָפּלויבן פון די בלינצעס...

„וואָס שטייסטו, זאָג איך צו גאָלדען, נעם, זאָג איך, חַזֵר איבער

דעם פּסוק נאָכאַמאָל, ס'איז הײַנט, זאָג איך, שבֿועות, דאַרף מען, זאָג איך, זאָגן צוויי מאָל „אוֹדְךָ"! און מײַן גאָלדע פֿוילט זיך ניט, פּילט אָן דעם פּאָלומעסעק נאָכאַמאָל, און שפּרינצע דערלאַנגט די בלינצעס צום טיש. פּלוצים, איך טו אַ קוק אויף מײַן אַראַנטשיקן, איך זע, ער האָט זיך פֿאַרקוקט אויף מײַן שפּרינצען — ער לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פֿון איר! וואָס האָט ער אויף איר אַזעלכעס דערזען?... „עסט, זאָג איך צו אים, פֿאַרוואָס עסט איר נישט?"... מאַכט ער צו מיר: „וואָס דען טו איך?" „איר קוקט, זאָג איך, אויף מײַן שפּרינצען"... ווערט אַ געלעכטער, אַלע לאַכן, און מײַן שפּרינצע לאַכט אויך. און ס'איז אַלעמען פֿריילעך, אַלעמען גוט — אַ גוטער, אַ פֿריילעכער שבֿועות אויף אַלעמען!... גיי טרעף, אַז פֿון דער פֿריילעכקייט וועט זיך אויסלאָזן אַ צָרָה, אַ שלאַק, אַ יְלָלָה, אַ גאַנץ שטראָף אויף מײַן קאָפּ, פֿאַרוויסט און פֿאַרפֿינצטערט בין איך געוואָרן!... נאַר עט! אַ מענטש איז אַ נאַר! אַ מענטש אַ בר־דעת טאָר זיך ניט צולאָזן צום האַרצן און דאַרף פֿאַרשטיין, אַז אַזוי ווי עס איז, אַזוי באַדאַרף צו זײַן, וואָרעם ווען עס זאָל באַדאַרפֿן זײַן אַנדערש, וואָלט דאָך עס ניט געווען אַזוי ווי עס איז! זאָגן מיר דען ניט אין תּהילים: הַשְׁלֵךְ עַל ה' — פֿאַרלאָז דיך נאָר אויף גאָט, ער וועט שוין מאַכן אַזוי, אַז דו זאָלסט ליגן טיף, נײַן איילן אין דער ערד, און באַקן בייגל, און נאָך זאָגן: גם זו לְטוֹבָה! הערט, וואָס עס קאָן זיך פֿאַרלויפֿן אויף אַ וועלט, נאָר מיט קאָפּ, וואָרעם דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע מעשה.

וַיְהִי עֶרֶב וַיְהִי בֹקֶר — איינמאָל פֿאַרנאַכט קום איך צופֿאָרן אַהיים אַ צעבראָטענער פֿונעם טאָג און אָן אויסגעמוטשעטער פֿונעם אַרומלויפֿן איבער די דאַטשעס אין בויבעריק, טרעף איך בײַ מיר אין דרויסן בײַ דער שטוב צוגעצוימט צו דער טיר אַ באַקאַנט פֿערד, איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז ס'איז אַראַנטשיקס סוס, דער מערין, וואָס איך האָב אים דעמאָלט אָפּגעשאַצט אין דרײַ הונדערט קאַרבן. גיי איך צו צום סוס און דערלאַנג אים מיט איין האַנט אַ פּליאַסק פֿון הינטן און מיט דער אַנדערער האַנט אַ קראַץ פֿון פֿאָרנט אין האַלדז און אַ טרייסל איבער דער גריווע. „יְדִידִי, זאָג איך צו אים, שיינער בָּחוּר מײַנער! וואָס טוסטו דאָ?" דרייט ער אויס צו מיר די חנעוודיקע מאָרדע און טוט אַ קוק אויף מיר מיט די קלוגע אויגן, ווי איינער רעדט: „וואָס פֿרעגט איר מיך? פֿרעגט מײַן בעל־הַבַּיִת"... און איך קום אַרײַן אין שטוב

און טו אַ נעם מײַן װײַב: „זאָג מיר נאָר, גאָלדע קרוין, וואָס טוט דאָ אָראַנטשיק?" ענטפערט זי מיר: „פון וואַנען זאָל איך וויסן? ער איז דאָך פון דײַנע לײַט!" „ווו איז ער ערגעץ?" „ער איז, זאָגט זי, געגאַנגען מיט די קינדער אין װעלדל אַפּן שפּאַציר"... „וואָס איז פּלוצים גאָר פּאַר אַ שפּאַציר?" — זאָג איך צו מײַן װײַב און הייס מיר געבן עסן. אָפּגעגעסן, באַטראַכט איך מיך: „וואָס ביסטו, טביה, אַזוי אויפגעטראָגן? אַז אַ מענטש קומט צו דיר צו גאַסט, באַדאַרף מען זײַן אַזוי אָנגעדרודלט? אדרַבָּה"... און ווי איך טראַכט מיר אַזוי, איך טו אַ קוק — מײַנע מיידלעך גייען מיטן חֶברה־מאַן, האַלטן אָנגעריסענע קוויטן, פּרוּער גייען צוויי יונגערע, טײַבל און ביילקע, און הינטן — מײַן שפּרינצע מיט אַראַנטשיקן... „גוטן אָוונט!" „גוט יאָר!" מײַן אַראַנטשיק שטייט מיר עפּעס אַזוי מאָדנע, גלעט דאָס פערד, האַלט אַ גרעזל אין מויל און רופט זיך אָן צו מיר: „רֶב טֶבִיֶה! איך וויל מיט אײַך מאַכן אַ געשעפט, לאָמיר זיך בײַטן מיט די פערדלעך". „איר האָט נישט געפונען, זאָג איך, פון וועמען צו לאַכן?" מאַכט ער צו מיר: „ניין, איך מיין דאָס ערנסט". „אַזוי, זאָג איך, איר מיינט דאָס ערנסט? וויפל, למשל, קאָסט אײַער סוס?" „אין וויפל, זאָגט ער, שאַצט איר אים?" „איך שאַץ אים, זאָג איך, איך האָב מורא, אויב ניט דרײַ הונדערט קאַרבוינים, און אפשר מיט אַ סמיטשיק". צעלאַכט ער זיך און זאָגט, אַז ער קאָסט מער פון דרײַ מאָל אַזויפיל, און רופט זיך אָן צו מיר: „נו? מאַכן מיר אַ בײַט?" מיר איז דער שמועס ניט געפעלן: וואָס הייסט, ער וועט אויסבײַטן זײַן סוס אויף מײַן שלימ־מזל!... זאָג איך צו אים, אַז ער זאָל אָפּלייגן דאָס געשעפט אויף אַן אַנדערש מאָל, און איך פרעג אים אין אַ שפּאַס: צי איז ער טאַקע צוליב דעם געקומען? אויב אַזוי, איז אַן עֲבֵירָה, זאָג איך, די הוֹצָאוֹת... ענטפערט ער מיר גאַנץ ערנסט: „געקומען בין איך צו אײַך, אייגנטלעך, מכוח גאַן אַנדער זאַך; זײַט זיך מַטרִיחַ, אויב איר ווילט, וועלן מיר אַביסל שפּאַצירן". וואָס פאַר אַ שפּאַציר איז דאָס אויף אים אָנגעקומען? — טראַכט איך מיר, און לאָז מיך גיין מיט אים צום וועלדל צו. די זון האָט זיך לאַנג געזעצט, דאָס גרינע וועלדל זעט שוין אויס טונקל, די זשאַבעס פון דער גרעבליע קראַקען, און דאָס גראָז שמעקט מְחַיֶה נְפָשׁוֹת! אַראַנטשיק גייט און איך גיי, ער שווײַגט און איך שווײַג. נאָכדעם שטעלט ער זיך אָפּ, טוט אַ הוסט און מאַכט צו מיר: „רֶב טֶבִיֶה! ווי וואָלט איר, אַ שטייגער,

געזאָגט, ווען איך זאָל אײַך זאָגן, אַז איך האָב ליב אײַער שפּרינצע און אַז איך וויל זי נעמען פֿאַר אַ כּלה?״ „וואָס איך וואָלט געזאָגט? — זאָג איך. — איך וואָלט געזאָגט, אַז מע זאָל אַ משוגענעם אויסמעקן און אײַך אַרײַנשטעלן״... קוקט ער מיך אָן און מאַכט צו מיר: „וואָס הייסט?״ זאָג איך: „אָט דאָס הייסט!״... זאָגט ער: „איך פֿאַרשטיי אײַך ניט״. זאָג איך: „איז אַ סימן, אַז איר זײַט ניט איבעריק קלוג, ווי אין פּסוק, זאָג איך, שטייט: חָכָם עֵינָיו בְּרֹאשׁוֹ, דאָס מיינט: אַ קלוגן זאָגט מען אָפּן ווונק, אַ נאַר גיט מען מיטן שטעקן״... מאַכט ער צו מיר בּרוגזלעך: „איך רייד צו אײַך פּראָסט, און איר ענט־פֿערט מיר מיט חכמות און מיט פּסוקים!״ זאָג איך: „איטלעכער חזן זינגט אַזוי, ווי ער קאָן, און יעדער בעל־דרשן דרשנט פֿון זײַנעטוועגן; אויב איר ווילט וויסן, וואָס פֿאַר אַ בעל־דרשן איר זײַט, רעדט איבער פֿריִער מיט אײַער מוטער, זי וועט אײַך שוין, זאָג איך, קלאָר מאַכן אַקוראַט״... „האַלט איר מיך, זאָגט ער, אַפּנים, פֿאַר אַ יִינגעלע, וואָס דאַרף זיך אָנפֿרעגן בײַ דער מאַמען?״... „געוויס, זאָג איך, דאַרפֿט איר זיך אָנפֿרעגן בײַ דער מאַמע, און די מאַמע וועט אײַך געוויס זאָגן, אַז איר זײַט אַ הגשים, און וועט זײַן גערעכט״... „און וועט זײַן גע־רעכט?״ — מאַכט ער. „געוויס, זאָג איך, וועט זי זײַן גערעכט, וואָרעם וואָס פֿאַר אַ חתן זײַט איר, זאָג איך, פֿאַר מײַן שפּרינצען? וואָס פֿאַר אַ גלײַכן איז מײַן שפּרינצע צו אײַך? און דער עיקר, זאָג איך, וואָס פֿאַר אַ מחותּן בין איך מיט אײַער מוטער?״... „אויב אַזוי, מאַכט ער צו מיר, האָט איר שוין, רב טביה, אַ גרויסן טעות! איך בין נישט קיין יִינגעלע פֿון אַכצן יאָר, און זוך נישט קיין מחותּנים פֿאַר מײַן מוטער, און ווייס ווער איר זײַט, און ווער אײַער טאָכטער איז, און זי געפֿעלט מיר, און אַזוי וויל איך, און אַזוי וועט דאָס זײַן!״... „האָט קיין פֿאַריבל ניט, זאָג איך, וואָס איך שלאָג אײַך איבער; איך זע, זאָג איך, אַז מיט איין צד זײַט איר שוין פֿאַרטיק; זײַט איר, זאָג איך, באַוואָרנט אויך מיטן אַנדערן צד?״... זאָגט ער צו מיר: „איך ווייס ניט, וואָס איר מיינט״... זאָג איך: „איך מיין דאָס די טאָכטער מײַנע, שפּרינצען מיין איך, צי האָט איר שוין, זאָג איך, מיט איר עפּעס גערעדט, און וואָס, זאָג איך, זאָגט זי?״... ווערט ער אַזוי ווי באַליי־דיקט און מאַכט צו מיר מיט אַ שמייכל: „וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע איז דאָס? געוויס האָב איך, זאָגט ער, מיט איר גערעדט, און ניט איין מאָל —

עטלעכע מאָל, איך קום, זאָגט ער, אהער אַלע טאָג"... איר הערט, ער קומט אהער אַלע טאָג, און איך ווייס נישט!... „בְּהֵמָה בְּצוּרַת מענטש! באַדאַרף מען דאָך דיר געבן קײַען שטרוי, טֵבְיֶה! אַז דו וועסט זיך לאָזן אַזוי פירן אין באָד אַרײַן, וועט מען דאָך דיך קויפן און פאַרקויפן, דו פערדאַטש איינער!"... אַזוי טראַכט איך מיר און גיי מיט אַראָנטשיקן צוריק, און ער געזעגנט זיך אָפּ מיט מײַן חֶבְרֶה, כאַפּט זיך אַרויף אפן סוס, און הָלַך מֹשֶׁה מָרְדְכַי — מאַרש קיין בויבעריק...

אַצינד וועלן מיר, ווי זאָגט איר דאָס אין אײַערע ביכלעך, איבער־לאָזן דעם בֶּן־מֶלֶךְ און זיך נעמען צו דער בַּת־מַלְכָּה, צו שפּרינצען הייסט עס... „זאָג מיר, טאָכטער, וואָס איך וועל דיך פרעגן, זאָג איך: דער־צייל מיר נאָר, זאָג איך, וואָס דער אַראָנטשיק האָט מיט דיר אָפּגע־שמועסט מְכּוֹהַ אַזאַ זאַך, זאָג איך, גאָר אָן מײַן וויסן?"... ענטפערט עפּעס אָט דער בוים? אַזוי ענטפערט זי! געוואָרן רויטלעך, אַראָפּגע־לאָזט די אויגן, ווי אַ כַּלָּה, אָנגענומען אַ פולן מויל מיט וואַסער — און שאַ!... באַ! — טראַכט איך מיר. — ווילסט ניט ריידן איצט, וועסטו ריידן שפּעטער אַביסל... טֵבְיֶה איז ניט קיין יִדְענע; ער האָט צײַט! און איך וואַרט איבער אַ ווײַלע, ווי זאָגט מען, יָבוֹא יוֹמָה, און טשאַטעווע אויס די מינוט, וואָס איך בלײַב מיט איר אַליין, און רוף מיך אָן צו איר: „שפּרינצע, זאָג מיר, וואָס איך וועל דיך פרעגן: קענסטו אים כאָטש, אָט דעם אַראָנטשיקן?"... זאָגט זי: „געוויס קען איך אים"... „ווייסטו, זאָג איך, אַז ער איז אַ סווישטשון?"... פרעגט זי מיך: „וואָס הייסט דאָס אַ סווישטשון?" זאָג איך איר: „אַ פּוסט ניסל, וואָס סע פײַפט"... זאָגט זי: „האָסט אַ טָעוּת, אַרנאָלד איז אַ גוטער מענטש"... „ער הייסט שוין, זאָג איך, באַ דיר אַרנאָלד, ניט אַראָנ־טשיק דער שאַרלאַטאַן?" זאָגט זי: „אַרנאָלד איז ניט קיין שאַרלאַטאַן, אַרנאָלד האָט אַ גוט האַרץ; אַרנאָלד, זאָגט זי, געפינט זיך אין אַ שטוב פון פּאַרדאָרבענע מענטשן, זאָגט זי, וואָס ווייסן נאָר געלט און געלט"... „אַזוי, זאָג איך, ביסטו שוין, שפּרינצע, אויך געוואָרן אַן אויפגעקלערטע פילאָזאָפקע און האָסט שוין אויך פײַנט געקריגן געלט?"...

בקיצור, איך זע אַרויס פון דעם שמועס, אַז עס האַלט שוין באַ זיי ווײַטלעך, און כאַפּן צוריק איז שוין אַביסל צו שפּעט, וואָרעם איך קען מײַנע לײַט. טֵבְיֶהס טעכטער, האָב איך אײַך געזאָגט שוין אַמאָל, ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, אַז זיי קלעפּן זיך אײַן אין אַ מענטשן, איז

מיטן גאַנצן לעבן, מיטן חיות, מיט דער נשמה! און איך טראַכט מיר: „שוטה! למאי זאָלסטו וועלן זײַן, טביה, מער חכם פון דער גאַנצער וועלט? אפשר איז דאָס אַ גאָטס זאַך? אפשר איז דאָס באַשערט, אַז דווקא דורך אָט דער שטילינקער שפּרינצע זאָלסטו געהאָלפן ווערן, באַלוינט ווערן פאַר אַלע דײַנע קלעפּ און ווייטיקן, וואָס דו האָסט ביז אַהער איבערגעטראָגן, האָבן אַ גוטע עלטער, און אויך וויסן אַמאָל פון אַ לעבן אויף דער וועלט? אפשר איז דיר באַשערט האָבן אַ טאָכטער אַ מיליאָנשטשיצע? וואָס איז? סע שטייט דיר ניט אָן?... ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז טביה דאַרף זײַן אייביק אַ קבצן, אייביק אַרומשלעפּן זיך מיטן פערדל און מיט קעז און פּוטער צוליב די יעהופּעצער נגידים, זיי זאָלן האָבן וואָס צו פרעסן? ווער ווייס, אפשר איז מיר אָנגעצייכנט געוואָרן פון אויבן, אַז איך זאָל אויף דער עלטער עפּעס מתקן זײַן אויף דער וועלט, ווערן אַ בעל־צדקה און אַ בעל־מכניס־אורח, און אפשר גאָר אַוועקזעצן זיך מיט יידן לומדים און לערנען תורה?"... וכדומה אַזעלכע רײַכע, גאָלדענע מחשבות קריכן אין קאָפּ אַרײַן, ווי אין „יהי כבוד" שטייט געשריבן: ר ב ו ת מ ח ש ב ו ת ב ל ב א י ש — זאָגט אַ גוי, להבדיל: „דוריען דומקאיו באַגאַטיעעט!"... און איך קום אַרײַן אין שטוב אַרײַן און איך נעם אַוועק מײַן אַלטע און מאַך מיט איר אַ שמועס: „וואָס וואָלט זײַן, כּדומה למשל, זאָג איך, ווען אונדזער שפּרינצע זאָל זײַן אַ מיליאָנשטשיצע?" פרעגט זי מיך: „וואָס הייסט דאָס אַ מיליאָנשטשיצע?" זאָג איך: „אַ מיליאָנשטשיצע הייסט אַ מיליאָנשטשיקס אַ ווײַב"... פרעגט זי מיך: „וואָס הייסט אַ מיליאָנשטשיק?" זאָג איך איר: „אַ מיליאָנשטשיק הייסט אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט אַ מיליאָן"... פרעגט זי מיך: „וויפל איז דאָס אַ מיליאָן?" זאָג איך: „אַז דו ביסט אַ בהמה און ווייסט ניט, וויפל איז אַ מיליאָן, הײַנט וואָס האָב איך מיט דיר וואָס צו ריידן?"... זאָגט זי: „ווער בעט דיך, זאָלסט ריידן?" — איז זי אויך גערעכט.

בקיצור, עס גייט אַוועק אַ טאָג, איך קום צו פאָרן אַהיים: „געווען אַראָנטשיק?" — ניין, נישט געווען... עס גייט אַוועק נאָך אַ טאָג: „געווען דער בחור?" — ניין, נישט געווען... איך זאָל אַרײַנגיין צו דער אלמנה מיט אַן אויסרייד, פּאַסט מיר ניט; איך וויל ניט, אַז זי זאָל מיינען, אַז טביה שלאָגט זיך נאָכן שידוך... און אַגב האָב איך געפילט, אַז איר באַדאַרף עס זײַן כּ ש ו ש נ ה ב י ן ה ח ו ח י ם

— ווי א פינפטער ראָד צום וואָגן. הַגַם איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס? באשר איך האָב ניט קיין מיליאָן? האָב איך דאָך איצטער א מְחוּתֶּנְתְּטע א מיליאָנשטשיצע! און זי וועמען האָט פאַר א מְחוּתּן? — א יִידן אַן אָרעמאַן, א קַבצן, א טֶביה דעם מילכיקן; הײנט ווער איז מער יִחוּס, איך צי זי?... איך וועל אײַך זאָגן דעם ריינעם אֶמֶת, איך האָב אָנגע־הויבן וועלן דעם שִידוּך, נישט אַזוי צוליב דעם שִידוּך, ווי צוליב נִצָחון אַליין. „א רוּחַ אין זייער פאָטער און מוטער אַרײַן, די יעהופּעצער גְבִיר־רים, לאָזן זיי וויסן, ווער טֶביה איז!... ביז אהער האָט מען מער ניט געהערט נאָר בראָצקי און בראָצקי, גלײַך ווי די איבעריקע זײַנען גאָר קיין מענטשן ניט!”...

אַזוי טראַכט איך מיר, פאָרנדיק אהיים פון בויבעריק, און קום אהיים, גייט מיר מײַנע אַקעגן מיט א גְדוּלָה: „א שָלִיחַ, אַן עָרל איז נאָרוואָס געווען פון בויבעריק, פון דער אַלְמָנָה, זאָלסט לְמַעַן־הַשֵם באַלד קומען צופאָרן אהין, עס מעג זײַן אַפּ דער נאַכט, זאָלסטו שפּאַנען דאָס פערדל און קומען צופאָרן, מע דאַרף דיך דאָרט זייער נייטיק האָבן!”... „וואָס האָט זיי, זאָג איך, אַזוי אָנגעשפּאַרט? וואָס האָבן זיי, זאָג איך, אַזוי קיין צײַט ניט?” און איך כאַפּ א קוק אַפּ מײַן שפּרינצען — זי שווײַגט, נאָר די אויגן אירע ריידן, אוי, ריידן זיי! קיינער פאַרשטייט ניט איר האַרץ, אַזוי ווי איך... איך האָב די גאַנצע צײַט מוֹרָא געהאַט, א קַשְיָא אַפּ א מַעֲשֶה, טאָמער לאָזט זיך אויס דערפון א בוידעם, האָב איך אַפּ אים, אַפּ דעם אַראַנטשיקן, אויסגערעדט וואָס איך האָב געקאָנט, אַז ער איז אַזוי, און ער איז אַזוי — איך האָב אָבער געזען, אַז ס'איז אַן אַרבעס אין וואַנט, מײַן שפּרינצע גייט אויס ווי א ליכט. האָב איך אײַנגעשפּאַנט צוריק מײַן פערד־און־וועגעלע און האָב מיך געלאָזט שוין פאַרנאַכטלעך קיין בויבעריק. פאָרנדיק אַזוי, טראַכט איך מיר: „וואָס קאָנען זיי מיך רופן מיט אַזא מין איַמפּעט? וועגן א וואָרט? וועגן א קְנַס־מאָל? וואָלט ער דאָך געקאָנט קומען צו מיר, דאַכט זיך, דערווײַל בין איך דער אֲבִי הַכַּלָה!” און איך אַליין צעלאַך מיך פון דעם געדאַנק: ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אין דער וועלט, אַז דער נָגִיד זאָל גיין צום קַבצן? סײַדן ס'זאָל שוין ווערן עק וועלט, מָשִיחַס צײַטן, אַזוי ווי די יונגע לײַטלעך, די ווײַסע־חֶבְרֶהניקעס, ווילן מיך אײַנריידן, אַז באַלד וועט קומען א צײַט, וואָס דער נָגִיד מיטן קַבצן וועלן זײַן גלײַך, שְלִי

שָלְךָ, שֶלְךָ שֶלִי, מײַנס דײַנס, דײַנס מײַנס, הֶפקֵר ציבעלעס! דאכט זיך, אַ קלוגע וועלט — און אַזעלכע בְּהֵמוֹת! עד־עד־עד!...

מיט די דאָזיקע געדאַנקען בין איך אָנגעקומען קיין בױבעריק און פֿאַרפֿאָרן גלײַך אױף דער דאַטשע צו דער אַלְמָנָה, אױפֿגעװעקט דאָס פֿערדל, — װוּ איז די אַלְמָנָה? נישטאָ קײן אַלְמָנָה! װוּ איז דער בָּחוּר? — נישטאָ קײן בָּחוּר! װער־זשע האָט מיך גערופֿן? „איך האָב אײַך גערופֿן!" — מאַכט צו מיר אַ קײלעכיק געפּאַקט ייִדל מיט אַן אױסגע־פֿליקט בערדל און מיט אַ גראָבער גאָלדענער קײט אױפֿן בײַכל. „װער־זשע, זאָג איך, זײַט איר?" זאָגט ער: „איך בין דער אַלְמָנָהס אַ ברו־דער און אַראָנטשיקס אַ פֿעטער... מע האָט מיך, זאָגט ער, אַרױסגע־רופֿן מיט אַ דעפּעש פֿון קאַטערינעסלאַװ, און איך בין נאָרװאָס געקומען צופֿאָרן"... „װי באַלד אַזױ, נאָט־זשע אײַך אַ שָלוֹם", — זאָג איך און זעץ מיך אַװעק. דערזען, אַז איך האָב מיך אַװעקגעזעצט, מאַכט ער צו מיר: „זיצט". זאָג איך: „אַ דאַנק, איך זיץ שױן. װאָס־זשע מאַכט איר, זאָג איך, װיאַזױ איז באַ אײַך, זאָג איך, די קאָנסטיטוציע?" ענט־פֿערט ער מיר דערױף גאָרנישט ניט, צעלײגט זיך אױף אַ װיגשטול, די הענט אין די קעשענעס, שטעלט אַרױס די גאָלדענע קײט מיטן בײַכל און מאַכט צו מיר בָּזֶה הַלָשוֹן: „אײַך רופֿט מען, דאַכט זיך, טֵבְיֶה?"... „יאָ, זאָג איך, צו דער תּוֹרָה, אַז מע רופֿט מיך אױף, רופֿט מען מיך אױף: „יעמוד ר' ב טֵבְיֶה בְּרַב שְנֵיאוֹר זַלְמָן"... „הערט אױס, מאַכט ער צו מיר, רב טֵבְיֶה, װאָס איך װעל אײַך זאָגן. װאָס טױג אונדז לאַנגע דִיבּוּרִים? לאָמיר, זאָגט ער, גײן גלײַך צום ענין, געשעפֿט הײסט עס"... „מַהֲכֹתְיָתֶי, זאָג איך, שְלֹמֹה הַמֶלֶך האָט שױן לאַנג געזאָגט: לַכֹּל זְמַן — װען מע דאַרף רײדן געשעפֿט, איז געשעפֿט... איך בין, זאָג איך, אַ געשעפֿטסמאַן"... „דאָס זעט מען, זאָגט ער, אַז איר זײַט אַ גע־שעפֿטסמאַן, דערפֿאַר װיל איך טאַקע מיט אײַך רײדן סוֹחריש; איך װיל, איר זאָלט מיר זאָגן, אָבער אָפֿן געשמועסט, װיפֿל װעט דאָס אונדז קאָסטן אַרום און אַרום?... אָבער אָפֿן געשמועסט!"... „אױב, זאָג איך, אָפֿן געשמועסט, װײס איך ניט, װאָס איר רעדט"... „רב טֵבְיֶה! — מאַכט ער צו מיר נאָכאַמאָל און װיל נישט אַרױסנעמען די הענט פֿון די קע־שענעס. — איך פֿרעג אײַך, זאָגט ער, װיפֿל װעט אונדז קאָסטן אַרום און אַרום די חַתוּנָה?" „עס װענדט זיך, זאָג איך, װאָס פֿאַר אַ חַתוּנָה איר מײנט? אױב איר מײנט אַ גרױסאַרטיקע חַתוּנָה, װי אײַך שטײט

אַז, בין איך, זאָג איך, ניט אימשטאַנד"... שטעלט ער אָן אַף מיר אַ פּאָר עֵינַיִם און מאַכט צו מיר אַזוי: „אָדער איר מאַכט זיך תְּמעוואַטע, אָדער איר זײַט טאַקע אַ תָּם... כאָטש אַפילו, זאָגט ער, איר זעט ניט אויס פון קיין תָּם, וואָרעם איר זאָלט זײַן, זאָגט ער, אַ תָּם, וואָלט איר ניט אַרײַנגעשלעפּט, זאָגט ער, מײַן פּלימעניק אין אַ בלאָטע, אים פּאַר־בעטן צו זיך פּלוֹמְרשט אַף שָׁבוּעוֹתדיקע בלינצעס, אים אונטערגעשטעלט דאָרט אַ שײנע מיידל, צי יאָ אַ טאָכטער, צי ניט קיין טאָכטער, איך גיי ניט אַרײַן, זאָגט ער, אַזוי ווײַט, און זי האָט זיך אים פּאַרליובעט, זאָגט ער, דאָס הייסט, זי איז אים געפעלן, נו, און ער איר אַוַודאי, פון דעם, זאָגט ער, רעדט מען ניט, איך וועל אײַך ניט זאָגן, זאָגט ער, עס קאָן זײַן, זי איז אַן אָרנטלעך קינד און מיינט דאָס נעבעך ערנסט, איך גיי נישט אַזוי ווײַט... איר טאָרט אָבער ניט פאַרגעסן, זאָגט ער, ווער א י ר זײַט און ווער מ י ר זײַנען? איר זײַט דאָך, זאָגט ער, אַ ייִד אַ בַּר־דַעַת, ווי קאָנט איר, זאָגט ער, גאָר דערלאָזן אַזעלכעס, אַז טֶבְיֶה דער מילכיקער, וואָס פירט אונדז קעז און פּוטער, זאָל ער זײַן אונדזער מְחוּתּן?... אַנו, זיי האָבן זיך, זאָגט ער, געגעבן איינס דאָס אַנדערע דאָס וואָרט? וועלן זיי דאָס נעמען צוריק! קיין גרויס אומגליק, זאָגט ער, שטייט ניט דערבײַ. טאָמער דאַרף עפּעס קאָסטן, זאָגט ער, זי זאָל אים אַרויסלאָזן פון וואָרט, מַהַכְתִּיתִי, מיר האָבן, זאָגט ער, גאָרנישט קעגן דעם. אַ מיידל איז נישט קיין בָּחוּר, זאָגט ער. צי אַ טאָכטער, צי ניט קיין טאָכטער, זאָגט ער, איך וויל גאָר אַזוי ווײַט נישט אַרײַנגיין", זאָגט ער... „רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם! — טראַכט איך מיר — וואָס וויל דער ייִד?"... און ער הערט נישט אויף צו ריידן איבער מײַן קאָפּ: איך זאָל גאָר ניט דענקען, זאָגט ער, טאָמער וועט מיר געראָטן מאַכן אַ סקאַנ־דאַל, אויספּויקן אומעטום, אַז זײַן פּלימעניק, זאָגט ער, האָט זיך גע־יַשדכנט צו טֶבְיֶה דעם מילכיקנס טאָכטער... און איך זאָל זיך אַרויס־שלאָגן פונעם קאָפּ, זאָגט ער, אַז זײַן שוועסטער איז אַ מענטש, וואָס קאַטאָרע מע קאָן פון איר פּאָמפּען געלט... מיט גוטן, זאָגט ער, מַהַכְ־תִּיתִי, קאָן מען, זאָגט ער, נעמען בײַ איר עטלעכע קערבלעך; עלעהיי, זאָגט ער, אַ נְדָבֶה... מען איז דאָך, זאָגט ער, מענטשן, וואָס קאַטאָרע, מע דאַרף אַמאָל אויסהעלפן אַ מענטשן...

בְּקִיצוּר, איר ווילט וויסן, וואָס איך האָב אים געענטפערט? איך האָב אים, אַז אַך און ווי איז מיר, גאָרנישט געענטפערט. ס'איז מיר

געווען, ווי זאָגט איר, תּדבק לשוני — עס האָט מיר ווי אָפּגע־נומען דאָס לשון! איך האָב זיך אויפגעהויבן, זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער טיר — און נישטאָ מיך!... ווי פון אַ שׂרפֿה האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט, ווי פון אַ טורמע!... עס האָט מיר געזשומעט אין קאָפּ, געשעמערירט אין די אויגן און געטורקעט אין די אויערן די ווער־טער פון דעם ייִדן: „אָפּן געשמועסט"... „אַ טאָכטער, ניט קיין טאָכ־טער"... „אַן אַלמנה אַף צו פּאַמפּען"... „עלעהיי אַ נדבה"... און בין צוגעגאַנגען צו מײַן פערד־און־וועגעלע, אַרײַנגעלייגט דאָס פּנים אין ברישטשקע אַרײַן און — איר וועט ניט לאַכן פון מיר? — אַז איך האָב מיך צעוויינט, האָב איך געוויינט און געוויינט! און אַז איך האָב מיך גוט אויסגעוויינט און געזעסן אַף דער ברישטשקע און אײַנגעטיילט מײַן פערדל נעבעך וויפל ס'איז אין אים אַרײַן, האָב איך ערשט דעמאָלט געפרעגט באַ גאָט אַ קשיא, אַזוי ווי איוב האָט אַמאָל געפרעגט: וואָס האָסטו, גאָטעניו, אַזעלכעס דערזען אין דעם אַלטן איובן, וואָס דו לאָזט אים ניט אָפּ אַף קיין מינוט? ס'איז שוין מער ניטאָ קיין ייִדן אַף דער וועלט? און איך קום צו פאָרן אַהיים, טרעף איך מײַן כאַליאַסטרע, קיין עין־הרע, פרייליך. מען עסט וועטשערע, נאָר איין שפּרינצע איז נישטאָ. „ווו איז שפּרינצע?" — פרעג איך. „וואָס הערט זיך, זאָגן זיי מיר, וואָס האָט מען דיך גערופן?" זאָג איך נאָכאַמאָל: „ווו איז שפּרינצע?"... ענטפערן זיי מיר נאָכאַמאָל: „וואָס הערט זיך?"... זאָג איך: „גאָר־ניט, וואָס זאָל זיך הערן? ס'איז, דאַנקען גאָט, שטיל, פון פּאַגראָמען הערט מען ניט"... באַ די ווערטער קומט אָן שפּרינצע, טוט מיר אַ קוק אין די אויגן אַרײַן, זעצט זיך אַוועק צום טיש, גלײַך ווי ניט זי מיינט מען, ניט פון איר רעדט מען... אָפּן פּנים באַ איר קאָן מען נישט דער־קענען גאָרנישט, נאָר דאָס שטילקייט אירס איז שוין צופיל, הגיע לדרך הטבע... הײַנט געפעלט מיר ניט דאָס זיצן אירס פאַרטראַכט און דאָס פאָלגן איר, וואָס מע הייסט איר; זאָגט מען איר: זיץ — זיצט זי; זאָגט מען איר: עס — עסט זי; הייסט מען איר גיין — גייט זי; און אַז מע טוט זי אַ רוף, טוט זי זיך אַ וואָרף... איך קוק אַף איר, און עס פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ, און עס ברענט אין מיר אַ פײַער — אַף וועמען ווייס איך ניט... אָך טי רבונו־של־עולם, אלהינו נאַש! פאַרוואָס שטראָפסטו מיך אַזוי, פאַר וועמענס זינד?!

בקיצור, איר ווילט וויסן דעם סוף? אַזאַ סוף וויל איך ניט ווינטשן

דעם ערגסטן שונא, און מע טאָר עס גאָר ניט ווינטשן, וואָרעם די קְלָלָה פון קינדער איז די ערגסטע קְלָלָה פון דער תּוֹכָחָה! פון וואַנען וויים איך, אַז מיך האָט עמעצער נישט פאַרשאָלטן מיט קינדער? איר גלייבט ניט אין די זאַכן? וואָס־זשע דען איז דאָס? אדרבּה, לאָמיר האָרכן פון אײַך... נאָר צו וואָס נוצן אונדז חקירות? אָמער, הערט דעם סוף, וואָס איך וועל אײַך דערציילן. איינמאָל פאַרנאַכט פאָר איך אַהיים פון בוי־בעריק מיט אַ גוט האַרץ: באַרעכנט נאָר דעם פאַרדראָס, דעם בִּזָיוֹן; הײַנט דעם רַחֲמָנוּת פון קינד!... און די אַלְמָנָה, וועט איר פרעגן? און דער זון? — ווער מיר אַלְמָנָה? וואָס מיר זון? אָוועקגעפאָרן און אַפילו זיך ניט געזעגנט! ס'איז אַ בּוּשָׁה אויסצוזאָגן: ס'איז געבליבן שטיין בײַ מיר אויף זיי אַ שטיקל חוב פאַר קעז און פּוטער... נאָר איך רייד נישט פון דעם, מִסְתָּמָא האָבן זיי פאַרגעסן... איך רייד פונעם געזעגענען זיך: אָוועקגעפאָרן און אַפילו זיך ניט געזעגנט!... וואָס דאָס קינד נעבעך האָט איבערגעטראָגן — דאָס האָט ניט געוווּסט קיין בן־אָדָם, אַחוץ מיר, וואָרעם איך בין אַ טאַטע, אַ טאַטנס האַרץ פילט... טאָמער מיינט איר, אַז זי האָט מיר געזאָגט אַפילו אַ חֲצִי דִיבּוּר? באַ־קלאָגט זיך? אָדער געוויינט אַמאָל? ע! קענט איר דאָך ניט טֶבִיֶהס טעכטער! שטיל, אין זיך, אײַנגעגאַנגען, געצאַנקט ווי אַ ליכט! ווען־ניט־ווען אַרויסגעכאַפּט זיך מיט אַ זיפץ, נאָר אַזאַ מין זיפץ, וואָס רײַסט אַרויס אַט אַזאַ שטיק האַרץ! הַכְּלָל, פאָר איך מיר אַזוי מיט מײַן פערדל אַהיים, פאַרטיפט אין טרויעריקע מַחֲשָׁבוֹת און געדאַנקען, פרעג קֻשְׁיוֹת באַם רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם און ענטפער מיר אַליין. און עס אַרט מיך שוין ניט אַזוי אויף גאָט — מיט גאָט האָב איך מיך שוין ווי עס איז איבער־געבעטן; מיך אַרט אויף מענטשן: לָמאַי זאָלן מענטשן זײַן אַזוי שלעכט, אַז זיי קאָנען זײַן גוט? פאַרוואָס זאָלן מענטשן פאַרביטערן דאָס לעבן אי יענעם, אי זיך, אַז זיי האָבן בְּיָד לעבן זיס און גליקלעך? געשיקט זיך עס, אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן צוליב דעם, ער זאָל אָפּקער־מען אויף דער וועלט?... וואָס האָט דאָס אים גענוצט?... מיט אַזעלכע געדאַנקען פאָר איך אַרײַן צו מיר אין כוטאָר אַרײַן, און דערזע פון דער־ווײַטן, בײַ דער גרעבליע, איז אָן אָנגעלויף פון מענטשן, גויִים, גויעס, שִׁיקסעס, שְׁקָצִים און קליינע שְׁקָצִימלעך אָן אַ שִׁיעוּר. וואָס קאָן דאָס זײַן? קיין שְׂרֵפָה ניט; מִסְתָּמָא אַ דערטרונקענער, עמעצער האָט זיך געבאָדן בײַ דער גרעבליע און געפונען דעם טויט. קיינער וויים ניט, ווו

דער מַלְאַך־הַמָוֶת וואַרט אַף אים, ווי מיר זאָגן אין „וּנְתַנֶה תּוֹקֶף“... פלוצים זע איך מײַן גאָלדע לויפט, די שאַל צעלאָזט, די הענט אַרויס־געשטעלט אַף צופרײַער, און פאַר איר מײַנע קינדער, טײַבל און ביילקע, און אַלע דרײַ מיט אַ געשריי, מיט אַ יְלָלָה, מיט אַ יאָמער: טאַטעטער! שוועסטער! שפרינגצע!״... אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם וואָגן, ווייס איך ניט, וויאַזוי איך בין ניט צעשפּרונגען געוואָרן, און אַז איך בין צו־געלאָפן צום טײַך, איז שוין געווען נאָך אַלע הַיוֹמס...

— — — — — — — — — — — — — — —

וואָס האָב איך אײַך געוואָלט פרעגן?... יאָ! האָט איר געזען ווען אַ געטרונקענעם? קיינמאָל נישט?... אַ מענטש, אַז ער שטאַרבט, שטאַרבט ער מייסטענטיילס מיט צוגעמאַכטע אויגן... בײַ אַ געטרונ־קענעם זײַנען די אויגן אָפן — ווייסט איר נישט דעם שֵׂכֶל, פאַרוואָס דאָס איז?... האָט קיין פאַריבל נישט, איך האָב בײַ אײַך צוגענומען צײַט, און אַליין איז מען אויך געבונדן: מע דאַרף גיין צום פערדל און מע מוז צעפירן דאָס ביסל סְחוֹרָה. די וועלט איז אויך אַ וועלט. מע מוז אין זינען האָבן אַ קערבל אויך — און פאַרגעסן וואָס ס'איז געווען. וואָרעם דאָס, וואָס די ערד דעקט צו, מוז, זאָגט מען, פאַרגעסן ווערן, און אַז מען איז אַ לעבעדיקער מענטש, קאָן מען די נְשָׁמָה ניט אויס־שפּײַען. עס העלפט ניט קיין חָכְמוֹת, און מיר מוזן זיך אומקערן צוריק צום אַלטן פָּסוּק, אַז כָּל זְמַן שֶׁהַנְשָׁמָה בְּקִרְבִּי, איז פאָר יועטער, טֶבְיֶה!... זײַט מיר געזונט, און אַז איר וועט מיך דערמאָנען, זאָלט איר מיך ניט דערמאָנען צו בייזן.

# טֶבְיֶה פֿאָרט קיין אֶרֶץ־יִשׂרָאֵל

דערציילט פֿון טֶבְיֶה דעם מילכיקן, פֿאַרנדיק אין באַן.

געשריבן אין יאָר 1909.

# טֶבְיֶה פֿאָרט קיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל

— סקאָצל קומט! וואָס מאַכט אַ ייִד, רֶב שָׁלֹום־עֲלֵיכֶם? אָט אַ גאַסט! אַפילו נישט געחָלֹומט זיך! נאַט־זשע אײַך אָפּ שָׁלֹום־עֲלֵיכֶם. איך האָב מיר אָבער אַלץ געטראַכט און געטראַכט: וואָס איז די מַעֲשֶׂה, וואָס מע זעט אים נישט אַזאַ צײַט, ניט אין בױבעריק, ניט אין יעהופּעץ? אַ קַשְׁיָא, וואָס סע מאַכט זיך: אֶפְשֶׁר האָט ער אָפּגעזאָגט די עטלעכע גילדן און אַריבערגעפּעקלט זיך אַהין, ווו מע עסט ניט קיין רעטעך מיט שמאַלץ? און צוריק טראַכט איך מיר: געשיקט זיך עס, ז יי זאָלן טאָן אַזאַ נאַרישקייט? ז יי זײַנען דאָך עפּעס אַ מענטש אַ בַּר־דַעַת, כ'לעבן! נו, דאַנקען הַשֵּׁם־יִתְבָּרַךְ, וואָס מע זעט זיך געזונט, ווי שטייט דאָרט אין פּסוק: ט וּ רָ א בּ ט וּ רָ א — אַ מענטש מיט אַ מענטשן... איר קוקט מיך אָן, פּאַניע, גלײַך, ווי איר וואָלט מיך נישט דערקענט? דאָס בין איך, אײַער אַלטער גוטער פרײַנט טֶבְיֶה. אַ יֹ תִּ ס תַּ כֵּ ל בְּ קַ נ קַ ן — קוקט נישט, וואָס אַ ייִד גייט אין אַ נײַער קאַפּאָטע. דאָס איז דער אייגענער שלִים־מַזל טֶבְיֶה, וואָס אַמאָל, נישט געמינערט אַ האָר; נישמער, מע טוט זיך אָן שַׁבָּתדיק, זעט מען אויס אַביסל דאָסיקער, מַעֲשֶׂה נָגִיד, וואָרעם, אַז מע פֿאָרט אַרויס צווישן מענטשן, קאָן מען אַנדעריש ניט, וּבִפְרַט, אַז מע פֿאָרט אַזאַ ווײַטע נְסִיעָה, קיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל, אַ קלייניקייט? איר קוקט מיך אָן און טראַכט זיך, ווי קומט דאָס אַזאַ קליין מענטשעלע, ווי טֶבְיֶה, וואָס האָט כָּל־יָמָיו געהאַנדלט מיט מילכיקס, זאָל גאָר האָבן אַזאַ הַשָּׂגָה, וואָס קאָן זיך פאַרגינען אַף דער עלטער סײַדן אַ מין בראָצקי? גלייבט מיר, פּאַניע שָׁלֹום־עֲלֵיכֶם, ס'איז כ גּ ל וֹ מ וּ ק שֶׁ ה — דער פּסוק איז רעכט אַרום און אַרום. רוקט נאָר אַוועק, זײַט מוחל, אײַער טשעמאָדאַנטשיקל אַביסל אַהין, וועל איך מיך אַוועקזעצן אַקעגן אײַך און וועל אײַך דערציילן אַ מַעֲשֶׂה, וועט איר האָרכן, וואָס גאָט קאָן.

בְּקִיצוּר, איך מוז אײַך זאָגן קודם כָּל הַקוֹדֶם, אַז איך בין געבליבן,

ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, אַן אַלְמָן, געשטאָרבן גאָלדע מײַנע, עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם.
געווען אַ ייִדענע אַ פּראָסטע, אָן חָכמות, אָן אײבערקעפּלעך, נאָר אַ גרוי-
סע צַדֶקֶת. לאָז זי זיך מײַען דאָרט פֿאַר אירע קינדער, זי איז גענוג
אויסגעשטאַנען צוליב זיי, און טאַקע אפשר איבער זיי געגאַנגען פֿון דער
וועלט, נישט געקאָנט אַריבערטראָגן, וואָס זיי זײַנען זיך צעקראָכן איי-
נער קיין ליפּי, דער אַנדערער קיין סטריסי. „משטײַנס געזאָגט, זאָגט זי,
וואָס איז מײַן וועלט, זאָגט זי, אַז ווי באַלד, זאָגט זי, נישט קיין קינד
און נישט קיין רינד? לְהַבְדִיל, אַ בְּהֵמָה, זאָגט זי, בענקט אויך, זאָגט
זי, אַז מע אַנטוויינט, זאָגט זי, פֿון איר דאָס קעלבל"... אַזוי זאָגט זי
צו מיר, גאָלדע הייסט עס, און וויינט בְּעֵת־מַעֲשֶׂה מיט ביטערע טרערן.
און איך זע, אַז די ייִדענע גייט־אויס פֿון טאָג צו טאָג, ווי אַ ליכט, רייד
איך איר אויס מִסְתָּמָא דאָס האַרץ פֿאַר רַחֲמָנוּת און איך זאָג צו איר
אַזוי, זאָג איך: „עט, זאָג איך צו איר, גאָלדע סערדצע, פֿאַראַן אַ פָּסוּק,
זאָג איך, אִ ם כְּ בָ נִ י ם אִ ם כַּ עֲ בָ דִ י ם — ווי מיט קינדער,
אַזוי איז אָן קינדער, זאָג איך. מיר האָבן, זאָג איך, אַ גרויסן גאָט, זאָג
איך, און אַ גוטן גאָט, און אַ שטאַרקן גאָט, זאָג איך, נאָר פֿונדעסטוועגן,
זאָג איך, לאָם איך האָבן די בְּרָכוֹת, וויפֿל מאָל דער רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם, זאָג
איך, טוט אָפּ אַ שטיקל אַרבעט, מעגן שוין, זאָג איך, די שׂוֹנאִים האָבן
אַזאַ יאָר"... איז זי דאָך אָבער, זאָל מיר מוחל זײַן, אַ נְקֵבָה, מאַכט
זי צו מיר: „דו זינדיקסט, טֶבְיֶה, מע טאָר נישט, זאָגט זי, זינדיקן".
„אָט האָסטו דיר, זאָג איך, איך זאָג דען עפּעס, זאָג איך, שלעכטס?
איך גיי דען חָלִילָה, זאָג איך, קעגן דעם אײבערשטנס גענג, זאָג איך?
וואָרעם ווי באַלד, זאָג איך, אַז ער האָט, זאָג איך, באַשאַפֿן אַזוי שיין
זײַן וועלטל, זאָג איך, אַז קינדער זײַנען נישט קיין קינדער, זאָג איך,
און טאַטע־מאַמע זײַנען בלאָטע, זאָג איך, ווייסט ער דאָך מִסְתָּמָא, וואָס
ער האָט צו טאָן"... פֿאַרשטייט זי נישט וואָס איך רייד און ענטפֿערט
מיר בוידעם: „איך שטאַרב, זאָגט זי, אָוועק, טֶבְיֶה, ווער וועט דיר
קאָכן וועטשערע?"... אַזוי מאַכט זי צו מיר שטיל און קוקט אויף מיר
מיט אַזעלכע אויגן, אַז אַפֿילו אַ שטיין קאָן עס רירן. טביה איז דאָך
אָבער נישט קיין ייִדענע, ענטפֿער איך איר אָפּ מיט אַ ווערטל, און מיט
אַ פָּסוּק, און מיט אַ מִדְרָשׁ, און מיט נאָך אַ מִדְרָשׁ: „גאָלדע, זאָג איך,
ביסט מיר געווען, זאָג איך, געטרײַ אַזויפֿיל יאָרן, וועסטו מיך אויף דער
עלטער, זאָג איך, נישט מאַכן צום נאַר", זאָג איך, און טו אַ קוק אויף

מײַן גאָלדען — פּיזעם! „וואָס איז דיר, זאָג איך, גאָלדע?" „גאָרנישט", מאַכט זי צו מיר, קוים־קוים וואָס זי רעדט. ע! איך זע, די שפּיל איז פאַרן טײַוול, נעם איך און שפּאַן אײַן דאָס פערדל און פאָר אַוועק אין שטאָט אַרײַן און ברענג אַראָפּ אַ דאָקטער, דעם בעסטן דאָקטער. איך קום צופאָרן אַהיים — טע־טע־טע! מײַן גאָלדע ליגט שוין אויף דער ערד מיט אַ ליכטל צוקאָפּנס און זעט אויס, ווי אַ בערגל ערד האָט מען צונויפגעשאַרט און איבערגעדעקט מיט שוואַרצן, און איך שטיי און טראַכט מיר: „כּי זה כּל האדם — אָט דאָס איז דער סוף פונעם מענטשן? אַך טי, רבונו־של־עולם, וואָס דו טוסט אָפּ מיט דײַן טביהן! וואָס וועל איך איצטער טאָן אויף דער עלטער, פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן?" און אַזוי האָב איך געגעבן אַ פאַל־צו צו דער ערד... נאָר גיי שרײַ חי וקים! הערט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? אַז מע זעט פאַר זיך דעם טויט, מוז מען ווערן אַן אפּיקורס און מע הייבט אָן נאָכצוקלערן, מה אנו מה חיינו — וואָס איז אינגאַנצן אָט די וועלט מיט די גלגלים, וואָס זיי דרייען זיך, מיט די באַנען, וואָס לויפן משוגענערווײַז, מיט דעם גאַנצן טאַרעראַם אַרום און אַרום, און אַפילו בראָצקי מיט זײַנע מיליאָנען — הכּל הבל, גאָרנישט שבגאָרנישט!

בקיצור, איך האָב איר געדונגען אַ קדיש, גאָלדען עליה השלום, באַצאָלט פאַר אַ גאַנץ יאָר פרײַער. אַ ברירה האָב איך געהאַט, אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט, נישט געגעבן מיר קיין זכרים, נאָר נקבות, נאָר טעכטער און טעכטער, קיין גוטער ייִד זאָל זיי נישט קענען! איך ווייס נישט, צי אַלע ייִדן ווערן אַזוי פאַרשוואַרצט מיט זייערע טעכטער, צי נאָר איך בין אַזאַ פינצטערער שלים־מזל, וואָס איך האָב צו זיי קיין גליק נישט? דאָס הייסט, צו די טעכטער אַליין האָב איך גאָרנישט, און גליק איז בײַ גאָט. וואָס זיי ווינטשעווען מיר — מעג עס מיר אָנקומען כאָטש האַלב. אדרבה, זיי זײַנען שוין צו געטרײַ, און וואָס „צו" איז איבעריק. אָט נעמט, למשל, די מיזינקע מײַנע, ביילקע רופט מען זי. וואָס ווייסט איר, וואָס דאָס איז פאַר אַ קינד? איר קאָנט דאָך מיך, ברוך־השם, ווי זאָגט איר, פון אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך און ווייסט, אַז איך בין נישט דער טאַטע, וואָס קאַטאָרי זאָל זיך אַוועקזעצן אָפּלויבן זײַנע קינדער, גלאַט אַזוי אין טאָג אַרײַן. נאָר אַז ס'איז געקומען צו רייד פון מײַן ביילקען, מוז איך אײַך זאָגן נישט מער, ווי שלשה דברים — צוויי ווערטער: זינט גאָט האַנדלט מיט ביילקעס, האָט ער נאָך אַזאַ

ביילקע נישט באַשאַפֿן. מילא פֿון שיינקייט שמועסט מען נישט. טביהס
טעכטער, ווייסט איר אַליין, האָבן אַ שם אַף דער וועלט פֿאַר די שענסטע
קראַסאַוויצעס. נאָר זי, ביילקע הייסט עס, וועט זיי אַלע פֿאַרשטעקן אין
גאַרטל. אַז מע שמועסט י פ י פ י ת — איז דאָך ניט שייך. אַקעגן מײַן
ביילקען מוז מען טאַקע זאָגן מיט די ווערטער פֿון אֵשֶׁת חַיִל: שֶׁ קֶ ר
הַ חֵ ן — איך רייד נישט פֿון שיינקייט, איך רייד פֿון כאַראַקטער רייד
איך. גאָלד, גינגאָלד, זאָג איך אײַך! פֿון תָּמיד אָן בין איך באַ איר
געווען דאָס אייבערשטע פֿון דער מילך, נאָר פֿון זינט מײַן גאָלדע עָלֶיהָ
הַשָּׁלוֹם איז, איר צו לענגערע יאָר, נִפְטַר געוואָרן, איז דער טאַטע געוואָרן
באַ איר — דאָס שוואַרצאַפּל פֿונעם אויג! קיין שטויב נישט דערלאָזן
זאָל אַף מיר פֿאַלן. איך האָב שוין געזאָגט צו זיך אַליין: דער רבונו־
שֶׁל־עוֹלָם איז, ווי מיר זאָגן אינעם וְכֹל מַאֲמִינִים שֶׁהוּא: וּ מַ קְ דִּ י ם
רַ חֲ מִ י ם לְ רֹ גֶ ז — ער שיקט צו די רְפוּאָה פֿאַר דער מַכָּה. נישמער,
ס׳איז שווער צו וויסן, וועלכעס איז ערגער, די רְפוּאָה, אָדער די מַכָּה?
גיי זײַ אַ נָבִיא און טרעף, אַז ביילקע וועט צוליב מיר נעמען און פֿאַר־
קויפֿן זיך פֿאַר געלט און אָפּשיקן דעם טאַטן אַף די עלטערע יאָרן קיין
אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל! מאָלט אײַך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי. זי איז אין דעם אַזוי
שולדיק, פּונקט אַזוי ווי איר. אינגאַנצן איז דאָ שולדיק ער, איר אויס־
דערוויילטער, איך וויל אים ניט שילטן, אַ קאַזאַרמע זאָל אַף אים אײַנ־
פֿאַלן! און אֶפְשָׁר, אַז מיר זאָלן וועלן גוט באַטראַכטן, גריבלען זיך
אַביסל טיפֿער, קאָן זײַן, אַז איך אַליין בין דאָ מער הַיֵּב פֿון אַלעמען,
וואָרעם ס׳איז דאָך אַ בפֿירושע גמרא: הַ יֵּ ב אָ דָ ם... נאָר ס׳איז
שיין, כ׳לעבן, אַז איך דאַרף אײַך דערציילן, וואָס די גְמָרָא זאָגט!

בקיצור, איך וויל אײַך נישט לאַנג האַלטן. ס׳איז אַוועקגעגאַנגען
אַ יאָר און אַ יאָר, מײַן ביילקע איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן, קיין עַיִן־
הָרָע, אַ מיידל צו לײַטן, און טביה טוט זיך זײַן געשעפֿט, ווי תָּמיד, מיטן
פֿערד־און־וועגעלע פֿירט ער אָפּ דאָס ביסל מילכיקס זומער קיין בויבע־
ריק, ווינטער קיין יעהופּעץ, אַ מַבּוּל זאָל אַף דעם קומען, ווי אַף סְדוֹם!
אָנקוקן קאָן איך נישט אָט די דאָזיקע שטאָט, און ניט אַזוי די שטאָט
אַליין, ווי די מענטשן, און ניט אַלע מענטשן, נאָר איין מענטש — אֶפְרַיִם
דעם שַׁדכן, אַ רוּחַ אין זײַן טאַטנס טאַטן אַרײַן! אָט וועט איר אויסהערן
הערן וואָס אַ ייִד אַ שַׁדכן טוט אָפּ.

וַיְהִי הַיּוֹם, קום איך צופֿאָרן איינמאָל אַרום חָצִי אֱלוּל קיין יעהופּעץ

מיט מײַן ביסל סחוֹרה. איך טו א קוק — ו ע ב ו א ה מ ן — אפֿרים דער שדכן גייט! איך האָב אײַך אמאָל דערציילט פֿון אים. אפֿרים איז אפֿילו אַ ייִד אַן אײַנגעגעסענער, נאָר אַז מע דערזעט אים, מוז מען זיך אָפּשטעלן — אָט אַזאַ מין כּוח האָט אין זיך אָט דער ייִד... „הער נאָר, חכם מײַנער, זאָג איך צו מײַן פֿערדל, שטיי אַ װײַלע, װעל איך דיר געבן עפּעס קײַען". און איך שטעל אָפּ אפֿרים דעם שדכן און גיב אים אָפּ שלום און מאַך מיט אים אַ שמועס מן הצד: „וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח פּרנסה?" טוט ער אַ געשמאַקן זיפֿץ און מאַכט צו מיר: „ס'איז ביטער!"... זאָג איך: „דהײַנו?" זאָגט ער: „נישטאָ וואָס צו טאָן"... זאָג איך: „לחלוטין?" זאָגט ער: „לחלוטין!"... זאָג איך: „וואָס איז די מעשׂה?"... זאָגט ער: „די מעשׂה איז, וואָס שידוכים ווערן שוין הײַנט ניט געשלאָסן מער אין דערהיים"... זאָג איך: „ווו דען ווערן זיי הײַנט געשלאָסן?" זאָגט ער: „דאָרטן ערגעץ, אין אויסלאַנד"... זאָג איך: „וואָס־זשע זאָל טאָן אַזאַ ייִד, ווי איך, למשל, וואָס מײַן זיידנס באָבע איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען?"... זאָגט ער צו מיר און דערלאַנגט מיר אַ שמעק טאַבעקע: „פֿאַר אײַך האָב איך, רב טביה, אַ שטיקל סחוֹרה דאָ אויפֿן אָרט"... זאָג איך: „דהײַנו?"... זאָגט ער: „אַ ייִדענע אַן אלמנה אָן קינדער מיט ק"ן קערבלעך, געווען אַ קעכן אין אַלע גרעסטע הײַזער"... קוק איך אים אָן און זאָג צו אים: „רב אפֿרים, פֿאַר וועמען מיינט איר דאָס אַ שידוך?" זאָגט ער: „פֿאַר וועמען זאָל איך מיינען? פֿאַר אײַך"... זאָג איך: „אַלע בייזע ווײַסטע חלומות זאָלן אויסגיין צו מײַנע שׂונאים קעפּ!" און נעם און דערלאַנג מײַן פֿערד אַ שמיצל און וויל פֿאָרן ווײַטער. מאַכט צו מיר אפֿרים: „האָט קיין פֿאַריבל ניט, רב טביה, אפֿשר האָב איך אײַך פּוגע בכּבֿוד געווען. זאָגט־זשע מיר, וועמען דען האָט א י ר געמיינט?" זאָג איך: „וועמען דען זאָל איך מיינען, אַז ניט מײַן מיזינקע?"... טוט ער אַ שפּרונג אויף, דערלאַנגט זיך אַ פּאַטש אין שטערן: „שאַ! גוט וואָס איר האָט מיך דערמאָנט, לאַנג לעבן זאָלט איר, רב טביה!" זאָג איך: „אָמן, גם אתּם, דערלעבט איר אויך ביז משיח וועט קומען. נאָר וואָס איז מיט אײַך, זאָג איך, אַזוי די גדולה?"... זאָגט ער: „ס'איז גוט, רב טביה, ס'איז אויסגעצייכנט גוט, עס קאָן שוין גאָר בעסער נישט זײַן אין דער גאַנצער וועלט!"... זאָג איך: „דהײַנו, וואָס איז די גוטסקייט?"... זאָגט ער: „איך האָב פֿאַר אײַער מיזינקע אַ גלײַכס, אַ גליק, אַ הויפּט־

טרעפער, אַ גְבִיר, אַן אַדיר, אַ מיליאָנשטשיק, אַ בראָצקי, אַ פּאָדראַטשיק איז ער און הייסן הייסט ער פְּדָהצוּר!״... זאָג איך: „פְּדָהצוּר? אַ קענט־לעכער נאָמען פון חומש״... זאָגט ער: „וואָס מיר חומש? ווער מיר חומש? ער איז אַ פּאָדראַטשיק, אַט דער פְּדָהצוּר, ער בויט הײַזער, מויערן, בריקן, געווען אין יאַפּאָניע בײַ דער מִלחָמָה, געבראַכט אַ מַטמון מיט גאָלד, פאָרט אַרויס מיט ברענענדיקע סוסים, מיט קאַרעטעס, מיט לאַ־קייען בײַ דער טיר, מיט אַ בעדל בײַ זיך אינעווייניק אין שטוב, מיט מעבל פון פּאַריזש, מיט אַ בריליאַנטענעם רינג אויף דער האַנט, נאָך גאָר נישט קיין אַלטער מאַן, אַ בָּחור, אַן אֶמֶתער, אַ „כּאָלאָסטאָי״, פּרימאַ! און זוכט זוכט ער אַ שיין מיידל, מעג זײַן ווער זי איז, אַ נאַקעטע, אַ באָרוועסע, אַבי אַ יְפַת־תּוֹאַר!״... „טפּררו! — זאָג איך צו אים. אַז איר וועט אַזוי פליִען, זאָג איך, אַן אַ פּאַפּאַס, וועלן מיר פאַר־פאָרן מיט אײַך, רֶב אֶפְרַיִם, קיין האָצעקלאָץ. אויב איך האָב קיין טָעוּת נישט, זאָג איך, האָט איר מיר אַמאָל געהאַט גערעדט דעם אייגענעם שידוך. זאָג איך, פאַר מײַן עלטערע טאָכטער, פאַר האָדל׳ען״, זאָג איך... דערהערט פון מיר די דאָזיקע ווערטער, אַז ער כאַפּט זיך ניט, אֶפְרַיִם הייסט עס, בײַ די זײַטן און הייבט אָן צו לאַכן, איך האָב געמיינט, דער ייִד ווערט באַקומען די פּאַפּלעקציע. „אַהאַ, זאָגט ער, איר האָט זיך דער־מאָנט, זאָגט ער, אַ מַעֲשֶׂה, אַז מײַן באָבע איז געלעגן געוואָרן מיטן ערשטן קינד! יענער האָט אָנגעזעצט נאָך פאַר דער מִלְחָמָה און אַנט־לאָפן קיין אַמעריקע!״... „זֵכֶר צַדִיק לִבְרָכָה, זאָג איך, אפשר וועט דער אויך, זאָג איך, אַוועק אַהין?״ ווערט ער אויסער זיך, דער שַׁדכן הייסט עס: „וואָס רעדט איר דאָס, רֶב טֶבְיֶה? יענער איז געווען, זאָגט ער, אַ פּײַפער, אַ שאַרלאַטאַן, אַן אויסברענגער, און דער איז אַ פּאָדראַ־טשיק, זאָגט ער, פון דער מִלְחָמָה, מיט געשעפטן, מיט אַ קאַנטאָר, מיט מענטשן, מיט... מיט... מיט...״. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, דער שַׁדכן האָט זיך אַזוי צעהיצט, אַז ער האָט מיך אַראָפּגענומען פונעם וואָגן און ער האָט מיך אָנגענומען בײַ די לאַצן און האָט מיך אַזוי לאַנג געטרייסלט, ביז ס׳איז צוגעגאַנגען אַ גאָראָדאָוואָי און האָט אונדז ביידן געוואָלט אָפּפירן אין קאָטשומענט אַרײַן. אַ שטיקל גליק, וואָס איך האָב מיך דערמאָנט אינעם פָּסוּק: כִּי גַם כֹּל רַע יִתְמַשֵּׁ׳ךְ — מיט פּאָליציע דאַרף מען וויסן, וויאַזוי צו האַנדלען...

בְּקִיצוּר, למאי זאָל איך אײַך לאַנג האַלטן? אַט דער פְּדָהצוּר איז

געוואָרן אַ חָתן פּאָר מײַן מיזינקע, ביילקע הייסט עס, און ל'אָ אָרכו הַיָמים — ס'האָט אַביסל געדויערט ביז מיר האָבן געשטעלט אַ חופּה. פאַרוואָס זאָג איך, ס'האָט אַביסל געדויערט? ווײַל זי, ביילקע הייסט עס, האָט נישט געוואָלט דעם יִידוּך, אַזוי ווי מע וויל נישט שטאַרבן וואָס מער אַט דער פּדָהצור איז צו איר צוגעשטאַנען מיט מַתָּנוֹת און מיט גילדענע זייגערלעך און מיט בריליאַנטענע פינגערלעך, איז ער איר אַלץ מער נמאָס געוואָרן. מיר דאַרף מען קיין פינגער אין מויל נישט אַרײַנלייגן. איך האָב עס גאַנץ גוט אַרויסגעזען נאָך איר פּנים און נאָך אירע אויגן און נאָך איר וויינען, וואָס זי האָט געוויינט שטילערהייט. בין איך מיך מְיַישֵׁב איינמאָל און רוף מיך אָן צו איר אַזוי, פאַרבײַ־גייענדיק: „הערסטו, ביילקע, זאָג איך, איך האָב מוֹרא, זאָג איך, אַז פּדָהצור איז אַזוי דיר ליב, זאָג איך, און אַזוי זיס, אַזוי ווי מיר?"... ווערט זי רויט ווי פײַער און מאַכט צו מיר: „ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?" זאָג איך: „וואָס־זשע דען איז דער געוויין גאַנצע נעכט?" זאָגט זי: „איך וויין דען?" זאָג איך: „ניין, דו וויינסט נישט, נאָר דו כליפּעסט. דו מיינסט, זאָג איך, אַז דו באַהאַלטסט דעם קאָפּ אין קישן, ועסטו פון מיר פאַרדעקן, זאָג איך, דײַנע טרערן? דו מיינסט, זאָג איך, אַז דײַן טאַטע איז אַ יִונגעלע, זאָג איך, אָדער דער מוֹח איז אים אויסגעטריקנט געוואָרן און ער פאַרשטייט ניט, זאָג איך, אַז דאָס טוסטו צוליב דײַן אַלטן טאַטן? דו ווילסט אים, זאָג איך, פאַרזאָרגן מיט אַ גוט עלטער, ער זאָל האָבן ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן, ער זאָל חָלִילָה נישט דאַרפן גיין, זאָג איך, איבער די הײַזער? אויב דו מיינסט אַזוי, ביסטו, זאָג איך, אַ גרויסער נאַר, זאָג איך. מיר האָבן אַ גרויסן גאָט, זאָג איך, און טֵבִיָה איז ניט פון די עֲשָׂרָה בַּטְלָנִים, זאָג איך, וואָס וועט זיך אַוועקזעצן, זאָג איך, אַף לאַסקאַווע ברויט, און געלט, זאָג איך, איז בלאָטע, זאָג איך, ווי אין פּסוּק שטייט. אַ סִימָן האָסטו, זאָג איך, אַט איז דײַן שוועסטער האָדל אַ גוטע אֶבְיוֹנטע, פונדעסטוועגן, זאָג איך, זע וואָס זי שרײַבט פון אַלדי שוואַרצע יאָר, זאָג איך, פון עק וועלט, און זי שעצט זיך גליקלעך, זאָג איך, מיט איר שלים־מַזל פעפערל!"... אַנו, זײַט אַ חָכם און טרעפט, וואָס ענטפערט זי מיר דערויף, ביילקע הייסט עס? „צו האָדלען, זאָגט זי, זאָלסטו מיך, זאָגט זי, ניט גלײַכן. האָדל איז געווען, זאָגט זי, אין אַזאַ צײַט, ווען די גאַנצע וועלט, זאָגט זי, האָט זיך געוויגט, זאָגט זי, געהאַלטן אָט־אָט בײַ איבערקערן זיך,

האָט מען זיך געזאָרגט, זאָגט זי, פאַר דער וועלט, און זיך האָט מען פאַרגעסן; און איצט, זאָגט זי, אַז די וועלט איז אַ וועלט, זאָגט זי, זאָרגט זיך יעדער פאַר זיך און די וועלט האָט מען פאַרגעסן"... אָט אַזוי ענטפערט זי מיר דערויף, ביילקע הייסט עס, און גייט פאַרשטייט, וואָס זי מיינט!

נו? איר זײַט עפּעס אַ מֵבין אויף טֵביהס טעכטער? איר האָט זי באַדאַרפט זען צו דער חוּפּה — אַ פּרינצעסן! איך בין נאָר געשטאַנען און געשפּיגלט זיך אין איר און געטראַכט צו זיך אַליין: „אָט דאָס איז ביילקע, טֵביהס טאָכטער? ווי האָט זי זיך אויסגעלערנט אַזוי שטיין, און אַזוי גיין, און אַזוי האַלטן דעם קאָפּ, און אַזוי אָנטאָן זיך, ס'זאָל אויף איר זײַן, ווי אויסגעגאָסן?"... נאָר לאַנג שפּיגלען זיך אין איר האָט מען מיך נישט געלאָזט, וואָרעם דעם זעלבן טאָג פון דער חוּפּה, אַרום האַלב זעקס פאַרנאַכט, האָט זיך דאָס פּאָרל אויפגעהויבן, און הָלַךְ מֹשֶׁה מָרְדְּכַי — מען איז אַוועק מיטן קוריער צו אַלדי גוטע יאָר, קיין „נאַטאַליע", ווי די מאָדע איז בײַ די גרויסע, און צוריק איז מען געקומען ערשט העט אַרום חֲנוּכָּה, און מע האָט געשיקט נאָך מיר, איך זאָל לְמַעַן־הַשֵּׁם תֵּיכֶף־וּמִיָּד קומען צופאָרן קיין יעהופּעץ. איז דאָס מיר באַלד אַרײַן אין קאָפּ אַרײַן: מָה־נַפְשָׁךְ, זיי זאָלן וועלן, איך זאָל גלאַט אַזוי קומען, וואָלטן זיי אָנגעזאָגט, איך זאָל קומען — און אַ סוֹף. צו וואָס טויג נאָך דער „לְמַעַן־הַשֵּׁם" מיטן „תֵּיכֶף־וּמִיָּד"? מִסְתָּמָא מוז דאָך דאָ זײַן עפּעס אַ זאַך! פרעגט זיך אַ קַשְׁיָא: וואָס פאַר אַ זאַך? און אַלערליי מַחְשָׁבוֹת און געדאַנקען, גוטע און שלעכטע, קריכן מיר אין קאָפּ אַרײַן: אֶפְשָׁר האָט זיך שוין דאָס פּאָרפאָלק דאָרטן צעקאַמפּערט, ווי די קעץ, און עס האַלט בײַ אַ גֵטן זיך? און באַלד טאַקע שלאָג איך מיר אָפּ: ביזט אַ נאַר, טֵביה, לְמַאי זאָלסטו וועלן אויסלייגן אויף שלעכטן? פון וואַנען ווייסטו, וואָס מען רופט דיך? אֶפְשָׁר האָבן זיי זיך פאַר־בענקט נאָך דיר און ווילן דיך זען? אָדער אֶפְשָׁר וויל ביילקע אַז איר טאַטע זאָל זײַן נאָענט לעבן איר? אָדער אֶפְשָׁר וויל גאָר פְּדָהצור דיר געבן אַ שטעלע, דיך צונעמען צו זײַנע געשעפטן און מאַכן דיך פאַר אַ מַשְׁגִיחַ אויף זײַנע פּאָדראַדן? סײַ־ווי־סײַ, פאָרן דאַרף מען. און איך זעץ מיך אויף און וַיֵּלֶךְ חָרָנָה — איך פאָר קיין יעהופּעץ. פאָרנ־דיק אַזוי, גייט מיר איבער דער כּוֹחַ־הַדִמְיוֹן, און עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך האָב אַוועקגעוואָרפן דאָס דאָרף, פאַרקויפט די בְּהֵמהלעך, מיטן

פערד־און־וועגעלע, מיט הַכֹּל בַּכֹּל, און בין אַריבערגעפֿאָרן אין שטאָט און בין געוואָרן באַ מײַן פֿדָהצור פּריִער מַשגיחַ, דערנאָך קאַסיר, דערנאָך כָּל־וָלָך איבער אַלע זײַנע פּאָדראַדן, און דערנאָך אַ שותּף צו אַלע זײַנע געשעפֿטן גלײַך מיט אים, האַלב אַף האַלב, און פֿאָר אַרוים גלײַך מיט אים אַף אַ פּאָר ברענענדיקע סוּסים, אײנער אַ בולאַנער, דער אַנדערער אַ קאַשטאַנעוואַטער, און איך וווּנדער מיך אַף זיך אַלײן: מַה זֶה וְעַל מַה זֶה — ווי קום איך, אַזאַ שטיל מענטשל, ווי טֶביֶה, צו אַזעלכע גרויסע געשעפֿטן? וואָס טויג מיר דער טאַרעראַם מיטן יָרִיד, מיטן הו־האַ, טאָג ווי נאַכט, ווי זאָגט איר: לְהוֹשִׁיבִי עִם נְדִיבִים — זיך טויטשען מיט די מיליאָנשטשיקעס? לאָזט מיך אָפּ, איך וויל האָבן אַ רויִק עלטער, אַרײַנקוקן אַמאָל אין אַ מִשנַיות, זאָגן אַ קאַפּיטל תְּהִילִים, מע דאַרף דאָך אַמאָל אין זינען האָבן יענע וועלט אויך, צי ניין? ווי זאָגט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ: אַ מענטש איז אַ טשיסטע בְּהֵמָה, ער פֿאַרגעסט, אַז וויפֿל ער זאָל ניט לעבן, מוז ער אַמאָל שטאַרבן... אָט מיט אַזעלכע געדאַנקען און מַחשָׁבוֹת בין איך געקומען צופֿאָרן לְמַזל קיין יעהופּעץ גלײַך צו מײַן פֿדָהצור. מֵילָא, איך זאָל מיך גיין באַרימען, דערציילן אײַך רֹוב גָּדלוֹ וְרֹוב עָשרוֹ — זײַן דירה מיט זײַן זיצעכץ, איז ניט שײַך צו זאָגן. איך האָב נאָך קײנמאָל נישט געהאַט די זְכִיָה צו זײַן באַ בראָצקין אין שטוב, נאָר איך בין מיר מְשַׁעֵר עַל־פִּי שֵׂכֶל, אַז שענער ווי באַ דעם פֿדָהצור קאָן שוין גאָרניט זײַן! איר קאָנט פֿאַרשטיין שוין פֿון דעם אַלײן, וואָס פֿאַר אַ דִירֶה־מלוכֶה דאָס איז, אַז דער שוֹמֵר, וואָס באַ דער טיר, אַ ווערגעלעץ מיט זילבערנע קנעפּ, האָט מיך בשום אופן נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן אינעווייניק, כאָטש גיב אים אַ קרענק. וואָס טוט זיך דאָ? די טיר איז אַ גלעזערנע טיר, זע איך, ווי ער שטייט, אָט דער ווערגעלעץ, יִמַּח שְׁמוֹ וְזִכרוֹ זאָל ער ווערן, און רייניקט מַלבּושים. ווינק איך צו אים, רייד מיט אים אַף שטום־לָשון און באַווײַז אים מיט די הענט, אַז ער זאָל מיך אַרײַנלאָזן אינעווייניק, מחמת דעם בַּעַל־הַבַּית ווײַב קער מיר אָן אַ לײַבלעכע טאָכטער... פֿאַרשטייט ער, אָבער, נישט אַפֿן ווונק, אַ גויִשער קאָפּ, ווײַזט ער מיר אויך מיט די הענט, אויך אַף שטום־לָשון, אַז איך זאָל גיין לַעֲזָאזֵל — נעמען דעם וועג הייסט עס. נאָט אײַך אַזאַ שלִים־מַזל! צו אַן אייגענער טאָכטער זאָל מען דאַרפֿן האָבן זְכוּת־אָבוֹת! „אַז אָך און ווײ איז צו דײַן גרויסן קאָפּ, טֶבִיֶה, צו וואָס דו האָסט זיך דערלעבט!" — אַזוי

טראַכט איך מיר און קוק דורך דער גלעזערנער טיר און דערזע עפּעס אַ מיידל דרייט זיך אַרום. „אַפּנים, אַ פּאָקאָיאָווע זייערע", טראַכט איך מיר, מַחמת די אויגן אירע זײַנען ווי בײַ אַ גנבֿטע. אַלע פּאָקאָיאָוועס האָבן גנבֿהשע אויגן. איך בין אַן אײַנגייער אין אַלע נגידישע הײַזער און בין באַקאַנט מיט אַלע פּאָקאָיאָוועס... טו איך צו איר אַ ווונק: „עפֿן אויף, קעצעלע!" פֿאָלגט זי מיך און עפֿנט די טיר און מאַכט צו מיר דווקא אויף ייִדיש: „וועמען דאַרפֿט איר?" זאָג איך: „דאָ זיצט פּדהצור?" זאָגט זי צו מיר העכער: „וועמען דאַרפֿט איר?" זאָג איך צו איר נאָך העכער: „אַז מע פֿרעגט דיך, זאָלסטו ענטפֿערן על ראשון ראשון; דאָ זיצט פּדהצור?" זאָגט זי: „דאָ"... ווי באַלד אַזוי, זאָג איך, ביסטו פֿון מײַנע מענטשן, זאָג איך; גיי, זאָג איך, זאָג דײַן מאַדאַם פּדהצור, זאָג איך, אַז זי האָט אַ גאַסט, זאָג איך, דער טאַטע אירער, טבֿיה, איז געקומען, זאָג איך, צוגאַסט און שטייט שוין, זאָג איך, אַ היפּשע ווײַלע אין דרויסן, זאָג איך, כּעני בפּתח, וואָרעם ער האָט נישט זוכה געווען, זאָג איך, צו געפֿינען חן און לײַטזעליקייט אין די אויגן פֿון אָט דעם דאָזיקן עשׂו מיט די זילבערנע קנעפּ, די כּפּרה, זאָג איך, זאָל ער זײַן פֿאַר דײַן מינדסטן נאָגל!" אויסגעהערט מײַנע דיבורים, האָט דאָס מיידל מיט אַ געלעכטער פֿון אַ משומדת פֿאַרהאַקט די טיר גלײַך מיר אונטער דער נאָז, אַוועקגעלאָפֿן אַרויף, אַראָפּגעלאָפֿן אַראָפּ, אַרײַנגעלאָזט און אַרײַנגעפֿירט מיך אינעווייניק אין אַ מין פּאַלאַץ, וואָס מײַנע אָבות אבֿותינו האָבן עס נישט געזען אין חלום אפֿילו. זײַד און סאַמעט און גאָלד און קרישטאָל, און אַז איר גייט, פֿילט איר נישט די טריט, מחמת איר שפּאַנט מיט די זינדיקע פֿיס אויף די טײַערסטע דיוואַנעס, ווייך ווי שניי. הײַנט זייגערס, זייגערס! אויף די ווענט זייגערס, אויף די טישן זייגערס, אָן אַ שיעור זייגערס! „רבונו יונה! האָסט אַ סך אַזוינע? צו וואָס דאַרף עס אַ מענטש אַזויפֿיל זייגערס?" אַזוי טראַכט איך מיר און גיי מיר, די הענט פֿאַרלייגט אַרונטער, אַביסל ווײַטער; איך טו אַ קוק — עטלעכע טבֿיהס מיטאַמאָל שנײַדן זיך אַקעגן מיר פֿון אַלע זײַטן, איין טבֿיה גייט אַהער, דער אַנדערער טבֿיה אַהין, איינער צו מיר, דער אַנדערער פֿון מיר — טפֿו זאָלסטו ווערן! פֿון אַלע פֿיר זײַטן שפּיגלען! נאָר אַזאַ מין פֿויגל, ווי אָט דער פּאַדראַטשיק, קאָן זיך פֿאַרגינען אַזויפֿיל זייגערס מיט אַזויפֿיל שפּיגלען!... און עס קומט מיר אויף די געדאַנקען פּדהצור, אַ גראָבער און אַ קײַלעכיקער,

מיט אַ ליסינע איבערן גאַנצן קאָפּ, און סע רעדט הויך און סע לאַכט דריבניטשקע, און איך דערמאָן מיך, וואָזוי ער איז געקומען צו מיר דאָס ערשטע מאָל אין דאָרף אַרײַן מיט די ברענענדיקע סוסים, זיך צעלייגט באַ מיר, ווי באַ זײַן טאַטן אין ווײַנגאָרטן, זיך באַקאַנט מיט מײַן בײלקען, מיך אָוועקגערופן אַף אַ זײַט און אײַנגערוימט אַ סוֹד אָפּן אויער, נאָר אַזוי הויך, אַז מע האָט געקאָנט הערן אַף יענער זײַט יעהופּעץ. וואָס איז געווען דער סוֹד? דער סוֹד איז געווען, אַ מײַן טאָכ־טער איז אים געפעלן און ער וויל, אַז ס'זאָל זײַן איינס־צוויי־דרײַ און אַ חוּפּה. מילא, מײַן טאָכטער איז אים געפעלן — דאָס פאַרשטייט מען מיטן שֵׂכל, נאָר אָט דער איינס־צוויי־דרײַ איז מיר אַרײַן כְּ חֶ רֶ ב פִּ י פִּ י וֹ ת — ווי אַ טומפּער מעסער אין האַרצן אַרײַן. וואָס הייסט דאָס איינס־צוויי־דרײַ און אַ חוּפּה? און ווּ בין איך? און ווּ איז בײלקע? אַיִ, האָט זיך מיר געוואָלט אים אַרײַנהאַקן אַ פּאָר פּסוּקים מיט אַ מֶדרָש, ער זאָל מיך האָבן צו געדענקען! נאָר צוריק האָב איך מיך מיישב געווען: „לָ מָּ ה זֶ ה אָ נֹ כִ י — וואָס דאַרפסטו זיך מישן, טֶביה, צווישן קינדער? אַ סַך האָסטו געפּועלט באַ דײַנע עלטערע טעכטער, אַז דו האָסט געוואָלט זאָגן דֵעוֹת אַף זייערע שִידוּכִים? האָסט זיך אָנגערעדט ווי פּויק, אויסגעשאָטן די גאַנצע תּוֹרה דײַנע, און ווער איז געבליבן אַ נאַר? — טֶביה!"

הַקִיצוּר, לאָמיר אָוועקוואַרפן, ווי זאָגט איר דאָרטן אין אײַערע ביכלעך, דעם בֶּן־מֶלֶך און זיך נעמען צו דער בַּת־מַלכָּה. האָב איך זיי, הייסט דאָס, צוליב געטאָן און בין צו זיי געקומען קיין יעהופּעץ, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ חֲתוּנָה: שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם! עֲלֵיכֶם־שָׁלוֹם! ווי גייט עס? וואָס מאַכט איר גוטס? זיצט! אַ דאַנק, מע קאָן באַשטיין! — מיט די אַלע איבעריקע צערעמאָניעס, ווי געוויינלעך. איך זאָל זײַן דער ערשטער אָפּן אַרויספאָר, זיי אַ פרעג טאָן: מַ ה י וֹ ם מִ י וֹ מַ יִ ם — וואָס איז דאָס רופן, וואָס איר האָט מיך גערופן? — פּאַסט נישט. טֶביה איז נישט קיין יודענע, ער האָט צײַט. דערווײַל קומט צו אַ פּאָר־שוין מיט גרויסע ווײַסע הענטשקעס און זאָגט, אַז דער אָנבײַסן שטייט שוין אָפּן טיש, און מיר הייבן זיך אויף אַלע דרײַ, און מיר קומען אַרײַן אין אַ חֶדֶר אַרײַן פון גאָלע דעמב: דער טיש אַ דעמבענער, די בענקלעך דעמבענע, די ווענט דעמבענע, די סטעליע דעמב, און אַלץ איז געשניצט און געפאַרבט און געמאָלט און געצאַצקעט, און אָפּן טיש — בִּגדֵי מַל־

כֶּות: טיי מיט קאַווע און מיט טשאָקאָלאַדע, און מיט פּוטער־געבעקס, און מיט גוטן קאָניאַק, און די בעסטע געזאַצלנס, און אַזעלכע מינים מַאֲכָלים, פֵּירוֹת און אויבסן, ס'איז מיר אַ חַרְפָּה אויסצוזאָגן, נאָר איך האָב מוֹרָא, אַז מײַן ביילקע האָט זיי בײַ איר טאַטנס טיש קיינמאָל ניט געזען אַפילו. און מע גיסט מיר אָן אַ כּוֹסֶה און נאָך אַ כּוֹסֶה, און איך טרינק לְחַיִים, און איך קוק אויף איר, אויף ביילקען הייסט עס, און איך טראַכט מיר: „האָסט זיך עס דערלעבט, טֶבְיֶהס טאָכטער, ווי מיר זאָגן אין הלל: מְ קִ י מִ י מֵ עָ פָ ר דָ ל — אַז גאָט העלפט דעם אָרעמאַן, מ אַ שְׁ פּ וֹ ת יָ רִ י ם אֶ בְ י וֹ ן — איז אים גאָרנישט צו דערקענען. דאַכט זיך, ביילקע — און פּאָרט נישט ביילקע". און איך דערמאָן מיך אָן יענער ביילקע פון אַמאָל און איך פאַרגלײַך זי מיט דער ביילקע, וואָס אַצינד, און עס טוט מיר האַרצעדיק באַנג — גלײַך ווי איך וואָלט עפּעס געמאַכט אַ שלעכט געשעפט, אָפּגעטאָן אַ זאַך, וואָס איז פאַרפאַלן, אַ שטייגער, כְּדוֹמֶה לְמָשָׁל, ווי איך וואָלט אויסבײַטן מײַן האָרעפּאַשנעם פערדל אויף אַ לאָשעקל, וואָס מע ווייס נאָך נישט, וואָס פון דעם וועט אַמאָל זײַן, אָדער אַ פערד, אָדער אַ דראָנג. „עך, ביילקע, ביילקע, טראַכט איך מיר, וואָס פון דיר איז געוואָרן! אַמאָל, געדענקסטו, ווי דו פלעגסט זיצן בײַנאַכט בײַ אַ רייכערדיק לעמפּל און נייען און זינגען אַ לידל, אָדער נעמען אין איין כְּהֶרֶף־עין אויסמעלקן צוויי בְּהֵמֶה־לעך, אָדער גאָר פאַרקאַטשען די אַרבל און אָפּקאָכן מיר אַ פּראָסטן מילכיקן באָרשט, אָדער טייגלעך מיט פאַסאָליעס, אָדער פּאַמפּעשקעס מיט קעז, אָדער שְׁקָצִים מיט מאָן, און אַ זאָג טאָן צו מיר: „טאַטע, גיי וואַש זיך!" — איז דאָך עס געווען, ווי דער בעסטער ניגון! איצטער זיצט זי מיט איר פְּדָהצור, ווי אַ בַּת־מַלְכָּה, צוויי מענטשן דערלאַנגען צום טיש, קלאַפּן מיט די טעלער, און ביילקע? זי זאָל עס אויסריידן אַפילו אַ וואָרט! זעט איר, ער, פְּדָהצור הייסט עס, רעדט שוין פאַר זיי ביידן, דאָס מויל מאַכט זיך אים נישט צו! זינט איך לעב האָב איך נישט געזען, אַ מענטש זאָל אַזוי ליב האָבן פּלאַפּלען און פּלוידערן, דער שוואַרץ יאָר ווייס וואָס, און בְּשַׁעַת־מַעֲשֶׂה לאַכן דריבניטשקע מיט אַ קליין געלעכטערל. דאָס ווערט אָנגערופן בײַ אונדז: אַליין געזאָגט אַ חָכְמֶה, אַליין געלאַכט... אַחוץ אונדז דרײַ זיצט נאָך איין פאַרשוין בײַם טיש, אַ נֶפֶשׁ מיט רויטע באַקן, איך ווייס נישט, ווער ער איז און וואָס ער איז, נאָר אַן אַכלער, ווײַזט אויס, דאַרף ער

זײַן נישט קיין קלײנער, װאָרעם די גאַנצע צײַט, װאָס דער פּדהצור האָט גערעדט און געלאַכט, האָט ער געפּאַקט אין די באַקן, װי אין פּרק שטײט געשריבן: שְׁ ל ֹ שָׁ ה שֶׁ אָ כְ ל ו — ער האָט געגעסן פֿאַר דרײַ... דער האָט געגעסן, און יענער האָט גערעדט, און אַלץ עפּעס אַזעלכע פּוסטע זאַכן, װאָס קריכן מיר נישט אין דער לינקער פּאה: פּאָדראַד, גובערנסקי פּראַװלעניע, אודעלני װעדאָמאָסט, קאַזנאַטשײסטװע, יאַפּאָניע... פֿון אַלצדינג האָט מיך אינטערעסירט נאָר איין יאַפּאָניע, װײַל מיט יאַפּאָניע האָב איך מיך אָנגעקערט אַ שטיקל מהותן. בשעת מלחמה, װײסט איר דאָך, זײַנען פֿערד געװאָרן בחשיבות גדול, מע האָט זײ געזוכט מיט ליכט, האָט מען געטראָפֿן מסתּמא צו מיר אויך און מע האָט גענומען מײַן פֿערדל צום סמיק, אויסגעמאָסטן מיט אַן אַרשין, אַ טרײַב געטאָן אַהין־אַהער און מע האָט דעם געגעבן אַ װײַסן בילעט. האָב איך זײ געזאָגט, זאָג איך: „איך האָב געװוּסט פֿריִער, זאָג איך, אַז ס'איז אומזיסט אײַער טרחה, װי אין פּסוק שטײט: י ו ֹ דֵ עַ צַ דִּ י ק נֶ פֶ שׁ בְּ הֶ מ ְ ת ו ֹ — נישט טביהס פֿערד גײט אויף מלחמה"... נאָר האָט קיין פֿאַריבל נישט, פּאַניע שלום־עליכם, איך מיש אײַך אײנס מיטן אַנדערן און קאָן אַזױ חלילה אַראָפּשלאָגן זיך פֿונעם שליאַך. װי זאָגט איר, נַחֲ ז ו ֹ ר לְ עִ נְ יָ נֵ נ ו ּ — לאָמיר בעסער גײן צום עיקר המעשה.

בקיצור, האָבן מיר, הײסט עס, גאַנץ פֿײַן אויסגעטרונקען און פֿאַרביסן, אַזױ װי גאָט האָט געבאָטן, און אַז מען איז אויפֿגעשטאַנען פֿונעם טיש, נעמט ער מיך, פּדהצור הײסט עס, אונטער דער האַנט און פֿירט מיך אַרײַן אין אַ באַזונדער קאַבינעט אַרײַן, אויסגעפּוצט כּיד המלך — מיט ביקסן און מיט שפּיזן אויף די װענט און מיט האַרמאַטן אויפֿן טיש, און זעצט מיך אַװעק אין אַ מין דיװאַן, װײך װי פּוטער, און נעמט אַרויס פֿון אַ גאָלדענער פּושקע צװײ גרױסע גראָבע שמעקנדיקע ציגאַרן און פֿאַררײכערט, אײנע זיך, די אַנדערע מיר, און זעצט זיך אַװעק אַקעגן מיר, ציט אויס די פֿיס און מאַכט צו מיר אַזױ: „װײסט איר, װאָס איך האָב געשיקט נאָך אײַך?" „אַהאַ! — קלער איך מיר. — אַט דאָס װיל ער מסתּמא אַ שמועס טאָן מכּוח געלט אַכצן און דרײַצן". נאָר איך מאַך מיך תּמעװאַטע און רוף מיך אָן צו אים אַזױ: „הַ שׁ ו ֹ מֵ ר אָ חִ י אָ נ ֹ כִ י — פֿון װאַנען זאָל איך װיסן?" מאַכט ער צו מיר: „איך האָט געװאָלט רײדן מיט אײַך טאַקע װעגן אײַך אַלײן". „אַ סלוזשבע", טראַכט איך מיר און טו אַ מאַך צו אים: „אַבי נאָר עפּעס גוטס, מהכתיתי,

לאָמיר האָרכן". נעמט ער אַרויס דעם ציגײַער פֿון די ציין, פּרָהצור הייסט עס, און הייבט מיר אָן מיט אַ גאַנצער דְרָשה: „איר זײַט, זאָגט ער, אַ ייִד נישט קיין נאַר און וועט קיין פּאַריבל נישט האָבן, וואָס איך וועל מיט אײַך ריידן אָפנטלעך. איר דאַרפֿט וויסן, זאָגט ער, אַז איך פֿיר גרויסע געשעפֿטן, און אַז מע פֿירט אַזעלכע גרויסע געשעפֿטן, ווי איך..." „יאָ, טראַכט איך מיר, דאָס מיינט ער מיך", — און איך האַק אים איבער אין מיטן און רוף מיך אָן צו אים: „ווי די גמָרא זאָגט, זאָג איך, שַבָּת אין פֶּרֶק: מַרְבֶּה נְכָסִים מַרְבֶּה דְאָגָה. ווייסט איר, זאָג איך, דעם פְּשַט פֿון דער גמָרא?" ענטפֿערט ער מיר אָפּ גאַנץ אָפנטלעך: „איך וועל אײַך זאָגן, זאָגט ער, דעם ריינעם אֱמֶת, זאָגט ער, איך האָב, זאָגט ער, קיין גמָרא קיינמאָל נישט געלערנט, זאָגט ער, און איך ווייס אַפילו נישט, זאָגט ער, וואָסער אַ פָּנים זי האָט". אַזוי זאָגט ער צו מיר, פּרָהצור הייסט עס, און צעלאַכט זיך דריבניטשקע מיט זײַן געלעכטערל. איר פֿאַרשטייט אַן עֵסֶק? דאַכט מיר, אַז גאָט האָט דיך געשטראָפֿט, ביסט אַן עַם־הָאָרֶץ, טאָ לאָז כאָטש זײַן כאָטאַ פּאָקרישקע, וואָס דאַרפֿסטו זיך נאָך באַרימען דערמיט? אַזוי טראַכט איך מיר און מאַך צו אים: „איך האָב אײַך טאַקע אַזוי געשאַצט, זאָג איך, אַז צו די זאַכן זײַט איר נישט שײַך, נאָר לאָמיר, זאָג איך, הערן וואָס ווײַטער?" מאַכט ער צו מיר: „ווײַטער האָב איך אײַך געוואָלט, זאָגט ער, זאָגן, אַז צו מײַנע געשעפֿטן מיט מײַן נאָמען, זאָגט ער, מיט מײַן פּאָלאָזשעניע, פּאַסט מיר נישט, זאָגט ער, אָט דאָס, וואָס מע רופֿט אײַך, זאָגט ער, טֶבְיֶה דער מילכיקער. איר דאַרפֿט וויסן, זאָגט ער, אַז איך בין באַקאַנט ליטשנע מיטן גובערנאַטאָר, זאָגט ער, און צו מיר אין שטוב אַרײַן, זאָגט ער, קאָן קומען אַמאָל אַ בראָצקי, אַ פּאָליאַקאָוו, און אפשר אַ ראָטשילד אויך, טשעם טשאָרט ניע שוטיט?"... אַזוי מאַכט ער צו מיר, פּרָהצור הייסט עס, און איך זיץ און קוק אָף זײַן גלאַנצנדיקע ליסינע און טראַכט מיר: „עס קאָן זייער זײַן, אַז דו קאָנסט זיך ליטשנע מיטן גובערנאַטאָר און אַז ראָטשילד זאָל אַמאָל קומען צו דיר אין שטוב אַרײַן, נאָר ריידן רעדסטו, ווי אַ כֶּלֶב שֶׁבִּכְלָבִים"... און איך רוף מיך אָן צו אים שוין אַביסל מיט פּאָרדראָס: „וואָס־זשע זאָג איך, טוט מען דערצו, טאָמער, זאָג איך, קומט טאַקע צו אײַך אַמאָל ראָטשילד?" מיינט איר דאָך, אַז ער פֿאַרשטייט דעם שטאָך? לֹא דוּבִּים וְלֹא יַעַר — עס הייבט זיך גאָרנישט אָן!

„איך האָב געוואָלט, זאָגט ער, אַז איר זאָלט אַוועקוואַרפן, זאָגט ער, אַט דאָס מילכיקס, און זאָלט זיך פאַרנעמען, זאָגט ער, מיט עפּעס אַנדערש". „דהײַנו, זאָג איך, מיט וואָס?" „מיט וואָס איר ווילט, זאָגט ער, ווינציק געשעפטן, זאָגט ער, פאַראַן אַף דער וועלט? איך וועל אײַך, זאָגט ער, אונטערהעלפן מיט געלט, וויפל מע וועט באַדאַרפן, אַבי, זאָגט ער, איר זאָלט ווערן אויס טֶבֿיָה דער מילכיקער. אָדער שאַט, זאָגט ער, ווייסט איר וואָס? טאָמער וואָלט איר, זאָגט ער, גאָר איינס-צוויי-דרײַ אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע? האַ?" אַזוי מאַכט ער צו מיר, רוקט אַרײַן דעם ציגײַער אין די ציין אַרײַן און קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן, און די ליסינע גלאַנצט... נו? וואָס ענטפערט מען אַזאַ גראָבן יונג? תְּחִילַת האָב איך מיר געטראַכט: „וואָס זיצסטו, טֶבֿיָה, ווי אַ ליימענער גולם? הייב דיך אויף, טו אַ קוש די מְזוּזָה, גיב אַ קלאַפּ מיט דער טיר און הָלַךְ לְעוֹלָמוֹ — פּאַשאָל אָן אַ זײַ-געזונט!"... אַזוי שטאַרק האָט דאָס מיך אַ נעם געטאָן באַ דער לעבער!... „אָן עַזּוּת פון אַ פּאָדראַטשיק! וואָס הייסט, דו הייסט מיר אַוועקוואַרפן אָן ער־לעכע בְּכָבוֹדע פַּרְנָסָה און פאָרן קיין אַמעריקע? בַּאֲשֶׁר טאָמער וועט צו דיר אַמאָל קומען רויטשילד, בכן דאַרף טֶבֿיָה דער מילכיקער לויפן אין דער וועלט אַרײַן?!"... און דאָס האַרץ קאָכט אין מיר ווי אַ קעסל, און אַביסל אויפגעטראָגן בין איך נאָך פון פריִער; מיך האָט געברענט אַף איר, טאַקע אַף מײַן ביילקען: „וואָס זיצסטו דאָרטן, ווי אַ בַּת־מַלְכָּה, צווישן די הונדערט זייגערס מיט די טויזנט שפּיגלען, בשעת מע טרײַבט דאָ דײַן טאַטן, טֶבֿיָהן, קאַליסטראַי, אַף הייסע קוילן? לאָס איך האָבן די בְּרָכוֹת, טראַכט איך מיר, וואָס דײַן שוועסטער האָדל האָט בעסער געמאַכט פון דיר! וואָס אמת איז אמת, זי האָט נישט אַזאַ שטוב מיט אַזויפיל שמאָכטעליאַקעס, ווי דו, דערפאַר האָט זי אָבער אַ מאַן, אַ פּעפּערל, איז ער דאָך אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי ער אַליין איז באַ זיך הֶפְקֵר, און דער גאַנצער עיקר איז די וועלט... און דערצו האָט ער אַ קאָפּ אַף די פּלייצעס, נישט קיין לאָקשנטעפּל מיט גלאַנצנדיקער ליסינע, און אַ פּיסק האָט פּעפּערל — איז דאָך עס גאָלד מיט גאָלד! אים, אַז איר זאָגט אַ פָּסוּק, גיט ער אײַך דרײַ פְּסוּקִים סדאַטשע! וואַרט אויס, פּאָדראַטשיק מײַנער, אַט וועל איך דיר באַלד אַרײַנהאַקן אַ פָּסוּק, וועט דיר ווערן פינצטער אין די אויגן!"... אַזוי טראַכט איך מיר און רוף מיך אָן צו אים בזה הלשון: „מֵילָא, זאָג איך, וואָס די גְּמָרָא איז

פאַר אײַך אַ סוֹד, בין איך, זאָג איך, אײַך מוֹחל; אַז אַ ייִד זיצט אין יעהופּעץ און הייסט פֿדהצור און איז אַ פּאָדראַטשיק, מעג, זאָג איך, די גמָרָא ליגן אַפֿן בוידעם. אָבער אַ פּראָסטן פָּסוּק, זאָג איך, דאָס וועט דאָך שוין פֿאַרשטיין, זאָג איך, אַ גוי אין פּאָסטעלעם אויך. איר ווייסט דאָך, זאָג איך, וואָס דער תַּרגום אונקלוס זאָגט אױף לָבן הָאֲרַמִי: מִ ז בְּ בְתָּ א דְחַזִירְתָא לֹא מ א כ א נ תָּ שְׁ ט ר ײַ מ י לְ תָ א?"... קוקט ער אױף מיר, ווי אַ האָן אין בְּנֵי־אָדָם, און מאַכט צו מיר: „וואָס־זשע הייסט עס?" „דאָס הייסט, זאָג איך, אַז פֿון אַ חַזירשן עק קאָן מען קיין שטרײַמל נישט מאַכן". „אַקעגן וואָס, זאָגט ער, זאָגט איר דאָס?" „אַקעגן דעם, זאָג איך, וואָס איר הייסט מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע". צע־לאַכט ער זיך דריבניטשקע און מאַכט צו מיר: „אַמעריקע ניט, איז אפשר קיין אֶרֶץ־יִשׂרָאֵל? אַלע אַלטע ייִדן פֿאָרן קיין אֶרֶץ־יִשׂרָאֵל"... אַזוי ווי ער האָט דאָס מיר אויסגערעדט, אַזוי איז דאָס מיר אַרײַן, ווי אַן אײַזערנער צוויאַק אין מוֹחַ אַרײַן: „שאַ! אפשר איז דאָס גאָרניט אַזוי קרום, טֶביֶה, ווי דו מיינסט? אֶפשֶר איז דאָס טאַקע אַ פּלאַן? וואָ־רעם איידער האָבן אַזאַ נַחַת פֿון קינדער, ווי דו האָסט, איז שוין אפשר גלײַכער אֶרֶץ־יִשׂרָאֵל? בְּהֵמָה! וואָס שטעלסטו דאָ אײַן און ווען האָסטו דאָ? דײַן גאָלדע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם ליגט דאָך שוין בְּמֵילָא אין דער ערד, און דו אַליין, נישט אויסגערעדט זאָל זײַן, ליגסט דען ניט נײַן איילן אין דער ערד? ביז וואַנען איז דער שיעור צו טאָפּטשען זיך אױף דער וועלט?"... און אָגב דאַרפֿט איר וויסן, פּאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, אַז מיך ציט שוין לאַנג אַהין, קיין אֶרֶץ־יִשׂרָאֵל; איך וואָלט אַ בַּעלן געוועזן זײַן בײַ דער כּוֹתֶל מַעֲרָבִי, מְעָרַת־הַמַכְפֵּלָה, דער מוטער רָחֵלס קֶבֶר, אָנ־קוקן מיט מײַנע אויגן דעם יַרדן, דעם באַרג סיני, דעם יַם־סוּף, פִּיתוֹם און רַעַמְסֵס, ווי זיי זעען אויס, וכדוֹמֶה אַזעלכע זאַכן. און מײַנע מַחשָׁבוֹת טראָגן מיך אַוועק אַהין, אינעם געבענטשטן לאַנד כְּנַעַן, ווי זאָגט איר, אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדבָש. שלאָגט ער מיר איבער, פְּדָהצור הייסט עס, מײַנע רַעיוֹנוֹת סאַמע אין מיטן און רופֿט זיך אָן צו מיר: „נו? וואָס דאַרף מען דאָ, זאָגט ער, אַזוי לאַנג טראַכטן? איינס־צוויי־דרײַ"... „באַ אײַך, זאָג איך, איז, בָּרוּך־הַשֵּׁם, אַלצדינג איינס־צוויי־דרײַ, ווי די גמָרָא זאָגט, זאָג איך: הָ א גַ בְ רָ א וְ הָ א טְ רַ ס קָ א... און באַ מיר, זאָג איך, איז דאָס אַ האַרב שטיקל מִשנַיוֹת, וואָרעם אויפֿהייבן זיך, זאָג איך, און פֿאָרן קיין אֶרֶץ־יִשׂרָאֵל, דאַרף מען, זאָג איך, האָבן מיט

וואָס"... צעלאַכט ער זיך דריבניטשקע מיט זײַן קליין געלעכטערל, שטייט אויף, גייט צו צום טיש, עפנט אויף א טישקעסטל און נעמט ארויס פון דאָרטן א טײַסטער און צײלט מיר אָפּ אַחַת וְאַחַת, לאָז זיך אײַך דאַכטן, א שיינע מַטְבֵּעַ, און איך בין דַוקא נישט פויל אַף דער פּען און נעם צונויף דאָס ביסל פּאַפּיר — דער כּוֹחַ פון געלט — און לאָז עס אַראָפּ העט־ווײַט אין קעשענע, און וויל אים זאָגן כאָטש א פּאָר פְּסוקים מיט א מְדרש, וואָס זאָל פּאַרענטפערן אַרום און אַרום, הערט ער מיך ווי דעם קאָטער און מאַכט צו מיר: „אָט דאָס וועט אײַך זײַן, זאָגט ער, געגנוג ביז אַהין איבערן קאָפּ, און אַז איר וועט קומען, זאָגט ער, אָפּן אָרט און וועט דאַרפן געלט, זאָלט איר שרײַבן, זאָגט ער, א בריוו, וועט מען אײַך איינס־צוויי־דרײַ באַלד אַרויסשיקן געלט. און דערמאָנען אײַך נאָכאַמאָל וועגן פּאָרן, זאָגט ער, פאַרשפּאָרט מען דאָך, וואָרעם איר זײַט דאָך, זאָגט ער, עפּעס א ייִד מיט יוֹשֶׁר און מיט סאָוועסט"... אָט אַזוי מאַכט ער צו מיר, פְּדָהצוּר הייסט עס, און צע־לאַכט זיך דריבניטשקע מיט זײַן קליין געלעכטערל, וואָס קריכט גלײַך אין די קישקעס אַרײַן. און עס פליט מיר דורך א מַחשָבָה אין קאָפּ: „טאָמער וואָלסטו אים א שמיץ געטאָן דאָס געלט צוריק אין פּנים אַרײַן און אים דערציילט דעם פָּסוק, אַז טֵבִיֶהן קויפט מען נישט פאַר געלט און מיט טֵבִיֶהן שמועסט מען נישט פון יוֹשֶׁר און פון סאָוועסט?"... נאָר איידער איך עפן א מויל אַף צו ריידן, טוט ער א קלונג און רופט אַרײַן ביילקען און מאַכט צו איר: „דושענקע, דו ווייסט? דײַן פאָטער וואָרפט דאָך אונדז אַוועק, ער פאַרקויפט אויס אַלץ, וואָס ער האָט, און פאָרט אַרויס איינס־צוויי־דרײַ קיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל"... „חֲלוֹם חָלַמְתִּי וְאֵינִי יוֹדֵעַ — וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט יענע נאַכט און הײַנטיקע נאַכט!"... אַזוי טראַכט איך מיר און קוק אַף מײַן ביילקען — איר זאָלט זאָגן, זי זאָל זיך עס אַפילו פאַרקרימען. שטייט ווי א בוים, קיין טראָפּן בלוט אין פָּנים, קוקט פון אים אַף מיר, פון מיר אַף אים, און קיין איינציק וואָרט! איך, אַף איר קוקנדיק, שווײַג אויך, שווײַגן מיר, הייסט עס, אַלע ביידע, ווי אין תהילים שטייט: תִּדְבַּק לְשׁוֹנִי — עס האָט אונדז אָפּגענומען דאָס לָשון. דער קאָפּ דרייט זיך מיר, די שלייפן קלאַפּן מיר, ווי פון א טשאַד. פון וואָס זאָל עס זײַן? — טראַכט איך מיר. — אָפּנים, דאָס איז פונעם שיינעם ציגאַרעט, וואָס ער האָט מיר געגעבן רייכערן? אָט רייכערט דאָך אָבער ער אויך, פְּדָהצוּר הייסט

עס! ער רייכערט און רעדט, דאָס מויל מאַכט זיך אים גאָרנישט צו, כאָטש די אייגלעך קלעפּן זיך אים, עס גלוסט זיך אים, ווײַזט אויס, כאַפּן אַ דרימל. „פאָרן דאַרפט איר, זאָגט ער צו מיר, פון דאַנען קיין אָדעס, זאָגט ער, מיטן קוריער, און פון אָדעס מיטן ים אַזש ביז יאַפע, און פאָרן מיטן ים, זאָגט ער, איז די בעסטע צײַט נאָר איצט, וואָרעם, זאָגט ער, שפּעטער הייבן זיך אָן די ווינטן מיט די שנייען, מיט די בערעס, מיט, מיט, מיט..." אַזוי זאָגט ער און די צונג פּלאָנטעט זיך אים שוין, אַזוי ווי אײַנער, וואָס וויל שלאָפן, נאָר ער הערט נישט אויף צו קלאַפּן ווײַטער: „און אַז איר וועט זײַן, זאָגט ער, פּאַרטיק צו דער נְסִיעָה, זאָלט איר אונדז, זאָגט ער, געבן צו וויסן, וועלן מיר אַרויס־פאָרן, זאָגט ער, ביידע צום וואָקזאַל מיט אײַך זיך אָפּגעזעגענען, וואָרעם ווען קאָנען מיר זיך שוין זען?" אַזוי לאָזט ער אויס, איך בעט איבער אײַער כָּבוֹד, מיט אַ גרויסן גענעץ, שטייט אויף און רופט זיך אָן צו איר, צו ביילקען הייסט עס: „דושענקע, וועסט, זאָגט ער, זיצן דאָ אַביסל, און איך וועל, זאָגט ער, גיין זיך צולייגן אַ ווײַלע". „האָסט נאָך קיינמאָל אַזאַ גלײַכס נישט געזאָגט, ווי איך בין אַ ייִד! אַצינד וועל איך כאָטש האָבן צו וועמען מײַן ביטער האַרץ אויסצולאָזן". אַזוי טראַכט איך מיר און וויל מיך געבן אַ נעם צו מײַן ביילקען, איר אויס־לְאַמְרן אַלצדינג, וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט באַ מיר פאַר דעם גאַנצן פרימאָרגן, — ערשט אַז זי טוט אַ פאַל צו מיר אָפּן האַלדז, ביילקע הייסט עס, און הייבט אָן צו וויינען, אָבער ווי אַזוי, מיינט איר, וויינען? מײַנע טעכטער, נישט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, האָבן אַלע אַזאַ טֶבַע: פריִער מענטשלען זיי זיך און בְּרֵיהן זיך, און קומט צו עפּעס — וויינט מען, ווי אַ בערעזענע. אָט נעמט, לְמָשָׁל, מײַן עלטערע טאָכטער, האָדל הייסט עס: קאַרג האָט זי אײַנגעלייגט די וועלט אין דער לעצטער מי־נוט, בשעת זי האָט באַדאַרפט אַוועקפאָרן אַפריכטן גָּלות מיט איר פּע־פּערל אין די קאַלטע מְדִינוֹת? נאָר ווייס איך, ס'אַ דִמְיוֹן! יענע דאַרף באַ איר הייצן די הרובע!

איך וועל אײַך זאָגן דעם רעכטן אֱמֶת: איך אַליין, ווי איר קענט מיך שוין אַביסל, בין נישט קיין מענטש פון טרערן. גוט וויינען האָב איך געוויינט נאָר איין מאָל, בשעת מײַן גאָלדע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם איז גע־לעגן אַף דער ערד, און נאָך איין מאָל האָב איך מיך גאַנץ געשמאַק אויסגעוויינט, בשעת האָדל איז אַוועקגעפאָרן צו איר פּעפּערל, און איך

בין געבליבן אַפּן וואָקזאַל, ווי אַ גרויסער נאַר, איינער אַליין מיט מײַן פערדל, און נאָך עפּעס אַ פּאָר מאָל האָט זיך געטראָפן, וואָס איך האָב מיך אַביסל, ווי זאָגט איר, צעיאַכמערט, און ווײַטער געדענק איך עפּעס נישט, איך זאָל האָבן אַ טבֿע פון וויינען. נאָר ביילקע מיט אירע טרערן האָבן מיך אַזוי פאַרקלעמט בײַ דער נְשָׁמָה, אַז איך האָב מיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, און איך האָב שוין נישט געהאַט דאָס האַרץ אַפילו, איך זאָל איר זאָגן אַ קרום וואָרט. מיט מיר באַדאַרף מען קיין סך נישט ריידן. איך הייס טֶבֿיֶה. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען אירע טרערן. דאָס איז נישט געווען גלאַט אַזוי זיך טרערן. דאָס זײַנען געווען, פאַרשטייט איר מיך, טרערן פון עַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי לְפָנֶיךָ בנישט פאָלגן אַ טאַטן... און אָנשטאָט דעם, וואָס איך זאָל זי מְכַבֵּד זײַן, ווי זי איז ווערט, און אויסגיסן כָּל חֲמָתִי אױף איר פֿרָהצורן, האָב איך גאָר גענומען אויסריידן איר דאָס האַרץ מיט אַזאַ מָשל און מיט אַזאַ מָשל, ווי טֶבֿיֶה קאָן. הערט זי מיך אויס, ביילקע הייסט עס, און מאַכט צו מיר: „ניין, טאַטע, נישט דאָס, זאָגט זי, וויין איך. איך האָב צו קיינעם, זאָגט זי, קיין טַענות נישט, נאָר אָט דאָס, זאָגט זי, וואָס דו פאָרסט אַוועק, זאָגט זי, איבער מיר און איך קאָן, זאָגט זי, דערצו גאָרנישט העלפן, אָט דאָס, זאָגט זי, בראָט מיך"... „גיי שוין, גיי, זאָג איך, דו רעדסט, זאָג איך, ווי אַ קינד, האָסט פאַרגעסן, זאָג איך, אַז מיר האָבן נאָך אַ גרויסן גאָט און אַז דײַן טאַטע איז נאָך, זאָג איך, בײַ אַלע חושים. בײַ דײַן טאַטן, זאָג איך, שפּילט אַ ראָליע זיך דורכפאָרן קיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל און קומען צוריק, ווי אין פָּסוק, זאָג איך, שטייט געשריבן: וַיִּסְעוּ וַיַּחֲנוּ — טודאַ אי נאַזאַד"... אַזוי רייד איך איר אויס דאָס האַרץ, און אינעווייניק בײַ זיך טראַכט איך מיר: „טֶבֿיֶה, דו לײַגסט! פאָרסטו אַוועק קיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל, איז עָלָיו הַשָּׁלוֹם — אויס טֶבֿיֶה!"... און פונקט ווי זי וואָלט טרעפן מײַנע געדאַנקען, מאַכט זי צו מיר אַזוי: „ניין, זאָגט זי, טאַטע, אָט אַזוי טרייסט מען אַ קליין קינד; מע גיט דעם, זאָגט זי, אַ ליאַלקע, אַ שפּילעכל אין די הענט אַרײַן און מע דערציילט דעם, זאָגט זי, אַ שיינע מַעֲשֶׂה פון אַ ציי־געלע אַ ווײַסע... אויב, זאָגט זי, שוין יאָ דערציילן אַ מַעֲשֶׂה, וועל איך, זאָגט זי, דיר דערציילן, נישט דו מיר. נאָר די מַעֲשֶׂה, וואָס איך וועל דיר דערציילן, טאַטע, איז מער טרויעריק, ווי שיין".

אָט אַזוי מאַכט זי צו מיר, ביילקע הייסט עס; טֶבֿיֶהס טעכטער

ריידן נישט גלאַט. און זי נעמט און זי לייגט אַוועק אַ מַעֲנֶה־לָשון, אַ גאַנצע מְגִילָה, אָדער אַ מַעֲשֶׂה פון טויזנט־איין־נאַכט, ווי אַזוי דער פְּדָהצור אירער איז פון קליין גרויס געוואָרן, אויסגעוואַקסן פון סאַמע נידעריקסטן גראַד, זיך אַליין מיט זײַן אייגענעם שֵׂכל אַרויפגעשלאָגן אויף דער העכסטער מַדְרֵגָה, און איצט וויל ער דערגרייכן דערצו, אַז צו אים אין שטוב אַרײַן זאָל קומען בראָצקי, שיט ער מיט נְדָבות, וואַרפט מיט טויזנטער. נאָר אַזוי ווי געלט אַליין איז נאָך ווינציק, מע דאַרף נאָך האָבן יִחוס אויך, לייגט ער אײַן די וועלט, פְּדָהצור הייסט עס, צו באַווײַזן, אַז ער איז נישט קיין אַבי ווער, באַרימט זיך, אַז ער שטאַמט פון די גרויסע פְּדָהצורס, אַז זײַן טאַטע איז אויך געווען אַ באַרימטער פּאָדראַטשיק. — „באַטש, זאָגט זי, ער ווייס גאַנץ גוט, אַז איך ווייס, אַז ער איז געווען אַ כְּלֵי־זֶמֶר. הײַנט, זאָגט זי, דערציילט ער אַלעמען, אַז זײַן ווײַבס טאַטע איז געווען אַ מיליאָנשטשיק“... „וועמען, זאָג איך, מיינט ער דאָס? מיך? אפשר איז מיר, זאָג איך, באַשערט געווען אַמאָל צו האָבן מיליאָנען, זאָג איך, זאָל איך דערמיט אָפּקומען“. „וואָס ווייסטו, טאַטע, זאָגט זי צו מיר, ווי עס פלאַמט מיר מײַן פּנים, אַז ער שטעלט מיך פאָר, זאָגט זי, פאַר זײַנע באַקאַנטע און הייבט זיי אָן דער־ציילן גרויסקייט פון מײַן טאַטן און פון מײַנע פעטערס און פון מײַן גאַנצער מִשְׁפָּחָה, אַזעלכע זאַכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, און מע מוז דאָס, זאָגט זי, אַלצדינג אויסהערן און מאַכן אַ שווײַג, וואָרעם ער איז, זאָגט זי, אויף די זאַכן אַ גרויסער קאַפּריזניק“. „באַ דיר, זאָג איך, הייסט דאָס אַ קאַפּריזניק, און באַ אונדז, זאָג איך, ווערט דאָס אָנגערופן פָּשוּט אַ נִכְבֶּדהניק, זאָג איך, אָדער אַ מַה־יַעֲשֶׂהניק“. „ניין, זאָגט זי, דו קענסט אים ניט, ער איז גאָרניט אַזאַ שלעכטער, ווי דו מיינסט; ער איז נאָר אַ מענטש, וואָס אַ מינוט איז ער אַזוי און אַ מי־נוט איז ער אַנדערש. ער האָט, זאָגט זי, אַ גוט האַרץ און אַ ברייטע האַנט. אים אַז מע מאַכט, זאָגט זי, אַ קרום פָּנִים, און אַבי מע טרעפט די גוטע מינוט, וועט ער אַוועקגעבן די נְשָׁמָה, און ווער שמועסט, זאָגט זי, פון מײַנעטוועגן — איז דאָס טעלערל פונעם הימל! דו מיינסט, זאָגט זי, איך האָב אויף אים שוין גאָר קיין שום שְׁלִיטָה ניט? אָט האָב איך באַ אים נישט לאַנג געפּועלט אַרויסראַטעווען האָדלען מיט איר מאַן פון די ווײַטע גובערניעס. ער האָט מיר, זאָגט זי, געשוואָרן, אַז ער וועט זיך לאָזן קאָסטן אַ סך טויזנטער, נאָר מיט איין תְּנַאי, אַז

זיי זאָלן פון דאָרטן אוועק גלײַך קיין יאַפּאָניע". „וואָס עפּעס קיין יאַ־פּאָניע, זאָג איך, פאַרוואָס נישט קיין אינדיע, אָדער, לְמָשָׁל, קיין פַּדַן־אֲרָם צו דער מַלְכָּה שְׁבָא?" „ווײַל אין יאַפּאָניע, זאָגט זי, האָט ער גע־שעפּטן. אױף דער גאַנצער וועלט, זאָגט זי, האָט ער געשעפּטן; וואָס אים קאָסט אָפּ, זאָגט זי, אַ טאָג נאָר דעפּעשן אַליין, וואָלטן מיר אַלע, זאָגט זי, געהאַט אױף אַ האַלב יאָר צו לעבן. נאָר וואָס קומט מיר אַרויס, זאָגט זי, אַז איך בין נישט איך?"... „עס קומט אויס, ווי מיר זאָגן, זאָג איך, אין פּרק: אִם אֵין אֲנִי לִי מִי לִי — איך בין נישט איך, דו ביסט ניט דו"... אָט אַזוי זאָג איך צו איר מיט אַ ווערטל און מיט אַ פָּסוּק, כאָטש דאָס האַרץ ווערט מיר צעריסן אױף שטיקער, זעענ־דיק, ווי מײַן קינד ווערט נעבעך פאַרשוואַרצט, ווי זאָגט איר, אין עוֹשֶׁר און אין כָּבוֹד... „דײַן שוועסטער האָדל, זאָג איך, וואָלט נישט אַזוי געטאָן"... שלאָגט זי מיר איבער, ביילקע הייסט עס, און מאַכט צו מיר אַזוי: „איך האָב דאָך דיר געזאָגט, זאָגט זי, אַז צו האָדלען זאָלסטו מיך, טאַטע, נישט גלײַכן. האָדל האָט געלעבט, זאָגט זי, אין האָדלס צײַטן, און ביילקע, זאָגט זי, לעבט אין ביילקעס צײַטן... פון האָדלס צײַטן, זאָגט זי, ביז ביילקעס צײַטן, איז אַזוי ווײַט, זאָגט זי, ווי פון דאַנען קיין יאַפּאָניע"... איר פאַרשטייט דעם פֵּירוּשׁ־הַמִּילוֹת פון אַזאַ מין תַּרְגוּם־לָשׁוֹן?

בְּקִיצוּר, איך זע, איר כאַפּט זיך, פּאַניע; נאָך צוויי מינוט, און אַ סוֹף צו אַלע מַעֲשִׂיוֹת. אָנגעגעסן זיך זאַט מיט צָרוֹת און יִסוּרִים פון מײַן גליקלעכער מיזינקע, בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט אָ בֵ ל וַ חַ פ וּ י ר אָ ש — אַ צעבראָכענער, אַ צעברעקלטער, און האָב געגעבן אַ שלײַדער אין דער ערד אַרײַן דעם ציגאַר, וואָס האָט מיר פאַר־טשאַדעט מײַן קאָפּ, און רוף מיך אָן צו אים, צום ציגאַר הייסט עס: „גיין זאָלסטו כַּף־הַקֶּלַע, אַ רוּחַ אין דײַן טאַטנס ערד אַרײַן!" „וועמען איז, רֶב טֶבִיֶה?" הער איך אַ קול הינטער מײַנע פּלייצעס. איך דריי אוים דעם קאָפּ, איך טו אַ קוק — ס'איז ער, אֶפְרַיִם דער שַׁדכן, פאַר־כאַפּט זאָל ער ווערן! „בָּרוּך־הַבָּא, אַ ייִד, זאָג איך, וואָס טוט איר דאָ?" „וואָס, זאָגט ער, טוט אִ י ר דאָ?" „געוועזן, זאָג איך, צוגאַסט בײַ מײַנע קינדער". „וואָס, זאָגט ער, מאַכן זיי?" „וואָס, זאָג איך, זאָלן זיי מאַכן? הנאה זייער שאָדן אױף אונדז ביידן געזאָגט געוואָרן!" „ווי איך זע, זאָגט ער, זײַט איר רעכט צופרידן מיט מײַן סחוֹרה?" „נאָך

א מין צופרידן, זאָג איך, גאָט זאָל אײַך מְמַלֵא זײַן, זאָג איך, בְּכֵפֶל כִּפלַיִם". „אַ דאַנק אײַך, זאָגט ער, פֿאַר דער בְּרָכָה, אֶפשר וואָלט איר מיר נאָך, זאָגט ער, צו דער דאָזיקער בְּרָכָה צוקויפֿן אַ מַתָּנָה?" „איר האָט דען נישט גענומען, זאָג איך, קיין שַׁדכָנוּת?" „נישט מער, זאָגט ער, זאָל ער פֿאַרמאָגן, טאַקע אײַער פְּדָהצור אַליין". „וואָס איז דען, זאָג איך, ווינציקלעך רַחַ"ש?" „נישט אַזוי ווינציק, זאָגט ער, ווי מיט אַ גוט האַרץ געגעבן". „דְהײַנוּ?" „דהײַנו, ס'איז שוין נישטאָ, זאָגט ער, אַ גראָשן". „ווו איז דאָס, זאָג איך, אַהינגעקומען?" „חַתֻונָה געמאַכט, זאָגט ער, אַ טאָכטער". „מַזל-טוֹב אײַך, זאָג איך, לאָז גאָט געבן, ס'זאָל זײַן מיט מַזל, איר זאָלט אין זיי דערלעבן, זאָג איך, גרוים נַחַת"... „אַ שײנעם נַחַת, זאָגט ער, האָב איך אין זיי דערלעבט. איך האָב, זאָגט ער, דערטאַפּט אַן אײדעם אַ שאַרלאַטאַן, געהַרגעט, זאָגט ער, געשלאָגן די טאָכטער, צוגענומען די עטלעכע גילדן און אַוועק, זאָגט ער, קיין אַמעריקע". „לָמאַי האָט איר אים, זאָג איך, געלאָזט פֿאָרן אַזוי ווײַט?" „וואָס האָב איך אים, זאָגט ער, געזאָלט טאָן?" „איר האָט געזאָלט, זאָג איך, אים אָנזאָלצן אַפֿן עק"... „ס'איז אײַך, אָפּנים, זאָגט ער, גוט אַפֿן האַרצן, רֶב טֵבֵיָה?" „הַלוַואַי, זאָג איך, אַז אײַך געזאָגט געוואָרן, רִבּוֹנוֹ-שֶׁל-עוֹלָם, כאָטש האַלב!" „אַזוי גאָר? און איך האָב אײַך, זאָגט ער, געשאַצט, אַז איר זײַט אַ ייִד אַ נָגִיד; ווי באַלד אַזוי, זאָגט ער, טאָ נאָט-זשע אײַך אַ שמעק טאַבעקע"... אָפּגעפּטֶרט דעם שַׁדכן מיט אַ שמעק טאַבעקע, בין איך געקומען צו פֿאָרן אַהיים און האָב מיך גענומען אויספֿאַרקויפֿן מײַן בַּעַל-הַבַּתישקייט פֿון אַזויפֿיל יאָרן. מאָלט אײַך, נישט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. איטלעכס טעפּל מיט איטלעכס נאַרישקייט האָט בײַ מיר צוגענומען אַ שטיק געזונט. די זאַך האָט מיר דערמאָנט גאָלדען עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם, יענע זאַך האָט מיר דערמאָנט די קינדער, זיי צו לענגערע יאָר. נאָר קיין זאַך האָט מיר נישט דערלאַנגט אַזוי טיף, ווי דאָס פֿערדל מײַנס. אַקעגן מײַן פֿערדל האָב איך מיך געפֿילט עפּעס חַיָיב... סטײַטש, אָפּגעהאָרעוועט מיט דעם אַזויפֿיל יאָרן, אינאײנעם געבידעוועט, אינאײנעם פֿאַרשוואַרצט געוואָרן, און פּלוצים גענומען און פֿאַרקויפֿט! פֿאַרקויפֿן האָב איך דאָס פֿאַרקויפֿט צו אַ וואַסער-פֿירער, וואָרעם פֿון די בַּעֲלֵי-עֲגָלוֹת קאָן מען נאָר מְבֻזֶה ווערן. איך קום צו זיי פֿאַרקויפֿן מײַן פֿערדל, מאַכן זיי צו מיר: „גאָט איז מיט אײַך, רב טֵבֵיָה, ס'איז דען בײַ אײַך אַ פֿערד?" „וואָס דען,

זאָג איך, איז דאָס, אַ הענגלײַכטער?״ „ס׳איז באַ אײַך, זאָגן זיי, ניט קיין הענגלײַכטער, נאָר אַ לַמֶד־וואָווניק״. „וואָס הייסט דאָס, זאָג איך, אַ לַמֶד־וואָווניק?״ דאָס הייסט, זאָגן זיי, אַ זָקֵן פון זעקס און דרײַסיק יאָר, אָן אַ סִימָן פון ציין, מיט אַ גרויע ליפּ, און טרייסלט מיט די זײַטן, ווי אַן אַלטע יידענע עֶרֶב־שַׁבָּת אױפֿן פראָסט״... געפעלט אײַך אַזאַ מין בַּעַל־עֲגָלָה־שפּראַך? איך וועל אײַך גיין שווערן, אַז דאָס פערדל נעבעך האָט פאַרשטאַנען איטלעכס וואָרט, ווי אין פָּסוּק שטייט: יָ דַ ע שׁ וֹ ר ק וֹ נֵ ה וּ — אַ סקאָטינע פילט, אַז מע האַלט דאָס באַ פאַרקויפן. אַ סִימָן האָב איך, אַז בשעת איך האָב צוגעקלאַפּט דעם וואַסער־פירער און געזאָגט צו אים: „מיט מַזל־בְּרָכָה״, האָט מײַן סוס פלוצים אויסגעדרייט צו מיר די חֵנעוודיקע מאָרדע און קוקט אױף מיר מיט שטומע אויגן, ווי איינער רעדט: „זֶ ה חֶ לְ קִ י מִ כָּ ל עֲ מָ לִ י — אָט אַזוי דאַנקסטו מיר אױף פאַר מײַן סלוזשבע?״... איך כאַפּ אַ קוק אױף מײַן פערדל דאָס לעצטע מאָל, ווי דער וואַסער־פירער האָט דאָס גענומען אין די הענט אַרײַן לערנען מיט דעם בָּלָק, און איך בלײַב נאָכדעם שטיין איינער אַליין און טראַכט מיר: „רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם! ווי שׂכלדיק דו פירסט דײַן וועלטל! אָט האָסטו באַשאַפן אַ טֶבְיֶהן און האָסט באַשאַפן, לְהַבְדִיל, אַ פערד, און ביידע האָבן זיי איין מַזל אױף דער וועלט... נישמער, אַ מענטש האָט אַ מויל און קאָן זיך כאָטש אויסטַעֲנֶהן, אויסריידן דאָס האַרץ, און אַ פערד, לְהַבְדִיל, וואָס? משטיינס געזאָגט, אַ שטומע צונג, ווי זאָגט איר: „וּמוֹתַר הָאָדָם מִן הַבְּהֵמָה״...

— — — — — — — — — — — — — — —

איר קוקט אױף מיר, פאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, וואָס סע האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן, און איר טראַכט זיך אַוודאי: „אָט דער טֶבְיֶה האָט זיך פאַרבענקט, אַפְּנִים, נאָך זײַן פערדל?״ וואָס עפּעס נאָכן פערדל, מענטש איינער? אַלצדינג טוט מיר באַנג, און נאָך אַלעמען וועל איך בענקען. איך וועל בענקען נאָכן פערדל, איך וועל בענקען נאָכן דאָרף, איך וועל בענקען נאָכן סטאַראָסטע מיטן אוראַטניק, נאָך די בויבעריקער דאַטשניקעס, נאָך די יעהופּעצער נְגִידִים, און אַפילו נאָך אֶפְרַיִם דעם שַׁדכן, ס׳זאָל אױף אים קומען אַ מַגֵפָה, וואָרעם סוֹף־כָּל־סוֹף, אַז מע זאָל וועלן אַרײַנטאָן זיך אַביסל אין חֲקִירָה, איז ער דאָך נישט מער,

ווי א ייִד אַן אֶביון, וואָס זוכט נעבעך פַּרנָסָה. אִם־יִרצֶה־הַשֵׁם, אַז גאָט וועט מיך ברענגען בְּשָׁלום אַהין, ווו איך פאָר, ווייס איך נאָך אַליין נישט, וואָס איך וועל דאָרט טאָן, נאָר דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג, אַז רֵאשִית חָכמָה וועל איך זײַן בײַ דער מוטער רָחל אױפן קֶבֶר. איך וועל דאָרטן בעטן פאַר מײַנע קינדער, וואָס איך וועל זיי מן הַסתָם שוין קיינמאָל נישט זען, וועל איך אים אויך אין זינען האָבן, אֶפרַיִם דעם שַדכן מיין איך, אים און אײַך און כָּל יִשׂרָאֵל. נאָט אײַך דערויף מײַן האַנט תְקִיעַת־כַּף און זײַט מיר געזונט און פאָרט געזונט און לאָזט גריסן איטלעכן באַזונדער גאָר פרײַנטלעך.

# לֶך־לְךָ

— א שיינער, א גוטער, א ברייטער שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם אַף אײַך, פּאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם! עֲלֵיכֶם וְעַל בְּנֵיכֶם! איך קוק שוין אַף אײַך לאַנג ארויס, ס'האָט זיך אָנגעקליבן בײַ מיר א היפּש ביסל סְחוֹרָה פֿאַר אײַך. איך פֿרעג מיך אַלץ נאָך: אַ יֶ כָּ ה — פֿאַרוואָס זעט מען אײַך ניט? זאָגט מען מיר, אַז איר פֿאָרט אַרום דאָרט איבער דער וועלט, אין די ווײַטע לענדער ערגעץ, ווי מיר זאָגן אין דער מְגִילָה: שֶׁ בַ ע וְ עֶ שְׂ רִ י ם וּ מֵ אָ ה מְ דִ י נָ ה... נאָר מיר דאַכט, אַז איר קוקט אַף מיר עפּעס מאָדנע? אָפָּנִים, איר קווענקלט זיך און טראַכט זיך בְּעֵת־מַעֲשֶׂה: ס'איז ע ר, צי ניט ע ר? ס'איז ער, פּאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, ס'איז ער! אײַער אַלטער פֿרײַנט טֵבְיֶה, בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ, טֵבְיֶה דער מילכיקער, דער אייגע־נער טֵבְיֶה, נאָר אוים מילכיקער, גלאַט א ייִד, א ייִד פֿון א גאַנץ יאָר, א ייִד א זָקֵן, ווי איר זעט, כאָטש אפילו אין יאָרן גאָר ניט אַזוי אַלט, ווי מיר זאָגן אין דער הַגָּדָה: הֲ רֵ י אֲ נִ י כְּ בֶ ן שִׁ ב עִ י ם — נאָך גאַנץ ווײַט צו זיבעציק! אײַ, וואָס עפּעס אַזוי ווײַס די האָר? גלייבט מיר, נישט פֿאַר תַּעֲנוּג, ליבער פֿרײַנט. אַביסל אייגענע צָרוֹת, ניט צו פֿאַרזינדיקן, און אַביסל פֿונעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל — א שלעכטע צײַט! א בי־טער שטיקל צײַט אַף ייִדן!... נאָר איך ווייס, וואָס אײַך קוועטשט. אײַך קוועטשט אַן אַנדער זאַך: איר האָט זיך דערמאָנט מִסְתָּמָא, אַז מיר האָבן זיך אַמאָל געהאַט אָפּגעזעגנט, איידער איך האָב באַדאַרפֿט אַוועקפֿאָרן קיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל. עַל־כֵּן רעכנט איר אַוודאי, אַז דאָס זעט איר שוין טֵבְיֶהן צוריקוועגס, פֿון אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל הייסט עס, און איר גאַרט שוין מִסְתָּמָא האָרכן עפּעס נײַעס, אָפּנעמען א גרוס פֿון דער מוטער רָחֵלס קֶבֶר און פֿון דער מְעָרַת־הַמַּכְפֵּלָה און נאָך אַזעלכע זאַכן? באַדאַרף מען אײַך באַרויקן, אויב איר האָט צײַט און ווילט האָרכן חִידוּשִׁים, אָבער טאַקע האָרכן מיט קאָפּ, ווי אין פָּסוּק שטייט: שְׁ מָ עֵ נִ י, — וועט

איר שוין דערמאָלט אַליין זאָגן, אַז אַ מענטש איז אַ בְּהֵמָה און אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט און ע ר פירט די וועלט.

בְּקִיצוּר, וואָס פאַר אַ סֶדרָה גייט באַ אײַך איצט? וַיִקְרָא? באַ מיר גייט אַן אַנדער סֶדרָה: די סֶדרָה לֶך־לְךָ. לֶ ך ־ לְ ךָ — האָט מען מיר געזאָגט — דו זאָלסט אַרויסגיין, טֶבִיֶה, מֵ אַ רְ צְ י ךָ — פון דײַן לאַנד, וּ מִ מּ וֹ לַ דְ תְּ ךָ — און פון דײַן דאָרף, וווּ דו ביסט געבוירן און אָפּגעלעבט אַלע דײַנע יאָרן, אֶ ל הָ אָ רֶ ץ אֲ שֶׁ ר אַ רְ אֶ ךָּ — וווּהין די אויגן וועלן דיך טראָגן!... און ווען דערמאָנט מען זיך צו זאָגן טֶבִיֶהן דעם דאָזיקן פָּסוּק? אַקוראַט דערמאָלט, ווען ער איז שוין אַלט און שוואַך און עלנט, ווי מיר זאָגן ראָש־הַשָׁנָה אין די תְּפִילוֹת: אַ ל תַּ שְׁ לִ י כֵ נ וּ לְ עֵ ת זִ ק נָ ה!... נאָר איך כאַפּ אײַך איינס פאַרן אַנדערן, שיער פאַרגעסן, אַז מיר האַלטן נאָך גאָר פון פאָרנט און אַז איך האָב אײַך נאָך ניט דערציילט, וואָס אין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל הערט זיך. וואָס זאָל זיך דאָרטן הערן, ליבער פרײַנט? אַ לאַנד — אַף אונדז ביידן אַזאַ יאָר! אֶ רֶ ץ זָ בַ ת חָ לָ ב וּ דְ בָ שׁ — שטייט נאָך אין דער תורה געשריבן! איין חִסָרון נאָר, וואָס אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל איז אין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל, און איך בין, ווי איר זעט אָטאָ, נאָך דערווײַל אין חוּץ־לָאָרֶץ... אַף טֶבִיֶהן, הערט איר, איז, אַפָּנִים, געזאָגט געוואָרן דער פָּסוּק פון דער מְגִילָה: כַּ אֲ שֶׁ ר אָ בַ ד תִּ י אָ בָ ד תְּ י — געוועזן אַ שלים־מזל און אַ שלים־מזל וועל איך שוין שטאַרבן. דאַכט זיך, אָט־אָט שוין געשטאַנען כמעט מיט איין פוס אַף יענער זײַט, אינעם הייליקן לאַנד הייסט עס. געבליבן נאָר נעמען אַ בילעט, זיך אויפזעצן אַפן שיף און — פּאַשאָל. וואָס־זשע טוט גאָט? איז זיך מְיַישֵׁב, וועט איר הערן אַ שיינס, מײַן עלטערער איידעם, מאָטל קאַמזויל, דער חַיָּיט פון אַנאַטעווקע, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין יידן געדאַכט, און לייגט זיך אַוועק אַ געזונטער, אַ שטאַרקער, און מאַכט אַ שטאַרב! דאָס הייסט, קיין גרויסער גִבּור איז ער ניט געוועזן קיינמאָל. משטיינס געזאָגט, אַ בַּעַל־מְלָאכָה, געזעסן יוֹמָם וָלַיְלָה עַ ל הַ תּ וֹ רָ ה וְ עַ ל הָ עֲ ב וֹ דָ ה — אַף דער נאָדל מיטן פּאַדעם און געשטשאָבעט, מְחִילָה, תַּחתּוֹנִים. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, אַז ער האָט באַקומען דאָס טרוקענע, אָנגעהויבן קאַכיקען, געקאַכיקעט און געקאַכיקעט, ביז ער האָט אויסגעשפּיגן דאָס לעצטע ביסל לונג — עס האָט נישט געהאָלפן שוין ניט קיין דאָקטער, ניט קיין טאָקטער, ניט קיין ציגן־מילך, ניט קיין טשעקאָלאַדע מיט האָניק. אַ וווילער יונגאַטש

געווען, אַפילו אַ פּראָסטער, נישט קיין בן־תּורה, נאָר אַן ערלעכער, אַן חכמות, ליב געהאַט מײַן טאָכטער — דאָס הײַות! און מפקיר געווען זיך פאַר די קינדער, און פאַר מיר — געווען גאָר די כּפּרה!

בקיצור, אָפּגעזאָגט דעם פּסוק: וַיָּמָת מֹשֶׁה — געשטאָרבן מאָטל, האָט ער איבערגעלאָזט מיר אַ רעכטע באָמבע: ווי האָב איך שוין געקאָנט אַפילו אין זינען האָבן דערמאָנט אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל? איך האָב שוין געהאַט אַ גוטן אֶרֶץ־ישראל בײַ זיך אין דער היים! וויאַזוי לאָזט מען איבער, איך פרעג אײַך אַליין, אַ טאָכטער אַן אַלמנה מיט פּיצלעך קינדער־יתומים אָן אַ שטיקל ברויט? כאָטש אַפילו אין פלוג, אַז מע וויל צוריק, וואָס קאָן איך איר העלפן — אַ לעבערדיקער זאַק? איך וועל דאָך איר דעם מאַן אירן צוריק ניט לעבעדיק מאַכן, און אירע קינדער דעם טאַטן פון יענער וועלט ניט אומקערן, און אַליין איז מען דאָך אויך נישט מער ווי אַ זינדיקער מענטש, אַף דער עלטער ווילט זיך אַביסל אויסרוען די ביינער, פילן, אַז מען איז אַ מענטש, ניט קיין סקאָט. גענוג געטאַרעראַמט! גענוג גע'עולם־הזהוועט! מע באַדאַרף שוין אַביסל אַ טראַכט געבן פון י ע נ ע ר וועלט אויך, שוין צײַט! ובפרט, אַז איך האָב שוין געמאַכט אַ תּל פון מײַן ביסל כּאַדאָבע: דעם סוס, ווי איר ווייסט, לאַנג געגעבן דעם וועג, די בהמהלעך אויספאַרקויפט עד לפּ"ק, געבליבן נאָר אַ פּאָר ביקלעך, וואָס סע קאָן אַמאָל ווערן פון זיי לײַט, אַז מע זאָל זיי גוט האָדעווען, — און פלוצים גיי ווער אַף די עלטערע יאָרן אַן אֲבִי יְתוֹמִים, אַ טאַטע פון קליינע קינדער! זײַט איר שוין פאַרטיק? האָט צײַט! די רעכטע געדיכטע גייט ערשט ווײַטער, וואָרעם בײַ טֶבְיֶהן, אַז עס טרעפט זיך אַ צָרָה, ווייסט איר דאָך שוין, אַז סע שלעפּט זיך נאָך פון הינטן נאָך אַ צָרָה. אַ שטייגער, אַז ס'האָט זיך אַמאָל געמאַכט אַן אומגליק — ס'איז געפאַלן בײַ מיר אַ בְּהֵמהלע, האָט זיך באַלד פאַרטירנע, ניט פאַר אײַך געדאַכט, אָוועקגעלייגט נאָך אַ בְּהֵמָה... אַזוי האָט שוין גאָט באַשאַפן זײַן וועלטל, און אַזוי וועט דאָס שוין בלײַבן — אַ פאַרפאַלענע זאַך!

בְּקִיצּוּר הַמַּעֲשֶׂה, מיט מײַן מיזינקע, מיט מײַן ביילקען הייסט עס, געדענקט איר דאָך די געשיכטע מיטן גרויסן געווינס, וואָס זי האָט געמאַכט, געפּאַקט אַ העכט, אַ פְּדָהצור, אַ קנאַקער, אַ פּאָדראַטשיק פון דער מִלְחָמָה, וואָס האָט געבראַכט צו פירן קיין יעהופּעץ פולע זעק און האָט זיך פאַרקאָכט אין מײַן טאָכטער, געוואָלט אַ שיינע, געשיקט צו מיר

אֶפרים דעם שַׁדכן יִמַח שְׁמוֹ, אויסגעשלאָגן אַ קניִע ערד, שיער דעם שלאַק באַקומען, געטומען זי, ווי זי שטייט און גייט, אָפּגעשיט פון אויבן ביז אַראָפּ מיט מַתָּנוֹת, דימענטן און בריליאַנטן — דאַכט זיך, אַזאַ גליק. איאָ? נו, האָט זיך פון דעם גאַנצן גליק אויסגעלאָזט מִסתָּמָא אַ טײַך, און נאָך וואָס פאַר אַ טײַך! אַ טײַך מיט אַ בלאָטע. דער איבערשטער זאָל שוֹמֵר וּמַצִיל זײַן! ווערעם אַז גאָט הייסט, דאָס רעדל זאָל זיך געבן אַ דריי־איבער צוריק, איז מיט דער פּוטער אַראָפּ. ווי מיר זאָגן אין הַלֵּל: אָט, דאַכט זיך, נאַרוואָס איז געווען מְקִימִי מֵעָפָר דָל, און איידער מע קוקט זיך אַרום, איז שוין טראַך: הַמַשְׁפִּילִי לִרְאוֹת בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ — אין דער ערד מיט די פּאָסטאָ־ראַנקעס... גאָט האָט ליב שפּילן זיך מיט אַ מענטשן. אוי, האָט ער ליב שפּילן זיך! אַזוי האָט ער זיך געשפּילט מיט טֶביָהן וויפל מאָל: עוֹלִים וְיוֹרְדִים — אַרויף און אַראָפּ! און אַזוי איז געווען אויך מיט מײַן פּאַדראַטשיק, מיט פֿדָהצורן. איר געדענקט דאָך מִסתָּמָא דאָס גרויסקייט זײַנס מיטן הײַזל, מיט די דרײַצן דינסטן, מיט די שפּיג־לען, און מיט די זייגערס, און מיט די צאַצקעס אין יעהופּעץ? פּי־פּו־פּאַ! געדענקט איר, איך האָב אײַך דערציילט, דאַכט זיך, וויאַזוי איך האָב צוגערעדט דעמאָלט מײַן ביילקען, געבעטן זיך באַ איר, זי זאָל זען, אַז ער זאָל איר אוועקקויפן דאָס הײַזל, און לְמַעַן־הַשֵּׁם — אַף איר נאָמען? נו, האָט מען דאָך מיך מִסתָּמָא געהערט, ווי הָמָן דעם גראַגער — וואָס פאַרשטייט אַ טאַטע? אַ טאַטע פאַרשטייט גאָרניט! וואָס־זשע, מיינט איר, איז געווען דער סָוף? דער סָוף איז געווען — ווי איר האָט ערגעץ אַ שׂונא: אַחוץ וואָס ער האָט זיך פונעם גאַנצן טראַסק געשטעלט, גע־בליבן דערונטער, אויספאַרקויפט אַלע שפּיגלען מיט אַלע זייגערס, מיטן ווײַבס דימענטן און בריליאַנטן, האָט ער זיך נאָך פאַרשמירט מיט סַכָּנַת־נפשות, געמוזט ווערן אַ בּוֹרֵח, ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט, און מאַכן אַן אָפּטריט און אוועקפאָרן אהין, ווו דער ליבער שַׁבָּת־קוֹדֶש גייט אוועק — קיין אַמעריקע הייסט עס. אהינצו־צו פאָרן דאָך אַלע שווערע הערצער, זײַנען זיי אויך געפאָרן אהינצו־צו. די ערשטע צײַט גוט פאַר־שוואַרצט געוואָרן, דאָס ביסל מְזוּמָנים, וויפל ס'איז געווען, האָט מען אויפגעגעסן, און אַז ס'איז ניט געווען מער וואָס צו קײַען, האָט מען נעבעך געמוזט נעמען זיך צו דער אַרבעט, געטאָן כָּל עֲבוֹדַת־פֶּרֶך, ווי די ייִדן אין מִצרַיִם, ביידע, אי ער, אי זי! איצט שרײַבט זי, אַז ס'איז

זיי שוין, בָּרוּך־הַשֵּׁם, נישקשהדיק: זיי אַרבעטן זאַקן אַף אַ מאַשינע און מאַכן אַ לעבאַכץ... אַזוי רעדט זיך עס דאָרטן, אין אַמעריקע. אַף אונדזער לָשון וועט עס הייסן: דאָס שטיקל ברויט שלעפּט זיך... דאָס גאַנצע שטיקל גליק, וואָס זיי זײַנען מער ניט ווי צוויי מענטשן, שרײַבט זי, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד — גַּם זוּ לְטוֹבָה! נו, פרעג איך אײַך, זאָל ניט אַ רוּחַ אין זײַן פּעטערס מומע אַרײַן געפלויגן געוואָרן?... איך מיין טאַקע אֶפְרַיִם דעם שַׁדכן מיין איך, פאַרן שיינעם שִׁידוּך, וואָס ער האָט מיר נאַראַיעט, און פאַר דער בלאָטע, וואָס ער האָט מיך אַרײַנגעפירט! וואָס וואָלט איר געווען אַזוי ביטער, לְמָשָׁל, זי זאָל געווען חֲתוּנָה האָבן פאַר אַ בַּעַל־מְלָאכָה, ווי צייטל, אָדער פאַר אַ לערער, ווי האָדל? אײַ, די האָבן אויך ניט געמאַכט אַזאַ גליק? איינע איז אַ יונגע אַלְמָנָה, און די אַנדערע איז אין אַלדי גוטע יאָר ערגעץ פאַרשיקט אַף פּאָסעליעניע? איז דאָך עס אַ גאָט־זאַך — וואָס קאָן אַ מענטש פאַרזאָרגן?... הערט איר, אַ חֲכָמָה אַ יִידענע איז געווען טאַקע מײַנע, גאָלדע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם, דערמיט אַליין שוין, וואָס זי האָט זיך באַצײַטנס אָרומגעקוקט, אָפּגעזעגנט זיך מיט דער נאַרישער וועלט און הָלַך לְעוֹלָמָה. וואָרעם, זאָגט שוין איר אַליין, איידער האָבן אַזאַ צַעַר־גִידוּל־בָּנִים פון טעכטער, ווי טֶביָה האָט, איז ניט גלײַכער טויזנט מאָל ליגן אין דער ערד און באַקן בייגל?... נאָר ווי שטייט דאָרטן אין פֶּרֶק: בַּעַל־כָּרְחֲךָ אַתָּה חַי — אַ מענטש נעמט זיך ניט אַליין, און אַז מע נעמט, גיט מען איבער די הענט, זאָגט איר... דערווײַלע האָבן מיר זיך אַראָפּגעשלאָגן פונעם שליאַך, איז דעריבער נַחֲזוֹר לְעִנְיָנֵנוּ הָרִאשׁוֹן — לאָמיר איבערלאָזן, ווי איר זאָגט אין אײַערע ביכלעך, דעם בֶּן־מֶלֶך און זיך אומקערן צו דער בַּת־מַלְכָּה. ווו־זשע, הייסט עס, האַלטן מיר? באַ דער סֶדְרָה לֶךְ־לְךָ. נאָר איידער מיר וועלן צוקומען צו דער סֶדְרָה לֶךְ־לְךָ, וועל איך אײַך בעטן זיך מַטְרִיחַ זײַן מיט מיר אָפּשטעלן זיך אַף אַ ווײַלע באַ דער סדרה בָּלָק. דער מִנְהַג־הָעוֹלָם איז אַפילו פון זינט די וועלט שטייט, אַז פריִער לערנט מען לֶךְ־לְךָ, דערנאָך בָּלָק. מיט מיר האָט מען אָבער, פאַרקערט, פריִער געלערנט בָּלָק, דערנאָך לֶךְ־לְךָ. און געלערנט האָט מען מיט מיר בָּלָק אַזוי שיין, אַז איר מעגט עס האָרכן. עס קאָן אײַך אַמאָל צונוץ קומען.

בְּקִיצוּר, דאָס איז געווען שוין לאַנג, באַלד נאָך דער מִלְחָמָה איז דאָס געווען, אין דער סאַמע היץ פון קאָסנעטוציעס, בעת עס האָבן זיך

אָנגעהויבן די ישועות וְנֶחָמוֹת אַף יִדן, פּרִיער אין די גרויסע שטעט דערנאָך אין די קליינע שטעטלעך, נאָר צו מיר איז דאָס ניט דערגאַנגען, און עס האָט ניט געקאָנט דערגיין בשום אופן. פאַרוואָס? פָּשוּט! מע זיצט אָפּ אַזאַ צײַט צווישן גויִים, מיט סאַמע עֵשָׂוּן, — איז מען אויסגעבונדן מיט אַלע בַּעֲלֵי־בַּתִּים פון דאָרף. יְדִיד נֶפֶשׁ אָב הָרַחְמָן — „באַטיושקאַ טעוועל” איז בײַ זיי דאָס אייבערשטע פונעם שטויסל! וואָס איז שײַך? אַן עֵצָה — איז „יאַק טעוועל סקאַזשע”. אַ רְפוּאָה צו קַדַחַת — איז „דאַ טעוועליאַ”. אַ גְמִילוּת־חֶסֶד — אויך בײַ טֶבְיֶהן. נו, האָב איך עפּעס באַדאַרפט אין זינען האָבן אַזעלכע זאַכן, פאַגראָמען, נאַרישקייטן, אַז די גויִים אַליין האָבן מיר געזאָגט וויפל מאָל, אַז איך זאָל כְּלָל וּכְלַל קיין מוֹרָא ניט האָבן — זיי וועלן ניט דערלאָזן!... און כַּךְ הַוֶה — וועט איר הערן אַ שיינס.

בְקִיצוּר, איך קום צופאָרן איינמאָל אַהיים פון בויבעריק — איך בין נאָך דעמאָלט געווען בְּגַדְלוּתִי — אין די פעדערן, ווי זאָגט איר, נאָר געהאַנדלט מיט מילכיקס, קעז און פּוטער און שְׁאָר יְרָקוֹת; אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל, אונטערגעוואָרפן דעם היי און האָבער, נישט צײַט געהאַט אַפילו זיך וואַשן צום עסן, איך טו אַ קוק — אַ פולער הויף מיט גויִים, די גאַנצע הראָמאַדע, אַלע פײַנסטע בַּעֲלֵי־בַּתִּים, פונעם סטאַראָסטע איוואַן פּאָפּערילע ביז דעם לעצטן גוי, טראַכים דער טשערעדניק, און אַלע זעען זיי מיר אויס עפּעס מאָדנע, יָום־טֶובדיק!... האָט מיר אַפילו תְחִילַת געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרצן: וואָס פאַר אַ יָום־טֶוב אינמיטן דרינען? צי איז מען ניט געקומען מיט מיר לערנען בָּלָק?... נאָר צוריק טראַכט איך מיר: פע, טֶבְיֶה! מעגסט זיך שעמען פאַר זיך אַליין: כָּל יָמָיו זיצסטו איין ייִד, לְהַבְדִיל, צווישן אַזויפיל גויִים בְּשָׁלוֹם וְשַלְוָה, און מע האָט דיך ניט אָנגערירט, איר זאָלט זאָגן, אַף אַ האָר!... און איך נעם און גיי אַרויס צו זיי מיט אַ ברייטן שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם: „בְּרוּכִים הַבָאִים, זאָג איך צו זיי, וואָס טוט איר דאָ, מײַנע ליבע בַּעֲלֵי־בַּתִּים? און וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס? און וואָס וועט איר דערציילן נײַס?”... טרעט אַרויס דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאָפּערילע הייסט עס, און רופט זיך אָן צו מיר גאַנץ אָפנטלעך און גאָר אָן שום הַקְדָמוֹת: „מיר זײַנען געקומען, זאָגט ער, צו דיר, טעוועל, מיר ווילן דיך שלאָגן”. וואָס זאָגט איר אַף דער שפּראַך? דאָס ווערט אָנגערופן בײַ אונדז „לָשׁון סַגִי־נָהוֹר” — גערעדט פאַרשטעלט הייסט עס...

מילא, וואָזוי מיר איז געוואָרן אפֿן האַרצן — קאָנט איר אײַך מְשַׁעֵר זײַן. נאָר אַרויסבאַווײַזן — פּע! אַדְרַבָּה וְאַדְרַבָּה! טֵבְיֶה איז ניט קיין ייִנגעלע... רוף איך מיך אָן צו זיי גאַנץ לעבעדיק: „מַזל־טָוב אײַך, זאָג איך, נאָר וואָס האָט איר זיך, קינדער, אַזוי שפּעט דערמאָנט? אין אַנדערע ערטער, זאָג איך, האָט מען שוין פֿון דעם כּמעט פֿאַרגעסן!"... רופט זיך אָן צו מיר איוואַן פּאָפּעריללע, דער סטאַראָסטע הייסט עס, שוין דווקא גאַנץ ערנסט: „פֿאַרשטייסטו מיך, טעוועל, זאָגט ער, מיר האָבן זיך, זאָגט ער, אַלץ געיִשׁוּבֿט, צי מיר זאָלן דיך שלאָגן, צי ניט שלאָגן? אומעטום, אין אַלע ערטער, שלאָגט מען אײַך, פֿאַרוואָס, זאָגט ער, זאָלן מיר דיך דורכלאָזן?... איז געבליבן בײַ דער הראָמאַדע, זאָגט ער, אַז מיר זאָלן דיך שלאָגן... נאָר וואָס דען, מיר ווייסן נאָך אַליין ניט, וואָס מיר זאָלן מיט דיר טאָן, טעוועל: צי מיר זאָלן דיר נאָר אויסהאַקן די שויבן, זאָגט ער, און צעטרעטנען די פּערינעס מיט די קישע־לעך און אַרויסלאָזן די פֿעדערן, צי מיר זאָלן דיר פֿאַרברענען, זאָגט ער, די כאַטע מיט דער שטאַל, מיט דער גאַנצער כאַדאָבע דײַנער?"

דאָ איז מיר שוין געוואָרן גוט קאַלעמוטנע אפֿן האַרצן, און איך באַטראַכט מײַנע לײַט, ווי מע שטייט אָנגעלענט אויף די לאַנגע שטעקנס און מע שושקעט זיך מיר עפּעס שטילערהייט. מַשמָעוּת הייסט עס, אַז ס'איז בײַ זיי גאָר קיין קאַטאָוועס ניט? ווײַבאַלד אַזוי, טראַכט איך מיר, איז דאָך, ווי מיר זאָגן אין תּהילים: בָּ א וּ מַ יִ ם עַ ד נָ פֶ שׁ — ביסט דאָך טאַקע, טֵבְיֶה, גוט אין דער אַרבעט! וואָרעם טאָמער אַ לִ תִּ פְ תַּ ח פֶּ ה לְ שָׂ ט ן — אַ קשיא אויף כּרוקעלע? „ע, טֵבְיֶה, קלער איך מיר, מיטן מַלְאַךְ־הַמָוֶת טאָר מען זיך ניט שפּילן — מע באַדאַרף זיי עפּעס זאָגן!"... און וואָס זאָל איך אײַך לאַנג מַאֲרִיך בִּדְרוּשׁ זײַן, ליבער פֿרײַנט, ס'איז באַשערט געווען, אָפּֿנִים, אַ נֵס, האָט מיר דער אייבערשטער אַרײַנגעגעבן אַ זין, איך זאָל בײַ זיך ניט אַראָפּפֿאַלן, און איך נעם מיך אָן מיט האַרץ און רוף מיך אָן צו זיי, צו די גוֹיִם הייסט עס, דווקא אין גוטן מוט: „שִׁמְעוּ־נָא, רַבּוֹתַי, זאָג איך, הערט־זשע אויס, זאָג איך, מײַנע ליבע בַּעֲלֵי־בָּתִּים, ווײַבאַלד, זאָג איך, אַז הראָמאַדע האָט אַזוי געפּסקנט, איז דאָך ניט שייך, זאָג איך, מְסתָּמָא ווייסט איר, זאָג איך, בעסער, אַז טביה האָט בײַ אײַך פֿאַרדינט, איר זאָלט מאַכן אַ תֵּל, זאָג איך, פֿון זײַן כאַדאָבע און פֿון זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן... נאָר וואָס דען, זאָג איך, דאָס ווייסט איר, זאָג איך, אַז ס'איז פֿאַראַן נאָך העכערס

פֿאַר אַ נײַער הראַמאַדע? איר ווייסט, זאָג איך, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אױף דער וועלט? איך זאָג ניט, זאָג איך, מ ײַ ן גאָט, א ײַ ע ר גאָט — איך שמועס פֿון יענעם גאָט, זאָג איך, פֿון אונדזער אַלעמענס גאָט, וואָס זיצט, זאָג איך, אָט דאָרטן אויבן און זעט צו אַלע פּאַדלאָסטן, זאָג איך, אַז ער אַליין האָט מיר אָנגעצייכנט, אַז איך זאָל געשטראָפֿט ווערן אומזיסט־אומנישט דורך אײַך, דורך מײַנע בעסטע גוטע פֿרײַנט, און עס קאָן זײַן ווידער, זאָג איך, אַקוראַט פֿאַרקערט, אַז ער וויל, אַדרבה, בשום אופֿן ואופֿן ניט, אַז מע זאָל טבֿיהן טאָן שלעכטס. ווער־ז־ישע, זאָג איך, קאָן דאָס וויסן, וואָס גאָט וויל? אַדרבה, זאָג איך, אפֿשר געפֿינט זיך דאָ צווישן אײַך אײנער, וואָס וועט זיך אונטערנעמער, זאָג איך, דערגיין דאָ אַ טאָלק?"...

בקיצור, זיי האָבן, אַפּנים, געזען, אַז מיט טבֿיהן וועלן זיי זיך ניט אויסטענהן, רופֿט זיך אָן צו מיר דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאָפּעריליע הייסט עס, בזה הלשון: „די מעשה, זאָגט ער, דערפֿון איז אַזוי. מיר האָבן צו דיר, טעוועל, אייגנטלעך, גאָרנישט ניט. דו ביסט, זאָגט ער, טאַקע אַ זשיד, נאָר ניט קיין שלעכטער מענטש. נאָר איינס צום אַנדערן, זאָגט ער, געהער זיך ניט אָן — שלאָגן דאַרף מען דיך; הראַמאַדע האָט אַזוי געפּסקנט — פֿאַרפֿאַלן! מיר וועלן דיר, זאָגט ער, כאָטש אויסהאַקן די פֿענצטער. דאָס, זאָגט ער, מ ו ז ן מיר, ווײַל טאָמער, זאָגט ער, פֿאָרט עמעצער דורך, טאָ לאָז מען, זאָגט ער, זען, אַז מע האָט דיך געשלאָגן, אַניט, זאָגט ער, וועט מען אונדז נאָך שטראָפֿירן"...

אָט מיט די ווערטער און מיט דעם לשון, ווי איך דערצייל אײַך, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפֿן בכל אשר אפֿנה! נו, איצט פֿרעג איך אײַך, פּאַניע שלום־עליכם, איר זײַט דאָך עפּעס אַ ייִד וואָס קאָטאַרי איר פֿאָרט אויס די וועלט — איז שוין טבֿיה גערעכט, וואָס ער זאָגט, אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט?...

האָב איך אײַך, הייסט עס, שוין געפּטרט די סדרה בלק. אַצינד וועלן מיר זיך אומקערן צוריק צו דער סדרה לך־לך. די דאָזיקע סדרה האָט מען מיט מיר געלערנט אָט דאָ ערשט ניט לאַנג, און טאַקע אױף דעם רעכטן אמת. דאָ האָט שוין ניט געהאָלפֿן, פֿאַרשטייט איר מיך, קיין שום דרשות מיט קיין שום מוסר זאָגן. ומעשה שהיה כך היה — מע דאַרף עס אײַך איבערגעבן אַקוראַט, מיט אַלע פּישטשעווקעס, כ אַ שׁ ר א ה ב ת י — אַזוי ווי איר האָט ליב.

ויהי בימי מענדל ביילים — דאָס איז געווען אַקוראַט אין יענער צײַט, ווען מענדל ביילים, אונדזער כּפּרה־הינדל, איז אָפּגעקומען חיבוט־הקבֿר, געליטערט די נשמה פֿאַר פֿרעמדע זינד, און די וועלט איז געגאַנגען כּאָדראָס, — זיץ איך מיר אַזוי איינמאָל אַף דער פּריזבע באַ מײַן שטוב פֿאַרטיפֿט אין מחשבֿות. זומער־לעבן. די זון באַקט, און דער קאָפּ טראָגט: „סטײַטש, סטײַטש, היתּכן! הײַנטיקע צײַטן! אַזאַ קלוגע וועלט! אַזעלכע גרויסע מענטשן! און ווו איז גאָט? דער אַלטער ייִדישער גאָט? וואָס שווײַגט ער? ווי דערלאָזט ער אַזאַ זאַך? סטײַטש סטײַטש און ווידעראַמאָל סטײַטש!" און טראַכטנדיק אַזוי פֿון גאָט, פֿאַרטיפֿט מען זיך שוין אַגבֿ אין הימל־זאַכן און מע פֿאַלט אַרײַן אין חקירה: וואָס איז די וועלט? און וואָס איז י ע נ ע וועלט? און פֿאַרוואָס זאָל ניט קומען משיח? „אײַ, טראַכט איך מיר, וואָלט ער געטאָן, ווי אַ חכם, טאַקע משיח מיין איך, ווען ער כאַפּט זיך אַראָפּ צו אונדז אַצינדערט רײַטנדיק אַף זײַן ווײַס פֿערדל! דאָס וואָלט געווען אַ שיינע זאַך! ער איז נאָך קיינמאָל, דאַכט מיר, אַזוי נייטיק ניט געווען פֿאַר אונדזערע אַחינו בני ישׂראל, ווי הײַנט! איך ווייס ניט, וויאַזוי די נגידים, די בראָצקיס, למשל, אין יעהופּעץ, אָדער די רויטשילדס אין פּאַריז? כע קאָן זײַן, אַז זיי האָבן אים אין זינען אַקוראַט אין דער לינקער פּאה; נאָר מיר, ייִדן אָרעמעלײַט, פֿון כּתרילעווקע און פֿון מאַזעפּעווקע און פֿון זלאָדייעווקע, און אַפֿילו פֿון יעהופּעץ, און אַפֿילו פֿון אַדעס, קוקן אַרויס, אוי, קוקן מיר אַרויסעט אַף אים! ממש די אויגן קריכן אַזש פֿון קאָפּ! אונדזער גאַנצע האָפֿענונג אַצינד איז דאָך נאָר, טאָמער וועט גאָט טאָן אַ נס, עס וועט קומען משיח!"...

דערווײַל, אַזוי ווי איך זיץ מיר פֿאַרטיפֿט אין די דאָזיקע רעיונות, איך טו אַ קוק — אַ ווײַס פֿערדל, און עמעצער זיצט אַף דעם רײַטנדיק, און גלײַך צום טויער פֿון מײַן שטוב! טפּררו — אָפּגעשטעלט זיך, אַראָפּגעקראָכן, צוגעבונדן דאָס פֿערדל צום טויער, און אַליין גלײַך צו מיר: „זדראַסטאַי, טעוועל!" „זדראַסטאַיטי, זדראַסטאַיטי, וואַשע בלאַהאָראָדיע!" — ענטפֿער איך אָפּעט גאַנץ ברייטלעך, און אין האַרצן טראַכט איך מיר: ו י ב ו א ה מ ן — מאַכט רש״י: אַז מע קוקט אַרויס אַף משיחן, קומט דער אוראַטניק... און איך שטיי אויף אַקעגן אים, אַקעגן דעם אוראַטניק הייסט עס: „ברוך־הבא אַ גאַסט, זאָג איך, וואָס הערט זיך עפּעס אַף דער גרויסער וועלט און וואָס וועסטו, זאָג

איך, עפּעס זאָגן גוטס, אדוני פּריץ?" און דאָס האַרץ פּאַלט מיר שיער ניט אַרויס — איך וויל שוין וויסן, וואָס און ווען? און ער, דער אוראַט־ניק הייסט עס, האָט זיך אָבער צײַט. ער פאַררייכערט זיך גאַנץ פײַן אַ פּאַפּירעסל, בלאָזט זיך דעם רויך, שפּײַט אויס און רופט זיך אָן צו מיר: „וויפל צײַט, אַ שטייגער, דאַרפסטו האָבן, טעוועל, זאָלסט קאָנען פאַרקויפן, זאָגט ער, דײַן כאַטע מיט דײַנע אַלע בעבעכעס?" קוק איך אים אָן: „צו וואָס, זאָג איך, זאָל איך פאַרקויפן, זאָג איך, מײַן כאַטע? ווּעמען, למשל, מאַכט זי, זאָג איך, ענג?" „ענג, זאָגט ער, מאַכט זי קיינעם ניט. נאָר איך בין געקומען, זאָגט ער, דיך אַרויסשיקן, זאָגט ער, פון דאָרף". „סך־הכּל, זאָג איך, מער ניט? פאַר וואָסערע מעשׂים טובים? מיט וואָס, זאָג איך, האָב איך פאַרדינט בײַ דיר אַזאַ כּבֿוד?"... „דאָס איז ניט איך שיק דיך אַרויס, זאָגט ער, די גובערניע שיקט דיך אַרויס". „די גובערניע? — זאָג איך. — וואָס האָט זי אַזעלכעס דערזען אויף מיר?" „נישט נאָר דיך אַליין, זאָגט ער, און נישט נאָר פון דאַנען, נאָר פון אַלע דערפער אַרום און אַרום, פון זלאָדײלעווקע, זאָגט ער, און פון ראַבילעווקע, און פון קאָסטאָלאָמעווקע, און אַפילו, זאָגט ער, אַנאַטעווקע, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ שטעטל, ווערט דאָס שוין איצטער אויך, זאָגט ער, אַ דאָרף, און מע וועט אַרויסטרײַבן פון דאָרט, זאָגט ער, אַלע — אַלע אײַערע"... „אַפילו לייזער־וואָלף דעם קצבֿ, זאָג איך, אויך? און נפתּלי־גרשון דעם לומער אויך? און דעם דאָרטיקן שוחט? און דעם רבֿ?" „אַלע! אַלע!" — זאָגט ער און טוט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי אַ שנײַד־אָפּ מיט אַ מעסער... איז מיר אַפילו געוואָרן עפּעס ווי אַביסל גרינגער, ווי זאָגט איר: צרת רבים חצי נחמה. נאָר פאַרדריסן פאַרדריסט דאָס מיך, און אַ פײַער ברענט אין מיר, און איך בין מיך מיישבֿ און רוף מיך אָן צו אים, צום אוראַטניק הייסט עס: „זאָג מיר, זאָג איך, דו ווייסט כאַטש, זאָג איך, וואַשע בלאַהאָראָדיע, אַז איך זיץ דאָ אין דעם דאָרף אַ סך פריִער פון דיר? דו ווייסט, זאָג איך, אַז אָט דאָ, אין דעם ווינקל, איז נאָך מײַן טאַטע עליו־השלום, זאָג איך, געזעסן, און מײַן זיידע עליו־השלום, און מײַן באָבע עליה־השלום?" און איך פויל זיך ניט און רעכן אים אויס די גאַנצע משפּחה בײַ די נעמען, ווו ווער ס'איז געזעסן און ווו ווער ס'איז געשטאָרבן... הערט ער מיך דווקא אויסעט, דער אוראַטניק הייסט עס, און אַז איך האָב געקאָנטשעט, מאַכט ער צו מיר: „דו ביסט אַ ציקאַווע ייִד, זאָגט ער, טעוועל, און

דו האָסט אין זיך נײַן מאָס רייד. צו וואָס טויגן מיר דײַנע מַעשׂיות, זאָגט ער, פֿון דײַן באַבען מיט דײַן זיידן? לאָזן זיי, זאָגט ער, דיר האָבן אַ ליכטיקן גַן־עֵדן! און דו, טעוועל, נעם, זאָגט ער, צונויף דײַנע בעבעכעס און פּאָר־פּאָר נאַ באַרדיטשעוו!״... פֿאַרדריסט עס מיך שוין נאָך מער: גענוג דו זאָגסט מיר אָן, עֵשׂו, אַזאַ גוטע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, מאַכסטו נאָך חוֹזק: פּאָר־פּאָר נאַ באַרדיטשעוו!... לאָם איך אים כאָטש אָביסל אויסלַאָמְרן... און איך רוף מיך אָן צו אים: „וואַשע, זאָג איך, בלאַהאָראָדיע! וויפֿל צײַט, זאָג איך, ביסטו שוין דאָ פּריץ, האָסטו עפּעס געהערט, זאָג איך, אַ סך מאָל, עמעצער פֿון די שְׁכֵנים זאָל זיך אויף מיר באַקלאָגן, אַז טֵביה האָט אים באַגַנְבֿעט, אָדער באַגַזלט, אָדער אויסגענאַרט, אָדער אַזוי צוגענומען? אַנו, צעפֿרעג זיך אַקאָרשט בײַ די בַּעֲלֵי־בָּתים, זאָג איך, צי האָב איך ניט געלעבט מיט זיי אַ סך בעסער, זאָג איך, ווי דער בעסטער בַּעֲלִי־הַבָּית? צי בין איך ניט געווען, זאָג איך, אַדוֹנִי פּריץ, בײַ דיר אַליין, זאָג איך, וויפֿל מאָל בעטן דיך פֿאַר די גוֹיִים, זאָלסט זיי אַזוי ניט אָביזשאַיען?״... האָט דאָס אים שוין, אַפְּנִים, ניט געשמעקט! שטייט ער אויף, דער אוראַדניק, צעקוועטשט דעם פּאַפּיראָס מיט די פֿינגער, טוט אים אַ וואָרף־אָפּ און מאַכט צו מיר: „איך האָב, זאָגט ער, קיין צײַט ניט מיט דיר צו באַלאַקען פּוסטע רייד. ס׳איז מיר אָנגעקומען, זאָגט ער, אַ פּאַפּיר — און ווײַטער גייט מיך ניט אָן! קום, זאָגט ער, וועסטו מיר, זאָגט ער, חַתְמֶענען דאָס פּאַפּיר, און צײַט אויף אַרויסצופֿאָרן גיט מען דיר, זאָגט ער, דרײַ טעג, זאָלסט קאָנען, זאָגט ער, אויספֿאַרקויפֿן אַלצדינג און צוגרייטן זיך אין וועג אַרײַן״. דערזען, ס׳איז ביטער, רוף איך מיך אָן צו אים: „דו גיסט מיר, זאָג איך, דרײַ טעג גיסטו מיר? דרײַ יאָר זאָלסטו לעבן, זאָג איך, דערפֿאַר אין עוֹשֶׁר און אין כָּבוֹד. גאָט זאָל דיר, זאָג איך, צאָלן בּכְּפֵל כְּפְלַיִם, זאָג איך, פֿאַר דער גוטער בּשׂוֹרָה, וואָס דו האָסט מיר געבראַכט אין שטוב אַרײַן״... גוט־גוט אַרײַנגעזאָגט אים, ווי טֵבְיָה קאָן! איך האָב מיך מְיַשבֿ געווען: מִמָה־נַפְשָׁך, סײַ ווי סײַ מאַטיע פֿאַרך — וואָס האָב איך דאָ אָנצוווערן? וואָלט איך געווען ייִנגער כאָטש מיט אַ יאָר צוואַנציק, און וואָלט מיר געלעבט מײַן גאָלדע עָלֶיהָ הַשָׁלוֹם, און וואָלט איך געווען דער אייגענער טביה דער מילכיקער, וואָס אַמאָל, אין די שָׁנִים קַדְמוֹנִיוֹת, — עהע־הע! וואָלט איך זיך אַזוי גיך ניט אונטערגעגעבן! איך וואָלט זיך געבאָרעט, געשלאָגן זיך ביזן בלוט אַרײַן! נאָר אַזוי — וואָס? מָ ה אָ נ ו מֶ ה

חַ יִ י נ ג — וואָס בין איך הײַנט און ווער בין איך? אַ פּלג־גוף, אַ שבֿרי־כּלי, אַ צעבראָכענער שאַרבן! „אַך טי, רבונו־של־עולם, גאָטעניו! — טראַכט איך מיר. — וואָס האָסטו זיך עפּעס צוגעטשעפּעט צו טבֿיהן גראָד? פֿאַרוואָס זאָלסטו בעסער ניט אַ שפּיל טאָן זיך אַמאָל אױף אַ טשיקאַוועס, למשל, מיט אַ בראָדסקין, אָדער מיט אַ רויטשילדן? פֿאַרוואָס לעבֿנט מען מיט זיי ניט די סדרה לך־לך? זיי וואָלט, דאַכט מיר, בעסער אָנגעשטאַנען? ערשטנס, וואָלטן זיי דערפֿילט דעם אמתן טעם, וואָס הייסט אַ ייִד. והשנית, לאָזן זיי אויך זען, אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט״...

בקיצור, דאָס איז אָבער אַלץ פּוסטע דיבורים. מיט גאָט טענהט מען זיך ניט אויס, און אים קיין עצות, וויאַזוי צו פֿירן די וועלט, גיט מען ניט. ער, אַז ער זאָגט: ל י ה ש מ י ם ו ל י ה א ר ץ — קומט אויס, אַז ער איז בעל־הבית, און מיר דאַרפֿן אים פֿאָלגן. וואָס ער זאָגט, איז געזאָגט!... גיי איך אַרײַן אין שטוב אַרײַן און טו מיר אַ זאָג צו מײַן טאָכטער דער אַלמנה: „צייטל, זאָג איך, מיר קלויבן זיך אַרויס, זאָג איך, פֿון דאַנען ערגעץ אין אַ שטאָט אַרײַן. גענוג שוין געזעסן אין דאָרף, זאָג איך. משנה מקום, משנה מזל... דו נעם אָקאָרשט, זאָג איך, און הייב אָן באַצײַטנס זיך צו גרייטן מיטן בעטגעוואַנט, מיטן סאַמאָוואַר און מיט די שאָר ירקות, און איך וועל, זאָג איך, גיין פֿאַרקויפֿן די כאַטע. ס׳איז אָנגעקומען זאָג איך, אַ פּאַפּיר, אַז מיר זאָלן אָפּרייניקן, זאָג איך, דאָס אָרט און אין דרײַ טעג אַרום זאָל דאָ אונדזער דעך ניט בלײַבן!״... דערהערט פֿון מיר אַזאַ בשורה, אַז זי מאַכט ניט קיין געוויין, די אַלמנה מײַנע, און די קינדערלעך אירע, אױף איר קוקנדיק, האָבן זיך גלאַט צעוויינט, און ס׳איז געוואָרן, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, תשעה־באָבֿ אין שטוב! ווער איך שוין אין כּעס און לאָז אויס מײַן גאַנץ ביטער האַרץ אױף מײַן טאָכטער נעבעך: „וואָס האָט איר זיך גענומען, זאָג איך, אױף מײַן לעבן? וואָס האָט איר זיך, צעיאָכמערט פּלוצים אינמיטן דרינען, ווי אַן אַלטער חזן צו די ערשטע סליחות?... וואָס בין איך עפּעס — אַ בן־יחיד, זאָג איך, בײַ גאָט? אַ ציטעריקער? קאַרג ייִדן, זאָג איך, ווערן איצטער אַרויסגעטריבן פֿון די דערפֿער? גיי האָרך, זאָג איך, וואָס דער אוראַדניק דערציילט זיך אָן! אַ סבֿרא, זאָג איך, אַז דײַן אַנאַטעווקע, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ שטעטל, ווערט דאָס שוין אויך, זאָג איך, מיט גאָטס הילף, אַ דאָרף, צוליב די אַנאַטעווקער

יידן, זאָג איך, מע זאָל זיי קאָנען אַרויסטרייבן אַלעמען. ווייבאַלד אַזוי, זאָג איך, מיט וואָס־זשע, זאָג איך, בין איך ערגער פון אַלע יידן?"... אָט אַזוי רייד איך איר אויס דאָס האַרץ, דער טאָכטער מיינער. איז דאָך עס אָבער אַ יידענע. זאָגט זי צו מיר: „וווּהין וועלן מיר זיך, זאָגט זי, קלויבן פלוצים אינמיטן דרינען? וווּ וועלן מיר, זאָגט זי, גיין זוכן שטעט?"... „שטיא! — זאָג איך. — אַז גאָט איז געקומען, זאָג איך, צו אונדזער עלטער־עלטער־זיידן, צו אַבְרָהָם אָבִינוּ, און האָט אים געזאָגט, זאָג איך, לֶךְ־לְךָ מֵאַרְצְךָ — זאָלסט אַרויסגיין פון דיין לאַנד, האָט אים דען אַבְרָהָם, זאָג איך, איבערגעפרעגט דאָס אַנדערע וואָרט אפילו: וווּהין?... גאָט האָט אים געזאָגט, זאָג איך, אֶל הָאָרֶץ אֲשֶׁר אַרְאֶךָּ — איז דער פְּשַׁט: נאַ ווסיע טשעטירע סטאָרעני... מיר וועלן גיין, זאָג איך, וווּהין די אויגן טראָגן, וווּהין אַלע יידן גייען! וואָס סע וועט זיין, זאָג איך, מיט כָּל יִשְׂרָאֵל, דאָס וועט זיין מיט רֶב יִשְׂרָאֵל. און מיט וואָס, זאָג איך, ביסטו מער מיוּחֶסֶת פון דיין שוועסטער ביילקע, די נְגִידֶיתטע? איר שטייט אָן צו זיין מיט איר פֿוּדָהצורן אַצינד אין אַמעריקע און מאַכן אַ לעבאַכץ, מעג דיר אויך, זאָג איך, אָנשטיין... דאַנקען הַשֵּׁם־יִתְבָּרֵךְ, זאָג איך, וואָס מיר האָבן כאָטש מיט וואָס צו רירן זיך. אַביסל, זאָג איך, איז נאָך דאָ פון פריער, און אַביסל פון דער כאַדאָבע, וואָס מיר האָבן פאַרקויפט, און אַביסל וועט אַריינפאַלן פון דער כאַטע. פון אַביסל און אַביסל, זאָג איך, ווערט אַ פולע שיסל — און גַם זוּ לְטוֹבָה! און אַפילו מיר זאָלן, זאָג איך, חלילה גאָרנישט האָבן, איז אונדז, זאָג איך, נאָך אַלץ בעסער פון מענדל ביילים!"...

בְּקִיצוּר, איך האָב באַ איר יאָקאָש געפועלט, זי זאָל זיך ניט שטאַרק פאַרעַקשנען. איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין מיט אַ שֵׂכֶל, אַז דער אוראַטניק קומט און ברענגט אַ פאַפיר, אַז מע הייסט גיין, קאָן מען קיין חזיר ניט זיין און מע דאַרף גיין. און אַליין בין איך אַוועק אין דאָרף מאַכן אַ טאָלק מיט דער כאַטע, און גלייך צו איוואַן פאָפּערילע, צום סטאַראָסטע הייסט עס. ער איז אַ גוי אַ בַּעַל־הַגוּף און פֶּגֶרט נאָך מיין דִירָה! געקומען צו איוואַנען, דערציילט איך אים ניט פון קיין פּוֹתֵר און פון קיין חָלוֹם — אַ ייד איז קליגער פון אַ גוי — און איך זאָג אים, זאָג איך: „הִנֵה זיי וויסן, איוואַנו סערדצע, אַז איך וואַרף אַייך אַוועקעט"... זאָגט ער: „וואָס עפּעס?" זאָג איך: „איך פאָר אַריבער, זאָג איך, אין שטאָט אַריין. איך וויל זיין, זאָג איך, צווישן יידן. איך

בין שוין ניט קיין יונגערמאַן, זאָג איך, טאָמער חָלִילָה טוט מען אַ שטאַרב"... מאַכט צו מיר איוואַן: פּאַרוואָס־זשע זאָלסטו ניט שטאַרבן דאָ? ווער לאָזט דיך ניט?" דאַנק איך אים זייער און זאָג אים: „שטאַרבן דאָ שטאַרב שוין דו בעסער, זאָג איך, דו ביסט בילכער, און איך וועל בעסער גיין שטאַרבן, זאָג איך, צווישן מײַניקע... קויף אָפּ, איוואַנו, בײַ מיר, זאָג איך צו אים, מײַן כאַטע מיטן גאָרטן. אַן אַנדערן וועל איך, זאָג איך, ניט פֿאַרקויפֿן, דיר — יאָ". „וויפֿל, זאָגט ער, ווילסטו פֿאַר דײַן כאַטע?" „וויפֿל, זאָג איך, גיסטו?" אַהין־אַהער, ער מיר: „וויפֿל ווילסטו?" איך אים: „וויפֿל גיסטו?" — מע האָט זיך גענומען דינ־גען זיך, פּאַטשן אין די הענט אַרײַן, אַזוי לאַנג געדונגען זיך און גע־פּאַטשט זיך, אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ, ביז מע האָט זיך אויס־געדונגען פֿאַרן מִקָח, און טאַקע פּאַוואָטירנע גענומען בײַ אים. אױף דער יד אַ פֿײַנעם אַדעריױף, ער זאָל זיך חָלִילָה ניט אויפּטרעגן — אַ ייִד איז קליגער פֿון אַ גוי, — און אָט אַזוי האָב איך אויספֿאַרקויפֿט אין איין טאָג, בְּחֲצִי־חִינָם געוויינלעך, דאָס גאַנצע דאָברע־מַזל, געמאַכט פֿון אַלצדינג גאָלד, און בין אַוועק דינגען אַ פֿור, פֿאַרנעמען דאָס איבערגע־בליבענע ביסל אָרעמקייט — וועט איר הערן נאָך אַ שיינס, וואָס בײַ טֶבִיָהן קאָן זיך פֿאַרלויפֿן! איר לייגט נאָר צו קאָפּ, איך וועל אײַך שוין לאַנג נישט האַלטן, איבערגעבן עס אײַך, ווי זאָגט איר, בִּ שְׁ לִ י שָׁ ה דְ בָ רִ י ם — אין צוויי ווערטער.

בְּקִיצוּר, פֿאַרן אַוועקפֿאָר קום איך אַהיים, טרעף איך שוין ניט קיין שטוב, נאָר אַ חורבֿה. די ווענט נאַקעט, זיי וויינען ממש מיט טרערן! אױף דער ערד — פּעקלעך מיט פּעקלעך מיט פּעקלעך! אויפֿן פּריפּעטשיק זיצט די קאַץ, ווי אַ יְתוֹמָה נעבעך, טרויווערדיק — עס האָט מיך אַזש אַ נעם געגעבן באַם האַרצן און טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן... איך זאָל מיך ניט שעמען פֿאַר מײַן טאָכטער, וואָלט איך מיך גוט־גוט אויסגעוויינט, ווי זאָגט איר, פֿאַרט באַטקאָווישטשינע!... דאָ אויסגעוואַקסן, דאָ פֿאַרשוואַרצט געוואָרן כָּל יָמָיו, און פּלוצים אינ־מיטן דרינען — לֶךְ־לְךָ! זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט, ס'אַ פֿאַרדראָסיקע זאַך!... טֶבִיָה איז דאָך אָבער ניט קיין ייִדענע, האַלט איך מיך אײַן און מאַך מיך פֿריילעך און רוף מיך אָן צו מײַן טאָכטער דער אַלְמָנָה: „קום נאָר אַהער, זאָג איך, צייטל, וווּ ביסטו ערגעץ?" גייט זי אַרויס פֿון צווייטן אַלקער, צייטל הייסט עס, מיט רויטע אויגן און מיט אַ גע־

שוואָלענער נאָז. אַהאַ, טראַכט איך מיר, מײַן טאָכטער האָט זיך דאָ שוין ווידער צעיעֲלֶהט, ווי אַ ייִדענע צו ונתנה־תּוקף! אָט די ווײַבער, הערט איר, זײַנען אײַך קיין קאַטאָוועס ניט — באַלד עפּעס, איז געווײַנט! וואָלוועלע טרערן בײַ זיי! „שטיאָ! — זאָג איך איר. — וואָס ווייַנסטו שוין ווידער? ביסטו ניט קיין נאַר? — זאָג איך. — באַרעכן זיך נאָר, זאָג איך, דעם חילוק פֿון דיר ביז מענדל בייליס"... ווײַל זי ניט הערן און מאַכט צו מיר: „טאַטע, זאָגט זי, דו ווייסט ניט וואָס איך ווייִן"... זאָג איך: „איך ווייס גאַנץ גוט. פֿאַרוואָס זאָל איך ניט וויכן? דו ווייַנסט, זאָג איך, ס'טוט דיר באַנג די היים... ביסט אָט דאָ, זאָג איך, געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן — פֿאַרדריסט עס דיך!... גלייב מיר, זאָג איך, איך זאָל ניט זײַן טביה, איך זאָל זײַן אַן אַנדערער, וואָלט איך אַליין אויך, זאָג איך, געקושט אָט די נאַקעטע ווענט מיט אָט די ליידיקע פּאָליצעס... איך וואָלט אַליין אויך, זאָג איך, צוגעפֿאַלן צו אָט דער דאָזיקער ערד!... עס טוט מיר באַנג, זאָג איך, איטלעכס ברעקל גלײַך מיט דיר. נאַרעלע! אַפֿילו אָט די קאַץ, זאָג איך, זעסטו, אָן זיצט זי דאָרט אַ פֿאַריתומטע אױפֿן פּריפּעטשיק? אַ שטומע צונג, אַ חיה, זאָג איך, פֿונדעסטוועגן איז אַ רחמנות, זי בלײַבט אַליין אָן אַ בעל־הבית — צער־בעלי־חיים"... „ס'איז דאָ, מאָל דיר, זאָגט זי, אַ גרעסערער רחמנות"... „דהיינו?" „דהײַנו, אָט פֿאָרן מיר אַוועק, זאָגט זי, און לאָזן איבער דאָ איין מענטשן אַליין, עלנט ווי אַ שטיין". פֿאַרשטיי איך ניט, וואָס זי מיינט, און רוף מיך אָן צו איר: „וואָס באַלעבעטשעסטו, זאָג איך? וואָסערע פּלאָמען? וואָס מענטש? וואָסער שטיין?" מאַכט זי צו מיר: „טאַטע, איך רייד ניט פֿונעם וועג, איך רייד, זאָגט זי, פֿון אונדזער חוה"... און ווי זי האָט מיר אויסגערעדט דעם דאָזיקן נאָמען, איז שווער איך אײַך, ווי מיט אַ הייסן אָקרעפּ, אָדער מיט אַ שײַט־האָלץ איבערן קאָפּ! און איך פֿאַל אָן אױף מײַן טאָכטער און גיב איר אַוועק אַ ווייסטן סוף: „וואָס עפּעס פּלוצים אײַנמיטן דרינען חוה, זאָג איך? איך האָב דאָך אָנגעזאָגט, זאָג איך, וויפֿל מאָל, אַז חוה לא יזכר ולא יפּקד!"... מיינט איר, אַז זי שרעקט זיך איבער? אָבער גאָר לאָ! טביהס טעכטער האָבן אין זיך אַ כּוח! „טאַטע, מאַכט זי צו מיר, דו בייזער זיך נאָר ניט אַזוי שטאַרק און דערמאָן זיך בעסער, וואָס דו אַליין, זאָגט זי, האָסט געזאָגט וויפֿל מאָל, אַז סע שטייט געשריבן, אַז אַ מענטש דאַרף האָבן רחמנות אױף אַ מענטשן, ווי אַ טאַטע

אַף אַ קינד״... איר הערט ווערטער? ווער איך מְסֻתָּמָא נאָך מער אויפ־געקאָכט און גיב איר אַוועקעט אַ גאָב, ווי איר קומט: „פון רַחֲמָנוּת, זאָג איך, רעדסטו מיט מיר? ווו איז געווען, זאָג איך, איר רַחֲמָנוּת, אַז איך בין געלעגן ווי אַ הונט פאַרן גַלַח, יִמַח שְׁמוֹ, אים געקושט די פיס, און זי איז אֶפְשָׁר געווען, זאָג איך, אין צווייטן חֶדֶר און אפשר געהערט איטלעכס וואָרט?... אָדער ווו איז געווען, זאָג איך, איר רַחֲמָנוּת, אַז די מאמע עָלֶיהָ הַשָׁלוֹם איז געלעגן, זאָג איך, ניט פאַר דיר געדאַכט, אָט דאָ אַף דער ערד מיט שוואַרצן איבערגעדעקט? ווו איז זי דעמאָלט געווען?... און די נעכט, וואָס איך בין, זאָג איך, ניט געשלאָפן? און דאָס קרענקען, וואָס האָט מיך, זאָג איך, געקרענקט די גאַנצע צײַט ביז הײַנטיקן טאָג נאָך, אַז איך דערמאָן מיך, זאָג איך, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטאָן, אַף וועמען זי האָט אונדז אויסגעביטן — ווו איז, זאָג איך, דער רַחֲמָנוּת אַף מיר?״... און עס פאַרבאַקט מיך באַם האַרצן און איך קאָן ניט ריידן מער... מיינט איר דאָך אַוודאי, אַז טֶבְיֶהס טאָכ־טער האָט גישט געפונען, וואָס מיר דערויף אָפּצוענטפערן? „דו אַליין, זאָגט זי, זאָגסט דאָך, טאַטע, אַז דער מענטש, וואָס האָט חֲרָטָה, איז אים אפילו גאָט אַליין אויך מוֹחל״... „חֲרָטָה? — זאָג איך. — צו שפּעט! דאָס צווײַגעלע, זאָג איך, וואָס האָט זיך איינמאָל אָפּגעריסן פון בוים, מוז, זאָג איך, פאַרטריקנט ווערן! דאָס בלעטל, זאָג איך, וואָס איז אָפּגעפאַלן, מוז פאַרפוילט ווערן, און מער, זאָג איך, זאָלסטו מיט מיר ניט ריידן דערפון — עַד כָּאן אוֹמְרִים בְּשַׁבָּת הַגָּדוֹל!״...

בקיצור, דערזען, אַז מיט ווערטער קאָן זי מיט מיר גאָרניט מאַכן, טֶבְיֶה איז ניט דער מענטש, וואָס מע רעדט אים איבער, פאַלט זי צו מיר שוין גאָר צו און הייבט מיך גאָר אָן צו קושן אין די הענט אַרײַן און מאַכט צו מיר: „טאַטע, זאָגט זי, זאָל איך שלעכטס האָבן, זאָל איך שטאַרבן אָט־אָ־דאָ אַפן אָרט, אויב דו וועסט זי איצטיקס מאָל, זאָגט זי, אָפּשטויסן, ווי דו האָסט זי אָפּגעשטויסן דעמאָלט אין וואַלד, אַז זי איז, זאָגט זי, צוגעפאַלן צו דיר, און דו האָסט פאַרקערעוועט, זאָגט זי, דאָס פערדל און ביסט אַנטלאָפן!״... „וואָס פאַר אַ פּריטשעפּע, זאָג איך, אַף מײַן קאָפּ? וואָס פאַר אַן אָנשיקעניש?! וואָס האָסטו זיך גע־נומען, זאָג איך, אַף מײַן לעבן?!״... לאָזט זי מיך ניט אָפּעט, האַלט מיך צו באַ די הענט און טענהט זיך אירס: „זאָל איך שלעכטס האָבן,

זאָגט זי, זאָל איך שטאַרבן, אויב דו וועסט איר ניט מוחל זײַן, זאָגט זי, וואָרעם זי איז דיר אַ טאָכטער, זאָגט זי, גלײַך ווי איך!״... „וואָס ווילסטו, זאָג איך, פֿון מײַן לעבן? זי איז ניט מײַן טאָכטער מער! זי איז שוין, זאָג איך, לאַנג געשטאָרבן!״... „ניין, זאָגט זי, זי איז ניט געשטאָרבן און זי איז שוין צוריק דײַן טאָכטער, זאָגט זי, ווי געווען, וואָרעם פֿון דער ערשטער מינוט, זאָגט זי, אַז זי איז געוווירע געוואָרן, אַז מע שיקט אונדז אַרויס, האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין, אַז דאָס שיקט מען אַרויס אונדז אַלעמען, זי אויך, הייסט עס. דאָרט וווּ מיר — אַזוי האָט מיר חוה אַליין געזאָגט — דאָרט איז זי. אונדזער גלות — דאָס איז איר גלות... אַ סימן, זאָגט זי, האָסטו, טאַטע, אָט איז אַפֿילו דאָס פּעקל אירס״... אַזוי מאַכט צו מיר מײַן טאָכטער, צייטל הייסט עס, אין איין אָטעם, ווי די עשׂרת בני המן אין דער מגילה, און לאָזט מיך אַפֿילו ניט אַ וואָרט אַרויסריידן און טוט מיר אַ ווײַז־אָן אַף עפּעס אַ פּעקל אין אַ רויטער פֿאַטשיילע אײַנגעוויקלט, און טאַקע פֿאַווטירנע טוט זי אַן עפֿן־אויף די טיר פֿון צווייטן אַלקער און אַ רוף־אויס: „חוה!״ — ווי איר זעט מיך אַ ייִדן... און וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, ליבער פֿרײַנט? טאַקע פּונקט אַזוי ווי באַ אײַך אין די ביכלעך ווערט באַשריבן, באַווײַזט זי זיך, חוה הייסט עס, פֿון אַלקער אַרויס — אַ געזונטע, אַ גלאַטע, אַ שיינע, ווי געווען, ניט געמינערט אַ האָר, נאָר דאָס פּנים אַביסל פֿאַרזאָרגט, די אויגן אַביסל פֿאַרצויגן, און דעם קאָפּ האַלט זי הויך, מיט גדלות, בלײַבט שטיין אַ ווײַלע, קוקט אַף מיר, איך — אַף איר. דערנאָך ציט זי אויס צו מיר ביידע הענט, און נאָר איין וואָרט קאָן זי אַרויסריידן, איין־און־איינציק וואָרט, און שטיל:

— טאַ־טע...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָט קיין פֿאַריבל ניט, אַז איך דערמאָן מיך, שטעלן זיך מיר נאָך איצט טרערן אין די אויגן. נאָר מיינט ניט פֿונדעסטוועגן, אַז טביה האָט חלילה געלאָזט אַ טרער, אָדער אַרויסבאַוויזן, ווי זאָגט איר, מיאַכקי לבבות — בלאָטע!... דאָס הייסט, וואָס איך האָב געפֿילט בעת־מעשׂה אינעווייניק אין האַרצן — דאָס איז עפּעס אַנדערש. איר זײַט דאָך אַליין אויך אַ טאַטע פֿון קינדער און איר ווייסט גלײַך מיט מיר דעם פּשט

פונעם פָּסוּק „פְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים” און דעם טַעַם פון דעם, בְּעֵת אַ קינד, עס מעג זיך ווי פאַרזינדיקן, נאָר אַז סע קוקט אײַך גלײַך אין דער נְשָׁמָה אַרײַן און זאָגט אײַך: „טאַטע!” — אַנו, זײַט דעמאָלט אַ בְּרִיָה, אַדְרַבָּה, און טרײַבט עס אָפּ!... און צוריק אָבער, דער פּוֹתֵחַ־הַדֵם אַר־בעט, און עס קומען מיר אָקעגן באַלד דאָס שיינע שפּיצל, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטאָן... כוועדקע גאַלאַגאַן, אײַנגעזונקען זאָל ער ווערן... און דער גַלַח, יִמַח שְׁמוֹ... און מײַנע טרערן... און גאָלדע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹמס טויט... ניין! זאָגט שוין איר אַליין, ווי קאָן מען דאָס פאַרגעסן, ווי קאָן מען דאָס פאַרגעסן?... און ווידער צוריק — סטײַטש! פאָרט אַ קינד... כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים... ווי טאָר אַ מענטש זײַן אַן אַכְזָר, אַז גאָט אַליין זאָגט אָף זיך, אַז ער איז אַן אֵל אֶרֶך אַפַּיִם!... ובפרט, זי האָט חֲרָטָה און וויל זיך אומקערן צוריק צו איר טאַטן און צו איר גאָט!... וואָס זאָגט איר, פאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם? איר זײַט דאָך עפּעס אַ יִיד, וואָס קאַטאָרי איר מאַכט ביכלעך און איר גיט דער וועלט עֵצוֹת — זאָגט שוין איר אַליין, וואָס האָט טֵבְיָה באַדאַרפט טאָן? אַרומנעמען זי, ווי אַן אייגענע, קושן זי און האַלדזן זי און זאָגן איר, ווי מיר זאָגן יוֹם־כִּיפּוּר צו כָּל־נִדְרֵי: סְ לַ ח תִּ י כִּ ד בָ רֶ י ךָ — קום צו מיר, דו ביסט מײַן קינד? צי אפשר פאַרקערעווען דעם דישל, אַזוי ווי דעמאָלט, און זאָגן איר: לֶ ךְ ־ לְ ךָ — גיי דיר געזונטערהייט פון וואַנען דו ביסט געקו־מען?... ניין, לאָז זיך אײַך דאַכטן, לְמָשָׁל, עלעהיי איר זײַט אָף טֵבְיָהס אָרט, און זאָגט מיר בְּהֵן שֶׁלִי, נאָר אָפּנטלעך, ווי פאַר אַן אֱמֶתן גוטן פרײַנט: וויאַזוי וואָלט א י ר זיך נוֹהֵג געווען?... און אויב איר קאָנט עס מיר ניט זאָגן באַלד, גיב איך אײַך צײַט אָף צו באַטראַכטן זיך... און דערווײַל דאַרף מען גיין — די אייניקלעך וואַרטן שוין אָף מיר, קוקן אַרויס אָפּן זיידן. איר דאַרפט וויסן, אַז אייניקלעך זײַנען נאָך טויזנט מאָל טײַערער און אײַנגעבאַקענער פון קינדער. בָּ נִ י ם וּ בְ נֵ י בָּ נִ י ם — אַ קלייניקייט! זײַט מיר געזונט און האָט קיין פאַריבל ניט, איך האָב אײַך אָנגעקלאַפּט אַ קאָפּ — איר וועט שוין דערפאַר האָבן וואָס צו שרײַבן... אַז גאָט וועט הייסן, וועלן מיר זיך נאָך זען מִסְתָּמָא. אַ גוטן!

# וחלקלקות

אַ פאַרשפּעטיקטע מעשה פון טביה דעם מילכיקן,
דערציילט נאָך פאַר דער מלחמה, נאָר איבער דעם
גלות און איבער דער מהומה האָט זי ביז אַהער ניט
געקאָנט זען די ליכטיקע וועלט.

געשריבן אין די יאָרן 1914—1916.

# וַחֲלַקְלַקּוֹת

— איר געדענקט דאָך מִסְתָּמָא, פאַניע שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם, ווי איך האָב אײַך אָנומלטן אײַנגעטײַטשט די פּרשה „לֶךְ־לְךָ“ מיט אַלע ל״ב פֵּירוּשִׁים, דערציילט, וויאַזוי עֵשָׂו האָט זיך פײַן צערעכנט מיט זײַן ברודער יַעֲקֹב, גוט באַצאָלט אים פאַר דער בְּכוֹרָה, אַרויסגעמְשַׁלֵחַט מיך פונעם דאָרף מיט האַק און פּאַק, מיט קינדער און קינדס־קינדער און מיט די בעבע־כעס, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, געמאַכט תֵּל־עוֹלָם פון דער גאַנצער כאַ־דאָבע מיטן ביסל אָרעמקייט, מיטן פערדל, לְהַבְדִיל, פון וועלכן איך קאָן נאָך עַד־הַיּוֹם ניט ריידן אָן טרערן אין די אויגן, ווי מיר זאָגן תִּשְׁעָה־בְּאָב אין די קינות: עַ ל אֵ לֶ ה אֲ נִ י בּ וֹ כִ יָּ ה — עס האָט פאַרדינט מען זאָל נאָך דעם לאָזן אַ טרער... מילא, בין איך אײַך דאָס מוחל. וואָרעם, צוריק שמועסנדיק, איז דאָך ווידעראַמאָל די אייגענע מַעֲשֶׂה: מיט וואָס בין איך דאָס מער בֶּן־יָחִיד באַ דעם רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם פון אַלע אַנדערע אַחֵינוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, וואָס פאָניע טרײַבט האַלדז־און־נאַקן פון די הייליקע דערפער, קערט און רוימט און ריייניקט און קאָרענ׳עט אויס מיטן וואָרצל ווו נאָר ס׳איז פאַראַן אַ סִימָן פון אַ ייִד, ווי מיר זאָגן אין „יַעֲלֶה וְיָבוֹא“: וְ יִ פָּ קֵ ד וְ יִ זָּ כֵ ר — עס זאָל קיין סליאַד ניט בלײַבן? מיט וואָס האָב איך דאָ, משטיינס געזאָגט, זיך איבערצונעמען פאַר גאָט מער פון אַלע אַרויסגעטריבענע דאָרפישע ייִדן, וואָס בלאָנקען זיך איצט אַרום אַף אַלע וועגן מיט ווײַב און קינדער, ווי די בלודנע שאָף, ווייסן ניט ווו אַ נאַכט איבערצונעכטיקן, האָבן ניט ווו אַ קאָפּ אָנצו־שפּאַרן, ציטערן יעדע מינוט, טאָמער באַווײַזט זיך פון דער ווײַטן אַ קנעפּל פון אַן אוראַטניק, אָדער גלאַט אַזוי אַ שוואַרציאָר, ווי מיר זאָגן אין מַעֲבִיר סֶדְרָה זײַן: יַ עֲ שֶׂ ה ה׳ עָ לֶ י ךָ ג וֹ י ?... אײַ, וואָס? טֶבְיֶה איז נישט קיין עַם־הָאָרֶץ, ווי אַנדערע דאָרפישע ייִדן, פאַר־שטייט אַ קאַפּיטל תְּהִילִים, איז נישט פרעמד אין אַ מִדְרָשׁ און קאָן אָפּ־דראַפּען, מיט גאָטס הילף, אַ פָּרָשָׁה חוּמָשׁ מיט רַשִׁ״י אויך? מילא בְּכֵן?

ווילט איר, אַז עֵשָׂו זאָל דאָס אָפּשאַצן, ווי עס געהער צו זײַן, און זאָל האָבן דֶרֶך־אֶרץ פאַר אַזאַ ייִדן? אָדער אֶפשֶר קומט מיר גאָר אַ דאַנק דערפאַר? כאָטש אין תּוֹך גערעדט, איז דאָ נישטאָ מיט וואָס צו שע־מען זיך, און קיין חִסָרון איז דאָס אַוודאי ניט, — איך מיין טאַקע דאָס, וואָס מען איז, גאָט צו דאַנקען, אַ ייִד מיט לײַטן גלײַך, מען איז ניט בלינד אין די שוואַרצע פּינטעלעך, מען איז באַהֶבֶינט אין אַ פּסוק און מע ווייס, ווו אײַן און ווו אויס, ווי אין פֶּרֶק שטייט געשריבן: וְדַע מַה שֶׁתָּשִׁיב — אַז ווײַל איז דעם וואָס ווייס... איר מיינט אפשר, פּאַניע שָׁלֹום־עֲלֵיכֶם, איך זאָג דאָס אײַך גלאַט אַזוי, פונעם אַרבל? אָדער איך וויל זיך דאָ אויספּײַנען פאַר אײַך, באַרימען זיך אינמיטן דרינען מיט מײַן גרויס קענטשאַפט און מיט מײַן לָומְדוּת? האָט קיין פּאַריבל ניט, דאָס קאָן זאָגן נאָר אַזעלכער, וואָס קען ניט טֶבְיֶהן. טֶבְיֶה רעדט ניט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן, און קיין פּוסטער באַרימער, ווייסט איר דאָך, איז ער קיינמאָל ניט געווען. טֶבְיֶה האָט ליב צו דערציילן אַ זאַך, וואָס טאַקע בְּעֵינַי רָאִיתִי — ער אַליין האָט דאָס דורכגעמאַכט, מיט אים אַליין האָט זיך דאָס געטראָפן. זעצט אײַך צו אָט־אָ־דאָ אָף אַ ווײַלעטשקע, וועט איר האָרכן אַ שיינס, וויאַזוי עס קומט אַמאָל צוניץ אַ מענטשן, אַז מען איז ניט קיין פּראָסטער בָּשָׂר וְדָגִים און מע האָט אַ שטיקל באַגריפיע אויך אין די עוֹלָמוֹת הָעֶלְיוֹנִים און מע ווייס, ווען און ווו און וויאַזוי אַרײַנצושרויפן אַ פָּסוּק, כאָטשבי פון אונדזער אַלטן תְּהִילִים.

בְּקִיצוּר, דאָס איז געווען, אויב איך האָב קיין טָעוּת ניט, שוין־לאַנג, גאָר לאַנג, איך האָב מוֹרא, אויב נישט אין דער סאַמע היץ פון בַּיָּמִים הָהֵם — פון פּאָניעס רעוואָלוציעס מיט קאָסנעטוציעס בעת כרוקעלע האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער ייִדישע שטעט און שטעטלעך מיט אַ פרײַ געמיט און מיט אויפגעבונדענע הענט און גענומען מאַכן אַ תַּכְלִית פון ייִדישן האָב־און־גוטס, כַּכָּתוּב, ווי אין סִידור שטייט געשריבן: שׁוֹבֵר אוֹיְבִים וּמַכְנִיעַ זֵדִים — געבראָכן פענצטער און געריסן בעטגעוואַנט... איך האָב אײַך שוין, דאַכט זיך, אַמאָל געהאַט געזאָגט, אַז איך אַליין ווער ניט נִתְפָּעל פון אַזעלכע זאַכן, און שרעקן שרעק איך מיך אויך ניט איבער, וואָרעם ס'איז דאָך אַ מִמָּה־נַפְשָׁך: איז דאָס אַ באַ־שערטע זאַך, אַ גְזֵירָה מִן הַשָּׁמַיִם, דאַרף איך דאָך ניט זײַן קיין אויסנאַם פונעם כְּלַל ישראל, ווי מיר זאָגן אין פֶּרק: כָּל יִשְׂרָאֵל יֵשׁ לָהֶם

ח ל ק? אלא וואס דען? ס'איז גלאט אן עפּידעמיע, א מין אונטערגאנג, רחמנא ליצלן, א שטורעמווינט, וואס גייט פאַרביי, — איז דאך אַוודאי ניטא וואס אַראָפּצופּאַלן באַ זיך! דער שטורעמווינט וועט זיך אײַנשטילן, דער הימל וועט זיך אויסלײַטערן און עס וועט זײַן ח ד ש י מ י נ ו כ ק ד ם. ווי זאָגט דער גוי, להבדיל: „נע בולאָ או מיקיטע הראשי אי נע בודע"...

און כך הוה — אַזוי איז געווען איצט אויך, אַז ס'איז געקומען צו מיר די הראָמאַדע פון דאָרף, ווי איך האָב אײַך, דאַכט זיך, שוין געהאַט דערציילט אַמאָל, און מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה טובה, אַז מען איז דאָס געקומען צו מיר טאָן, וואָס מע טוט מיט כל ישראל, דאָס הייסט, מקיים זײַן די מצווה פון „בעי זשידאָוו". האָב איך דאָך מסתמא, ראשית חכמה, אויסגעבטלט צו זייער קאָפּ אַלע בייזע ווײסטע חלומות, גענומען טענהן און פרעגן קשיות, ווי טביה קאָן: סטײַטש, וואָזוי, און פאַר וואָס, און פאַר ווען, און וואָס איז דאָס גלאַט פאַר אַ שטייגער אָנפאַלן אָף אַ מענטשן, זאָג איך, אינמיטן העלן טאָג און אַרויסלאָזן אים די פעדערן פון די קישנס?...

מילא, טענות אהין, טענות אהער — איך זע, ס'איז אַרויסגעוואָרפן אַלע מײַנע רייד. כרוקעלע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט. זיי מוזן, זאָגן זיי, יוצא זײַן פאַר נאַטשאַלסטווע. זיי האָבן מורא, זאָגן זיי, טאָמער טראָגט אָן דער רוח אַ קנעפּל, אַ שוואַרציאַר — לאָז ער זען, זאָגן זיי, אַז זיי זײַנען לײַטן־גלײַך, ניט דורכגעלאָזט אַ ייִדן גלאַט אַזוי, אָן אַ שום סימן פון אַ פּאָגראָם. וואָס פאַר אַ פּנים, זאָגן זיי, וועלן זיי האָבן באַ נאַטשאַלסטווע?... על־כן, זאָגן זיי, איז געבליבן באַ הראָמאַדע, אַז עפּעס טאָן מיט מיר — דאָס מוזן זיי!...

האָב איך מיך מיישב געווען סאַמע אין דער לעצטער מינוט: „ווייסט איר וואָס, זאָג איך זיי, ווײַבאַלד אַז הראָמאַדע האָט אַזוי געפּסקנט, זאָג איך, איז דאָך ניט שײַך. וואָס קאָן זײַן העכער פון הראָמאַדע? נאָר וואָס דען, זאָג איך, דאָס ווייסט איר, זאָג איך, אַז ס'איז פאַראַן אַ זאַך, וואָס ס'איז נאָך העכער פון הראָמאַדע?"... זאָגן זיי: „דהײַנו, וואָס קאָן נאָך זײַן העכער?" זאָג איך: „גאָט. איך מיין ניט, זאָג איך, אלהינו — נאַש באָג, אָדער אלהיכם — וואַש באָג. איך מיין, זאָג איך, א ל ה י נ ו ו א ל ה י א ב ו ת י נ ו — אונדזער אַלעמענס גאָט...

אָט יענער, זאָג איך, וואָס האָט באַשאַפן מיך און אײַך, להבדיל, און

אײַער גאַנצע הראָמאַדע — אָט, זאָג איך, װעמען איך מײן. איז באַ אים, זאָג איך, דאַרף מען אַ טאָפּ טאָן, אויב ער װיל, אויב ער הײסט, איר זאָלט מיר שלעכטס טאָן. װאָרעם עס קאָן זײַן, זאָג איך, אַז ער הײסט טאַקע אַזוי, און עס קאָן װידער צוריק זײַן, אַז ער װיל עס בשום אופן ואופן ניט. אַנו, װיאַזױ קאָנען מיר עס װיסן? װעלן מיר װאַרפן, זאָג איך, גורל. אָט, זאָג איך, ליגט אַ תּהילים פון גאָט. איר װײסט דאָך, זאָג איך, װאָס תהילים באַדײַט? באַ אונדז הײסט עס תּהילים, באַ אײַך הײסט עס פּסאַלטיר. אָט דער הײליקער פּסאַלטיר, זאָג איך, װעט זײַן צװישן אונדז דער שופט, דער מיראָװאָי סודיאַ הײסט עס. ער, זאָג איך, װעט פּסקענען, צי איר דאַרפט מיך שלאָגן, צי ניט"...

קוקן זײ זיך איבער ציקאַװע, און איװאַן פּאָפּערילע דער סטאַראָס־טע גײט אַרױס פון אינמיטן און רופט זיך אָן צו מיר: „אַ שטײגער, זאָגט ער, װיאַזױ װעט דאָס דער הײליקער פּסאַלטיר פּסקענען?"... זאָג איך: „אַז דו װעסט מיר געבן, איװאַנו, דײַן הן שלי און טאַקע דײַן האַנט תּקיעת־כּף, אַז הראָמאַדע װעט פאָלגן אַלץ, װאָס דער תּהילים װעט פּסקענען, װעל איך דיר, זאָג איך, דעמאָלט באַװײַזן"... נעמט איװאַן און ציט מיר אױס אַ יד און מאַכט צו מיר: „גערעדט איז גערעדט". „אױב אַזױ, זאָג איך, איז גוט. איצט, זאָג איך, װעל איך אױפמישן אין תּהילים אַ בלעטל, און דאָס ערשטע װאָרט, זאָג איך, װאָס ס'װעט זיך מיר װאַרפן אין די אױגן, װעל איך אײַך זאָגן, און איר, זאָג איך, װעט אַזױ גוט און פרום זײַן דאָס מיר נאָכזאָגן. איז אױב, זאָג איך, עמעצער פון אײַך אָט־דאָ װעט עס קאָנען מיר נאָכזאָגן, איז אַ סימן, זאָג איך, אַז גאָט הײסט, איר זאָלט טאָן מיט טביהן, װאָס איר װילט, און אױב, זאָג איך, ניט, איז אַ סימן, אַז גאָט הײסט ניט... זײַט איר מסכּים?" קוקט זיך איבער איװאַן דער סטאַראָסטע מיט הראָמאַדע און מאַכט צו מיר: „לאַדנאָ". „אױב אַזױ, זאָג איך, און גיב אַן עפן־אױף דאָס תּהילימל פאַר זײ, איז רעכט. אָט, זאָג איך, האָט איר עס: „וַ ח ַ ל ַ ק ְ ל ַ ק ּ ו ֹ ת"... קאָנט איר, זאָג איך, זיך אונטערנעמען מיר נאָכזאָגן דאָס װאָרט „וַחֲלַק־לַקּות"?... קוקן זײ אײנס אַף דאָס אַנדערע און אַלע אַף מיר און הײסן זיך איבערחזרן דאָס װאָרט נאָכאַמאָל. זאָג איך: „באַ מיר האָט איר געפֿועלט כאָטש דרײַ מאָל, אױב איר װילט: „וַחֲלַקְלַקּות! וַחֲלַקְלַקּות! וַחֲלַקְלַקּות!"... זאָגן זײ: „נײן, טעװעל, דו זאָג ניט: האַל־חאַל־האַל! דאָ, זאָגן זײ, זאָג אונדז מיט אַ מױל און מיט אַ טאָלק און פּאַװאָלינקע!"

זאָג איך: „אויך גיפּועלט! איך וועל אײַך, זאָג איך, זאָגן מיט אַ מויל, און מיט אַ טאָלק, און פּאַוואָלינקע: וְ־חלַק־לַ־קְות! צופרידן?"...

האָט זיך היטשקע פּאַרטראַכט אַ ווײַלע און האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, איטלעכער אַף זײַן שטייגער: איינער האָט אַ זאָג געטאָן: „הײַדאַמאַקי". דער אַנדערער: „לאַמאַקי". באַם דריטן איז שוין גאָר אויסגעקומען: „חײַקאַליאַ". וואָס איז אים עפּעס געפעלן „חײַקאַליאַ"? נאָך הָיָה־לָאָה נַפְתָּלי־גֵרשון דעם לומערס, וואָס אין אַנאַטעווקע. איך זע, ס'איז אַ מַעֲשֶׂה אָן אַן עק, רוף איך מיך אָן צו זיי: „איר ווייסט, זאָג איך, קינדער? איך זע, אַז די אַרבעט, זאָג איך, גייט בײַ אײַך צו שווערלעך. אַפָּנִים, זאָג איך, אַז „וַחֲלַקְלַקּוֹת" איז ניט פאַר אײַער קאָפּ; וועל איך אײַך געבן, זאָג איך, אַן אַנדער וואָרט, אויך פון אונדזער תהילים: „מִ מַ ע מַ קִ י ם"... „מִ מַ עַ מַ קִ י ם קְ רָ א תִ י ךָ"...

האָט זיך דאָך מסתמא ווידעראַמאָל אָנגעהויבן די אייגענע חֲתֻנָּה: בײַ איינעם איז דאָס אויסגעקומען: „לאַכאַנקאַ קעראָסינאַ". באַם צווייטן — „קריוווליאַקאַ בווזינאַ". דער דריטער האָט גאָר אַ שפּײַ געטאָן: „טפו! נעבכײַ טובי ליכאָ האָדינאַ!"...

בְּקִיצוּר, זיי האָבן, אַפָּנִים געזען, אַז מיט טֶבְיֶהן וועלן זיי זיך ניט אויסטַעֲנֶהן, רופט זיך אָן צו מיר דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאָפּעריליע הייסט עס, בָּזֶה הַלָּשון: „די מַעֲשֶׂה, זאָגט ער, דערפון איז אַזוי. מיר האָבן צו דיר, טעוועל, אייגנטלעך, גאָרנישט ניט. דו ביסט טאַקע אַ זשיד, נאָר ניט קיין שלעכטער מענטש. איינס צום אַנדערן אָבער געהער זיך ניט אָן — שלאָגן דאַרף מען דיך. הראָמאַדע האָט אַזוי געפּסקנט — פאַר־פאַלן. מיר וועלן דיר, זאָגט ער, כאָטש אויסהאַקן אַ פּאָר פענצטער. און פּאַר נויט, זאָגט ער, קאָנסטו אַליין זיך אויסהאַקן אַ פּאָר שויבן — אַבי פאַרשטאָפּן זיי דאָס מויל, כאַפּט זיי דער שוואַרציאָר! טאָמער, זאָגט ער, פאָרט דורך נאַטשאַלסטווע, לאָזן זיי, זאָגט ער, זען, אַז מע האָט דיך ניט דורכגעלאָזט. אַניט, זאָגט ער, וועט מען איבער דיר אונדז נאָך שטראָפירן... און אַצינדערט, זאָגט ער, טעוועל, שטעל דעם סאַמאָוואַר און זײַ אונדז מְכַבֵּד מיט טיי, און, פאַרשטייט זיך, אַ האַלב עמער בראָנפן פאַר הראָמאַדע, וועלן מיר נעמען צו גלעזלעך און טרינקען פאַר דײַן געזונט, וואָרעם דו ביסט, זאָגט ער, אַ קלוגער ייִד, פון גאָטס מענטשן"...

אָט מיט די ווערטער און מיט דעם לָשון, ווי איך דערצייל אײַך, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן מיט אײַך אינאיינעם בְּכָל אֲשֶׁר אֶפְנֶה!

גו, איצט פרעג איך אײַך, פּאַניע שָלֹום־עֲלֵיכֶם, איר זײַט דאָך עפּעס
אַ ייִד, וואָס קאַטאָרי איר שרײַבט — איז שוין טֶבֿיֶה געדעכט, וואָס ער
זאָגט, אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט און אַז אַ מענטש, כָּל־זְמַן ער לעבט,
טאָר באַ זיך קיינמאָל ניט אַראָפּפאַלן, וּבִפְרַט אַ ייִד, וּבִפְרַט אַזעלכער,
וואָס איז ניט פאַרעמד פון אַנְשֵׁי שְלֹומֵנוּ — פון די שוואַרצע
פינטעלעך! ווארעם נאָך אַלעמען, הערט איר, קומט טאַקע פאַרט אויס,
ווי מיר זאָגן אַלע טאָג אין דאַווענען: אַשְׁרֵי יוֹשְׁבֵי — אַז ווײַל
און אַז גוט איז דעם, וואָס קען. און ווי מיר זאָלן זיך ניט קליגן און ווי
מיר זאָלן ניט וועלן גיין מיט אייבער־הַסְבָּרות, מוזן מיר מוֹדֶה זײַן, אַז
מיר ייִדן זײַנען פאַרט דאָס בעסטע און דאָס קליגסטע פאָלק פון אַלע
פעלקער, ווי דער נָבִיא זאָגט: מִי כְּעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל גּוֹי אֶחָד
— ווי קאָן זיך גלײַכן אַ גוי צו אַ ייִדן? אַ גוי איז אַ גוי, און אַ ייִד איז
פאַרט אַ ייִד, ווי איר אַליין זאָגט אין אײַערע מַעֲשֶׂה־ביכלעך, אַז אַ ייִד
באַדאַרף מען זײַן געבוירן... אַשְׁרֶיךָ יִשְׂרָאֵל — אַז ווײַל איז
צו מיר, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אַ ייִד, ווייס איך דעם טַעַם פון
גָלוּת־יָוָן און פון אַרומשלעפּן זיך צווישן די פעלקער און פון וַיִּסְעוּ
וַיַּחֲנוּ — ווו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט, ווארעם פון זינט מע
האָט מיט מיר געלערנט די סֶדְרָה „לֶךְ־לְךָ“, — געדענקט איר, איך האָב
אײַך אַמאָל געהאַט דערציילט וועגן דעם בַּאֲרִיכוּת? — האַלט איך נאָך
אַלץ אין איין גיין, און איך ווייס ניט פון קיין מָקוֹם־מְנוּחָה איך זאָל
קאָנען זאָגן: „אָט־אָ־דאָ, טֶבֿיֶה, בלײַבסטו זיצן“. טֶבֿיֶה פרעגט ניט קיין
קַשְׁיוֹת. מע האָט אים געזאָגט, ער זאָל גיין — גייט ער... אָט האָבן
מיר זיך הײַנט באַגעגנט מיט אײַך, פּאַניע שָלֹום־עֲלֵיכֶם, אָט־דאָ, אַף דער
באַן. מאָרגן קאָן עס אונדז פאַרטראָגן קיין יעהופּעץ. איבעראיאָר קאָן
עס אונדז פאַרשלײַדערן קיין אַדעס, קיין וואַרשע, אָדער גאָר קיין אַמע־
ריקע — סײַדן דער אייבערשטער זאָל זיך אַרומקוקן און זאָגן: „ווייסט
איר וואָס, קינדערלעך? איך וועל אײַך גאָר אַראָפּברענגען מָשִׁיחַן!“...
הַלְוַאי טוט ער אונדז דעם צו־לְהַכְעִיס, דער אַלטער רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם!
דערווײַל זײַט מיר געזונט, פאָרט געזונטערהייט און לאָזן גריסן אונ־
דזערע ייִדעלעך און זאָגט זיי דאָרטן, זיי זאָלן זיך ניט זאָרגן: אוּנ־
דזער אַלטער גאָט לעבט!...